800 זייטען. ⁝ ...די... ⁝ צוויי טהיילען.

# אידישע ביהנע.

— נרעסטע אידישע אויסגאַבע אין אַמעריקא. —

**ערשטער טהייל.**

א זאמלונג פון ארטיקלען און ערצעהלונגען פון די בעסטע אידי־שע שרייבער, רעדאקטירט פון חנן י. מיניקעס (איש ווילנא).

ערנסטע ארטיקלען פון טהעאטער־עקספערטען, דראמאטורגען און קריטיקער, איבער די פער־גאנגענהייט, געגענווארט און צוקונפט פון דעם אידישען טהעאטער. אללע טהעאטער קופלע־טען, ארבייטער־ און פאלקס־ליעדער פון די לעצטע צוואנציג יאהר; ערצעהלונגען און הומא־ריסטישע סקיצען וועגען אידישען טהעאטער אוו ביינע בעזוכער, שארפע וויטצען און שעהנע אנעקדאטען, צום בעלעהרען און אמוזירען; א בוך פיר אלע קלאססען פון פאלק.

**צווייטער טהייל.**

ענטהאלט אלע טהעאטער קופלעטען, ארבייטער או פאלקס־ליעדער און רעקלאמאציאנען צוזאמענגע־שטעלט פון יהודה קאצענעלענ־באגען.

**הערויסגעגעבען צום 20 יעהריגען יובילעאום פון אידישען טהעאטער**

---

**— שרייבער אונד פאעטען: —**

1) אברהם גאלדפאדען.
2) א. צונזער.
3) אלכסנדר הארקאווי.
4) א. מ. שארקאנסקי.
5) ב. פיינענבוים.
6) ב. גארין.
7) גארדין.
8) גיר"אל.
9) ד. מ. הערמאלין.
10) ד. אפאטהעקער
11) דר. סיגעל.
12) ת. פייסמאן.
13) ח. קייזער.
14) זקף גדול.
15) חנן יעקב מיניקעס.
16) טער.
17) יאהאן פאלייא.
18) י. קאצענעלענבאגען
19) יאזעף לאטיינער.
20) יצחק ריינגאלד.
21) כ. מ. באבאר.
22) ל. שיינקער.
23) מ. ווינטשעווסקי
24) מ ראזענפעלד
25) מ. וויספערט.
26) מאקס אווראמאוויץ.
27) נ. מ. שייקעוויטש.
28) סמפטיון.
29) ערעלשטאם.
30) פראפ. זעליקאוויץ
31) פיליפ קראנץ.
32) פראפ. הורוויץ
33) קל תומר.
34) ראבינאוויץ
35) שמ"ר.
36) תשר"ק

---

Published by

**THE HEBREW PUBLISHING COMPANY,**

*122—128 Leonard Street,*

**BROOKLYN, NEW YORK.**

## ערשטע אבטהיילונג.

---

ארטיסלען:

נעשיכטע,

קריטיק,

בעלעטריסטיק:

סקיצצען,

פאָעזיע.

## צווייטע אבטהייקונג.

---

פאָלקס ליעדער,

טהעאַטער ליעדער,

קאָנצערט ליעדער,

ארבייטער ליעדער,

דעקלאמאציאָנען.

## ביילאגע.

ביזנעס נאָטיצען,

וויטצען, אנעקדאָטען.

---

א קאַטאַלאָג פון דיא בעסטע אידישע ביכער.

---

אויספיהרליכעס קענט איהר זעהען פון אונזער אינהאלטס פערצייכניס

# אינהאלט־פערצייכניס.

# אינהאלטס פערצייכניס פון ליעדער.



## ליעדער פון חורבן ירושלים.



## ליעדער פון שלמה המלך.



## ליעדער פון קוני־לעמיל.



## ליעדער פון רבקה.

# אינהאלטס פערצייכנים פון ליעדער.

# אינהאלטס פערצייכנים פון ליעדער.

# אינהאלטס פערצייכניס פון ליעדער.

# אינהאלטס פערצייכנים פון ליעדער.

# דיא ליעדער פון שולמית.

## דיא עולי־רגל קיין ירושלים.

אָנגעלאָדען מיט אַלל־דעס גוט,
מיט דיא שטעקינס אין דער האַנד,
שפּאַנען מיר אין דער מינוט
צו אונזער הייליג לאַנד!
דער טראָגט פּראָדוקטען, און דער רינד,
צוא מקריב זיין פֿאַר זיינע זינד,
אויך דער מיטלער גראַד,
טראָגט גאָלד, זילבער אונ וייד,
אַ מתנה בריינגט יעדער זיין סחורה,
מיט פֿרייד אין האַרצין פֿילל,
מיט ליעבע, מיט טרייע, מיט מורא
זיך ציא בוקען פֿאַר גאָטט׳ס שטיהל. —
אָה וויא ביסטו, וויא ביסטו דוא הייליג ציון!
מיר ווינשען גיך, מיר בייגקען אַללע דיך צו זעהען שוין!
באַלד װעלען מיר הערען ליעדער
אין בית אלהים
פֿון אונזערע הייליגע ברידער
כהנים און לוים! —
קומט זשע גיכער אין איינעם זיך בענשען
אַהין, אַהין, יאָה, קיין ירושלים!
פֿרייליך, פֿרייליך איהר עהרליכע מענשען!
זינגט א שיר נאָר אַ נייעם!
יאָ קינדער גיכער! גיכער, קינדער גיכער!
גיכער, קינדער, גיכער אין וועג אַראַן! —
יברכך ד׳ וישמרך. ה׳ יצליח דרכך. ויביאך לציון בית עירך ש״י

## דיא פערבלאָנדזעטע אין מדבר:

1.

איך בעט דיך דוא גרויסער שטאַרקער גאָטט
וואָס דוא האָסט געהאָלפֿין דיין פֿאָלק אמאָהל,
ווען ער האָט אין דער וויסטע קיין טרינקען געהאַט:
האָסטו איהם וואַסער צוגישיקט אָן צאָהל;
לאָז זשע דיין נס, דאָ מיט מיר אויך געשעהן,

## THE PILGRIMS TO JERUSALEM.

Laden with many costly effects,
Each with a staff in his hand,
We are pursuing the tracts
To our Holy Land!
Some fetch produce, others neat (cattle)
For sacrifice, their sins to quit;
All ranks alike, middle or high,
Carry of their goods a rich supply —
Of gold, silver or silk — as a donation,
With hearts full of delight,
With great love and faith and devotion,
To bow before God's throne's sight! . . .
Where art thou, o where art thou, Zion's sacred ground!
We long to see thee, Holy Land, for thee we are bound!
Soon will sweet hymns sound to the ear
From God's dwelling place,
Cited by our clergy brethren dear
Of the priestly race!
Let us, then, speed for blessings together,
There, there, for sooth, — to Jerusalem's ground —
Lively, virtuous men, let us get there
And let new hymns resound!
Yea, children, make haste, make speed, lively, make speed,
Be quick, children, our road to begin we need!
May God watch thee from his abode
And let thee have a happy road,
And bring thee safely home to Zion!

## THE WANDERING IN THE WILDERNESS.

Hearken, o God of glory, I pray,
Who didst yorely stand by thy people in trouble;
When devoid of water in their wilderness' stay
Thou madest in the wild that liquid to bubble;
Stand me, then, also with a miracle by,
Let me quench my thirst and let me not die —
Wo! to die with thirst—what a painful, torturous death!

לאָז מיך, פֿאַר דאָרשט, דאָ, נים שטארבען, דערגעהן,
אַך,—עס איז דאָך זועהער, זועהער אַ ביטערע טויט;

2.

געוויינען אַמאָהל האָט דיא גרויסע שלאכט,
שמשון הגבור גאָהר אָן אַ שווערט;
ש'ואַך איז ער גיווען, מיד און פֿאַרשמאַכט —
האָטטו אהים אויך וואַסער גיך בּאַשערט;
לאָז ושע דיין נס א. ז. וו.

3

דאָס רחמנות האָט הגר נישט געקענט צוא זועהן,
וויא פֿון דאָרשט קוועהלט זיך איהר פּיצעלע קינד,
עס זאָל חאָטש פֿאַר איהרע אייגען נישט דערגעהן,
וואַרפֿט זיא עס אַוועק, און — דערזעהט אַ קוואַל געשווינד
לאָז ושע דיין נס א. ז. וו.

# ראָזינקעס מיט מאנדלען:

1.

אין דעם בית המקדש אין אַ ווינקעל חדר,
זיטצט דיא אַלמנה בת ציון אַליין,
איהר בּן יחידיל, "יודעלען וויגט זיא כסדר,
און זינגט איהם צום שלאָפֿין אַ ליעדעלע שיין: אַלדאַ!
„אונטער יודעלעס וויגעלע
„שטעהט אַ קלאָר-ווייס ציגעלע,
„דאָס ציגעלע איז געפֿאָהרען האַנדלען,
„ — דאָס וועט זיין דיין בּערוף;—
„ראָזשענקעס מיט מאַנדלען,
„שלאָף ושע, יודעלע, שלאָף! —

2.

אין דעם ליעדעל מיין קינד, ליגט פֿיל נביאות:
אַז דוא וועסט אַמאָהל זיין צוא זעהט איף דער וועלט,
איין סוחר וועכטו זיין פֿון אַללע תבואות,
און וועכט אין דעם אויך פֿאַרדיענען פֿיעל געלר — אַללאַ!
און אַז דוא וועסט ווערין רייך יודעלע
זאָלסט זיך דערמאָנען אין דעם ליעדעלע:
„ראָזשענקעס מיט מאַנדלען!
„— דאָס וועט זיין דיין בּערוף!
„יודעלע וועט אַלץ האַנדלען!
„שלאָף ושע יודעלע שלאָף!

Samson our hero of renowned fame,
Returning once victor from the foe,
Parched with thirst; he called thy name,
And an ass's chin with water did flow.
Stand me, then, also etc.

Once in the barren desert was fainting away
With homeless Hagar her hapless little child;
Not to see its affliction she threw it away
And soon after she beheld a well in the wild.
Stand me, then, also etc.

## RAISINS AND ALMONDS.

In one of the temple's retired places
Is sitting Bath-Zion in mourning state;
Her only son Judah there she embraces,
Singing a lullaby foretelling his fate.
Under your cradle, o Judah dear,
Stands a kidling right here —
The kidling has been dealing —
That is your trade to be —
In raisins and almonds, darling, —
Sleep, my dear Jehudee!

In this song, my child, there are predictions,
That you will be driven from the place of your birth,
And that you will be in the midst of afflictions
A skilful businessman over the earth.

And when you'll become rich, Juda dear,
Remember the song I sing here —
Raisins and almonds, sonny —
That is your trade to be:
Trading and making money...
Sleep, my dear Jehudee!

3

עס וועט [illegible] א צייט פון ווערטה פאפירען!
קאנטארען וועלען זיין אין דער גאנצער וועלט
דער גרעסטער וועסטו זיין פון דיא באנקירען
און וועסט אין דעם אויף פערדינען פיעל געלד — אללא!
און אז דוא וועסט ווערין רייך א. ז. וו.

4

עס וועט קומען א צייט פון אייזענבאהנען!
זייא וועלין פארפלייצען א האלבע וועלט;
אייזערנע וועגען וועסטו אויסשפאנען
און וועסט אין דעם אויך פערדיענען פיעל געלט
און אז דוא וועסט ווערין רייך א. ז. וו.

אבשלום. הא, וואס הער איך?
א קול פון א רוח! —

שולמית. ווער איז דארט? איך וועל אייך בענשען!
ראטעוועט ארויס א מענשען!
האט רחמנות און נעהמט מיך ארויס! — (בים)

אבשלום. ווער ווייס וואס דארט ליעגט פאר א לץ!
רופט מיך צו פערנארען און זיין נעץ! —

שולמית. ניין האלט מיך ניט פאר קיין לץ — איך בין א מענש
גלייב זשע מיר!
נעבוירען פון פלייש און בלוט בין איך אזוי גלייך מיט דיר!

אבשלום. נא גיב מיר א סימן, און רוף מיר אן דעם נאמען „נאטט!"
שולמית. אט האסטו א סימן איך רוף דיר אן דעם נאמען „נאטט!"
אבשלום. — שווער מיר!
שולמית. איך שווער דיר בייא גאטט.
אבשלום. שווער מיר! —
שולמית. איך שווער דיר בייא גאטט, בייא גאטט!

אבשלום אך, ס'איז א מענש? — נאך א מעדכען דערצו!
יונג וויא א פריהלינג — וויא א שטערן שיינט זיא!
אוודאי איז איין עבירה אזוינס לאזען אומקומען
שרעק דיך ניט, קרענק דיך ניט, ביסט שוין ניט [illegible]
יעצט טהוט מיר שוין הנאה מיט מיך אהערקומען
איך זאל דיר יעצט קענען שטעהן אין דער ט״ט

There will be a time of exchanging money
Of banking and stocks and of business on shares:
The greatest of bankers you will be, o sunny,
And you will make money by all those affairs.
And when you'll become rich, Juda dear etc.

There will be a time of steam-boats and rail-tracks,
With which will be covered wide water and land;
Then you will again enrich your gold sacks
By your enterprising and powerful hand.
And when you'll become rich, Juda dear etc.

**Ab.** O I hear it!
It is a spirit!
**Sh.** Who is there? Mayst thou be blessed!
Save a human being distressed!
Have pity on me and get me out!
**Ab.** Who knows the ghost dwelling in the well,
Wishing to entice me by his yell!
**Sh.** No, I am not a ghost, I am not a ghost, believe me!
I am a human being in like manner with thee!
**Ab.** Give me then a token—utter the holy name of God
**Sh.** I give thee this token—I utter the holy word God.
**Ab.** Do swear!
**Sh.** I do swear by God!
**Ab.** Do swear!
**Sh.** I do swear by God, by God!
**Ab.** A human being and a maid beside!
O what a beauty — she is her sex's pride!
Truly, it's a pity to allow such an angel to die!
Be not afraid, nor grieved, I come to save;
My heart is full of joy I drew this fountain nigh—
To rescue your life from the mouth of grave!

# ד ו ע ט.

### שולמית.

איך דאנק דיר גאָטט נאָר אָהן
א צאָהל,
וואָס דוא האָסט דיין נס מיר
בעוויעזען צווייא מאהל:
דאס ערשטע מאהל פון דעם
דארשט שיער דערשטיקט
האסטו מיר דעם קוואל וואסער
צונעשיקט;
נאָר באלד האט ער מיך־געוואָלט
איינשלינגען וויא א לייב —
איין קוק פון דיר — — איך לעב!

### אבשלום.

— — — — — — —
— — — — — — —
אך, גאָט, וואס זעה איך? —
וואס פאר א בריליאַנט?
זיא בלענדעט מיך גאָר, וויא א
דיאמאַנט? —
וואס פאר א צויבער אומשוועבט
מיך אצינד!
אין דער ווילדער וויסטע — א[illegible]
רייצענד קינד. —

**שולמית.** יא וויא נעהמט מען דיא עדות,
זאלכען שטעהן בייא ריידעס.
אונזער שבועה הערין.
דיא זאל נים געבראכען ווערין?

## דיא ווילדע קאטץ און דער ברונען.

אָה דער ברונען, אָה דיא אָה!
אה דיא קאטצע אָה דיא, אָה!
זאָלען זיין, וויא איך שווער:
עדות צו אונזער שבועה:
אז ווער נאָר פון אונז וועט ב[illegible]בן דאס וואָרט.
זייא אליין זאָלען ד[illegible]ט
פערל[illegible]ען אויף דעם אָרט,
ראכע, ראכע, אין איינעם פאָרט!

## יום כפור אין ירושלים.

(דיא גמרא אין תענית כ״א זאגט: אז יודען האבען נים געהאט קיין גרע־
סערען יו״ט וויא יום כפור און חמשה עשר באב, וואס דאן פלעגען דיא
מיידלאך טאנצען אין דיא גערטנער און דיא בתולים פלעגען
אויסקלייבען פון זיא כלות)

לויף צו מיר דוא פיינער זכר!
האב מיר אויס דוא פיינער בחור!

**Sh.**

With thanks to Thee my heart does flow,
O God, who thy wonders twice to me didst show:
Once, when with thirst I was fainting away —
A fountain before my eyes Thou didst lay;
Then, when I was diving in the dangerous deep —
Soon Thy succour did peep!

**Ab.**

— — — — — — —
— — — — — — —
Ah, Gracious, what bright maiden is she, —
Like a diamond she is dazzling me! —
O what a spell hovers over my face, —
In the wild to discover such a grace!

**Sh.** But there is no one present,
At this moment pleasant,
To see our oath-taking,
That we never be it breaking.

**Ab.** O the strange fountain there
And the wild cat on that hill —
They shall see as we swear —
The place of witnesses fill!
If either of us break the swear
They themselves shall even there
Against us witness bear,
Vengeance, vengeance they shall declare!



קוק ושע, קוק אַהער......
ווייכטו ווער איך בין, ווער?
דיא רייככטע אין דער גאַנצער שטאָט! —
מיין טאַטע גיט דיר שאָף אונ רינדער,
אונ וויינגערטנער גאָר אַ ווינדער,
אונ רענדלאַך אַ סך,
ווערין וועסטו רייך,
דער רייכסטער אין דער גאַנצער שטאָט
נאָ זאָג ושע „יאָה“! — נאָ זאָג ושע — יאָה, — יאָה!......

## ציניטאנג.

יאָה, האָב, חתן, זיך, באַטאַפּט,
יאָה, האָב, רוחות, מיך, געחאַפּט,
האָב, שוין, אַללע, איך, אַ מעלה.
נישט קוק חתן, נישט קוק כלה
כלה, איך בין אַליין,
נישט קוק, נישט שאָף, נישט רינדער,
שאָף איך בין אַליין!
ניט שיין, ניט מיר, ניט ווינדער,
שיין בין איך אַליין —
אָט, אָט אָה באשערט — אַ שיין, אַ קלוג — ריין ממילא
פּוּא מיר אַיאָהר — זינגט ושע — איילע אַמאָליילאָ! —

## שבת, יום טוב און ראש חדש.

1.

שבת, יום טוב, און ראש חדש,
דאיוין איך מיר פֿאַר זיך;
איך האָב מיר אַליין מיין ארון קודש
עס בעט ניט קיינער אין איהם — נאָר איך! —

2.

מיין שווער הארץ, איז דאָרט דער עמוד
עס זעהט איהם קיינער ניט אַרויס
דיא ליעבע איז דאָרטין מיין נר תמיד......
עס ברענט! — און לעשט קיין מאָהל ניט אויס! —

3

דער חזן בין איך — אַלץ איך אַליין,
דיא צרות — העלפֿין מיר וויא זינגער'ס מיט
טרויריגס, זינגען מיר אויס גאַנץ שיין,
פֿרייליכ'ס? עפּעס געהט בייא אונז ניט!....

4

דיא האָפֿנונג הערט מען דאָרט פֿירזאָגען!
מען הערט צא אָרויס, אויך ווען זיא שווייגט! ...
באַלד הערט מען זיא דאָרט וויינען, קלאָגען,
אונ דיא טרערען קלאַפּען צו, צום טאַקט! —

5

מיין תחינה איז גימאַכט נאָר פֿאַר יקבות
וואס ס'האָט זייא געטראָפֿען דאָס וואָס מיך!
זייא קענען אַללע ראשי־תיבות,
דאָרט לייענען שנעל אַזוי ווי איך!

6

געגוג געדראַווענט, געגוג גיקלאָגט,
געגוג גיוויינט, עס איז צוא פֿיעל!
איך האָב קדיש אויך שוין אָפגיזאָגט....
אהיים! — פֿערשלאָססין איז שוין דיא שול! —

## דיא דרייא חתנים:

1

איך הייס יואב גרעוני!
איך הייס יואב גרעוני!
דער נאָממען מיינער איז דאָך פֿיין,
פֿון יודישע העלדין דער שטארקסטער מאַן! —
איך האָב דיא אַראַבּער געשלאָגין,
פֿיעל רויבע אַוועק גיטראָגין,
באַלדעער געפֿאַנגען האָב איך געחאַפּט,
אויך דיא ראָממער גוט גוט דורכגעקלאַפּט,
און נאָך שלאַכטין איינגענאָהמען, אַסאַך, אַסאַך, אַסאַך!
מיינע אַללע לאָרבּערקראָנצע, לייג איך דאָ פֿאַר איך!
אַ טעכטעריל האָט איהר, שיין אָהן אַ שיעור,
מיין ליעבע איז צו איהר גרויס;
קען זיא ניט זיין יעצט אַ כלה פֿאַר מיר,
ניין, ניין, האַלט איך ניט אויס — !

2.

איך הייס אבינדב!
איך הייס אַבינדב!
דער נאָממען מיינער איז דאָך פֿיין,
פֿון יודישע גבירים דער רייכסטער מאַן! —
איך האָב פֿעטע וועלדער,

און פיעל געריכטע וועלדער,
און שיינע הייזער גאָהר אָהן צאָהל,
און וויינגערטנער אויף בערג און טהאָל.
און פּעסעלעך מיט גאָלד און זילבער, אַסאַך, אַסאַך אַסאַך,
מיין גאַנץ פּערמעגין און עשירות לייג איך דאָ פאַר אייך!
אַ טעכטעריל האָט איהר שיין אָהן אַ שיעור,
מיין ליעבע איז צוא איהר גרויס;
קען זיא ניט זיין יעצט אַ כלה פאַר מיר,
ניין, ניין, האַלט איך׳ס ניט אויס! —

3

איך הייס נתן הכהן! איך הייס נתן הכהן!
דער נאָמען מיינער איז דאָך פיין,
פון יודישע פּריסטער דער פרומסטער מאַנן! —
איך האָב מעהר פון גבורים:
צוא מיר גיהערין אַללע בכורים.
און מעשר פון אַללעס וואָס ס׳קוממט אויף?
און אַללע קרבנות ווער עסט זייא דען אויף?
און אויך פון אָקסין, עופות, לאָממער, פלייש אַסאַך אַסאַך!
מיינע אַללע פעטע קרבנות לייג איך דאָ פאַר אייך! —
אַ טעכטעריל האָט איהר, שיין אָהן אַ שיעור,
מיין ליעבע איז צוא איהר גרויס;
קען זיא ניט זיין יעצט אַ כלה פאר מיר,
ניין, ניין, האַלט איך׳ס ניט אויס! —

## דיא פאסטוכער:

דער וואָלף דער יונגער שלאָפט ניט,
פאַר גרויס הונגער שלאָפט ניט,
אויף אַ ציגעלע אַ גרויס וואָס שלאָפט ניט,
קוקט ער אַרויס און שלאָפט ניט,
ציגעלע פאַר וואָס שלאָפסט ניט?
אַארט דיך דאָס און שלאָפסט ניט?
אַ סימן האָסטו דאָך שלאָף ניט!
אַז דיין פאַסטוך שלאָפט ניט! —.

2.

דער בייזער טיגער שלאָפט ניט,
טהוט נאָך קליגער און שלאָפט ניט,
ער ברומט ניט ווען ער שלאָפט ניט.
חאַפּען קען ער ווייל ער שלאָפט ניט.

ראָס שעפּעלע שרעקט זיך און שלאָפט נים
מיט מוֹרא וועקט מיך „שלאָף נים"
פאַר וואָס באַרוהט דוא שלאָפסט ניט ?
איך היט גוט און שלאָף נים ! —

3

און יענע חיה שלאָפט נים....
איז זיך מחיה און שלאָפט נים
גלאַנצט דאָס אייגעל שלאָפט ניט
שאַרפט דיא נאָגיל שלאָפט ניט !....
נישט קשה, לייבען ! שלאָפט ניט
איך וועל אייך געבין „אַ שראָפּט ניט",
גערייניקט נאָר נים ! און שלאָף ניט !
אז דער פאַסטוך היט און שלאָפט נים ! —

## דער פייעריל :

פלאַקער, פייעריל, פלאַקער !
קנאַק אונז פריילין צוא,
לייכט אונז צוא ביז אין דער פריה ;
דער בויער רוהט ביים אַקער,
דער פאַסטוך — בייא זיינע פיה,
יערען איז ליעב זיין מיה — .

1.

ליגט זשע צוא האָלץ ! —
מיר מעגין זיין שטאָלץ,
פרייהליך טאַנצען אין קאָהן ;
ווייל פאַסטוכער אַליין,
וענגען דאָך גיוועזן
אונזערע אבוֹת פון אייביג אָן ! —
פלאַקער פייעריל א. ז. וו.

2

ראָס פעלד איז אונז ליעב,
דיא לופט אין דער שטוב
חלעבין איז אומגעזונר ;
דאָס דערציילט אייך אַלדינג,
זייער אייגענע לונג,
אז זיא באקומט נעביך דיא קראנקע וואונר !...
פלאַקער פייעריל א. ז. וו.

8.

דיא גרויסע שטאָדט,
שאָט אַסאַך, שאָט!
דער חשק, דיא דאגה, דער וויין!
דער טריקנט דעם כח....
דיא דאַרט דער מוח....
דער טרייבט יונג אין דער ערד אַריין!
פֿלאַקער פֿייעריל א. ז. וו.

## מנוח'ס געבעט:

גאָטט זעה אַליין! — וועהמען דוא ווילסט דאָ גאָר געווינען?
גאָטט זעה אַליין! — וועהמען צוא מוטשען דוא האָסט געפֿונען?
וואָס איז דער מענש? — אַביסעל שוים!
וואָס בלאָזט אַוועק דער קלענסטער ווינד....
וואס איז זיין לעבין? — אַ קורצער טרוים,
וואָס ווערט פֿערפֿלויגען, גיך און געשווינד! —
גאָטט זעה אליין! ווען איך האָב געזינדיגט פֿאַר דיר,
גאָטט זעה אליין! — וויא איך בעט דיך זייא מיר מוחל — זייא מיר!
נעהם אַראָפּ פֿון מיר דיין שווערע האַנד,
זינדיגען וועל איך שוין ניט מעהר!....
אויסהאַלטען בין איך אימשטאַנד!
אוי! — דיין שטראָף איז דאָך זעהער שווער! —

## דאס גיזאנג אין בית המקדש:

גיט אַ שבח!
זינגט אַללע גלייך!
זינגט נאָר אַללע ווער נאָר כח האָט
זינגט אַללע גלייך,
מיר האָבען אַ גרויסען גאָטט.
פֿריילעך, אַללע יודעלעך אין איינעם,
גאָטט האָט אונז מוחל געווען אונזערע זינד.
עטפֿאַנגען וועלען מיר דעם יום טוב דעם שיינעם,
זינגט, טאַנצט, שפּיעלט, פֿרייט איך אַצינד,
אויסגעוויינט האט יעדער זיינע שמערצען,
גוט, גוט, גוט, פֿון דעם גאַנצען הערצען;
אונזער בקשה האָט גאָט געהערט שוין לאַנג,
לאָמיר איהם אַללע דאַנקען מיט געזאַנג:
אַללע דאַנקען,
מיט ריינע געדאַנקען

געבענטשט זאל זיין, זיין נאמען, יאה, יאה,
כל הנשמה תהלל יה, הללויה! —

# דיא ליעדער פאן בר כוכבא.

## ר׳ אליעזר המודעי׳ס קינות:

(א קורצע צייט נאך דעם חורבן בית שני, ווען דער וואונד איז נאך בייא אונזערע עלטערין געוועזין פריש, זייא האבען נאך שטארק געפיהלט דיא שמערצין, זייא האבען נאך געדענקט זייער פאליטישען גלאנץ און זייער זעלבשטענדיגקייט; האבען דאן די מעהרסטענטהייל פון דאס פאלק געוואלט מאכען ארעוואלוציאן, נאר דער קלוגער ר׳ אליעזר איז געוועזען אגעגנער דער פון, ווייל ער האט גוט געוואוסט אז געגען די שטארקע רוימער וועלען אזא שוואכע פאלק — וויא מיר זיינען דאמאלסט געוועזען — ניט אויספיהרען).

וויינט און קלאגט אצינדער,
אללע ציון׳ס קינדער!
געבראכען איז אונזער הערץ,
גרויס איז אונזער שמערץ.
אויף אונזער הייליג ירושלים, וואס איז תל געווארען.
אויף אונזער גלאנץ און אונזער כבוד וואס איז פערלארען —
פון זיין הערץ האט גאט אוועק גענומען זיין האנד,
און אויף אונז א:געשיקט דעם בייזען פיינד;
דאס בית המקדש חרב געמאכט,
און דיא כהנים אומגעבראכט!
ער האט געראבט, געברענט, געבראכען,
אוצרות, הייזער, ביז אין גרונד,
און אהן רחמנות האט ער געשטאכען;
אונזער ווייב און קינד!
אוי! אזוי זאגט גאטט אצינד:
איך קען דיך ניט מעהר
ביזט ניט מעהר מיין קינד
איבער דיינע זינד, איבער דיינע זינד!
אוי! ציון׳ס ליכט צאנגט אצינד;
לעשט איביג אויס —
שיינען וועט דיר ניט מעהר מיין קינד,
איבער דיינע זינד! איבער דיינע זינד!
טאקע דאריבער
בעטען מיר דיך איבער;

דיין כעס זאלסטו שוין שטילען,
מיר בעטען דיך פערצייהען,
וויל מיר בערייען,
אלסדינג וואס מיר האבען געטהון נישט נאך דיין ווילע,
— — — — — — נישט נאך דיין ווילען.
זעה וואס פון אונז איז א צונד געווארען,
נעהם צוא שוין גאטט שטארקער פון אונז דיין צארען;
הער אונז צוא גאטט, הער!
שטראף אונז שוין ניט מעהר! —

## קלאג פון ציון'ס טעכטער:

1.

וויינט זשע אללע ציון'ס טעכטער,
קלאגט זשע קינדער אלע בייגאנד,
אויף דער נויטה, דער צייט דער שלעכטער,
וואס האט געטראפען אונזער לאנד.
אראפ געפאללען איז אונזער שטערין
אין דער ערד פארשמירט;
צוא בראכען דיא קרוין פון אונזער שטערין
וואס האט אונז אזוי געציערט.
גאטט זעה אינזערע טרערען,
אונזער נויט און פיין;
וויינען וועלען מיר ניט אויפהערען
ביז דיין הילף וועט זיין.

2.

רייך וויא א מלכה מיט בריליאנטען
איז דיא הייליגע שטאדט געוועזן;
ביי דיא שררות פון אלע זייטען
האט זיא כבוד געהאט. זעהר פיעל חן.
אזוי וויא דיא שטערין ארום דער לבנה
האבען מיר זיך געשפיגעלט אין איהר;
אוי! היינט הייסט זיא דיא אלמנה
אין איהרע יתומים זיינען מיר.
גאט זעה אונזערע טרערין......א. ז. וו.

3.

אזוי זיצט דיא אלמנה ירושלים
אויף דער ערד צווישען מיסט,
און איהר איינציגע קינד אפרים,

טוללעט זיא צוא איהרע בריסט......

„פערטריבען האסטו — וויינט זיא — גאטט ליבער

„מיין יודעלען און ישראל;

„אוי! לאז מיר חאטש דעם קדיש איבער

„ער זאל מיך געדיינקען חאטש א מאל!״

גאט זעה אונזערע טרערען...... א. ז. וו.

## דיא נקמה:

אלסדינג איז בייא מיר פערשטעלט

מיט דער שווארצער מאסקע — דער פאר

הייס איך בייא דער וועלט;

א קבצן און א נארר;

חא! חא! איך לאך מיך אויס!

וואס דארף מיך יענער וויסען אז איך בין א גביר

איך מאך מיר פאר אנארר מען זאל זיך ניט היטען פאר מיר

וואו מען דארף האב איך אויך כח,

וואו מען דארף בין איך פרום אויך,

אין חניפה בין איך ערשט גאר גרויס.

איך נאר אויס סודות בייא דיא קלוגע,

איך מאך זייא אלע דולל, משוגע,

און טהוא דער נאך אשפיצעל אפּ אז ס׳טהוט זיי אלע וועה

און קוועל און לאך פון זייא —

אוי דיא נקמה

איז מיין נשמה

מיין לעבען מיין נחמה!

און אז מיך האט מיט א מום

באשאפען דיא נאטור,

און אז איך בין בלינד און קרום,

צוא וואס טויג איך חלעבען גאר?

חא! חא! איך לאך מיך אויס!

אבער וואס דאס איין און איינציגער אייגעלע זעהט?

אבער וואו אהין דאס איין איינציגער פיסעלע געהט?

מיין שפרונג איז לופטיג,

מיין קוק איז גיפטיג,

קיינער ווייסט ניט בייא מיר אזוי גרויס;

איך שפרינג אויס אויף אלע דעכער,

קוקט מיר אויס שטיל אלע לעכער,

און טהו דער נאך א שפּיצעל אפּ, אז ס׳טהוט זיי אלע וועה

זה קוועל און לאָך מיך אויס,
אוי דיא נחמה
איז מיין נשמה
מיין לעבען מיין נחמה.

## דאָס מיהלכען.

זאָ לאַנג דיא זאַנג איז יונגער,
און דער קאָרן — מאָגער, גרינגער,
זאָ לאַנג דיא זאַנג איז יונגער,
קוקט מען זיך ניט צו! —
אין פעלד קען זיא פערבלייבען,
דאָס ראָד קען נ̇א ניט צו רייבען
אין פעלד קען זיא פערבלייבען!
לאָזט מען גאר איהם צו רוה.
ווערט נאָר דער קאָרן דיקער,
טהוט זיך דאָס ראָד א קעהר!
ער ווערט צוריבען אויף שטיקער,
מען דערקענט איהם שוין ניט מעהר!
שלאָף ניט דוא ארבייטער, האלט פעסט דאָס שטיהלכען!
פלייסיג צו ארבייטען איז דאָך א שפּיעלכען;
דרעה זיך גוט, דרעה זיך גוט, רעדעלע מיהלכען!
צו רייב גוט דעם קאָרן — צו טהייל! —
נישטאָ שוין קיין זאַנגען — צוריבען איז דער קאָרן,
דיא ערשטע געשטאַלט האט ער שוין לאנג פערלאָרען,
אונטער דער ראָד איז ער צוריבען געוואָרען,
ער איז שוין גאר ווייס — און הייסט מעהל! —

2.

זאָ לאַנג דער מענש איז מאָגער,
לעבט סאָליד, איז ניט קיין יאָגער,
זאָ לאַנג דער מענש איז מאָגער,
לעבט ער זיך סייא וויא!
דיא נויטה קען איהם גאר ניט לייגען,
ווייל ער איז וויך און לאָזט זיך ביינגען;
דיא נויטה קען איהם גאר ניט לייגען,
לאָזט זיא איהם גאר צו רוה!
קוים ווערט ער איבער גליקליך ...
טהוט איהם דאָס ראָד א קעהר!

יא צוא ברעכט איהם נאָר אויף שטיקלעך
מען דערקענט איהם שוין ניט מעהר !....
שלאָף ניט דוא ארבייטער......א. ז. וו.

3.

ווָאָ לאַנג דער יוד האָט ניט געפלאַקערט,
שאָף געפאסעט, ערד געאַקערט,
וואָ לאַנג דער יוד האָט ניט געפלאַקערט,
האָט מען איהם געלאָזט צוא רוה ;
שטיל געלעבט ניט הויך געפלויגען,
ניט אויפגעריסען יענעם דיא אויגען !......
שטיל געלעבט ניט הויך געפלויגען,
האָט מען ניט געזאָגט דער צוא.
אז ער איז געוואָרען איבער גליקליך,
האָט זיך דיא ראָד געטהון א קעהר,
צוא ריבען איז ער אויף שטיקליך !....
מען דערקענט איהם שוין ניט מעהר.
שלאָף ניט דוא אַרבייטער.... א. ז. וו.

## דיא לענטיקע :

קוקט, דיא לענטייקע
וויל רוהען דייקא
אַבי ניט צו ארבייטען, וואָס מען האָט באפוילען ;
זיא האָט פערגעסען,
זיא מיינט זיא איז אַ פרינצעסען !
מיר וועלען איהר ווייזען וואָס הייסט זיך פוילען ;
קומט אַלע שוועסטערליך גיך חאפט זיא, יאָגט זיא
דער טאפט זיא, שלאָגט זיא,
נאַ ! נא ! נאַ !
אוי ! שלאָגט מיך ניט, וועה ! פלאָגט מיך ניט ;
ארבייט איך ניט פלייסיג פון נאכט ביז פריה ?
נייט מיך ניט, טיידעט מיך ניט !
אוי ארבייטען וועל איך, נאָר לאָזט מיך צוא רוה ! –
קוקט דיא לענטייקע....א. ז. וו.
אוי ! שלאָגט מיך ניט, וועה ! פלאָגט מיך ניט,
האָט איהר אויך דען ניט אין זיך אַ מענשליך הערץ
צאפט מיר ניט אָפ מיין בלוט.
אוי ! אַמעהר דער הרגעט מיך נאָר גיך און קערץ ! –
קוקט דיא לענטייקע....א. ז. וו.

## בירך אפקיר רוחי:

דוא ויסער מלאך פון'ם שלאָף,
וויעג מיך מיט דיין ליעדעלע איין!
פערגעסען זאָל איך אין דער שטראָף,
פערגעסען — אין מיין נויט און פיין!
מיט דיינע פליעגעליך טרייב אַוועק
מיינע צרות און שרעק —
אדני לי!
מיט מיר ביסטו,
שענק מיר דיין רוה!
מיין נשמה נעהם צוא
ביז אין דער פריה!
נאָר דיר טרויע איך זיא. —
דוא גרויסער וועכטער דאָרט אין הימעל!
דיין טרייא אויג איז דאָך שטענדיג וואַך,
ווען איך שלאָף, און ווען איך דרימעל;
היט מיך מיט דיינע קינדער גלייך!
מיין נשמה איז דאָך פון דיר
איבער נאכט נעהם זיא בייא מיר!......
אדני לי!.... א. ז. וו,

## דער פאסטוכעל:

1.

א פאַסטוכעל איז געוועהן אַ מאָהל
אין דעם לאַנד כנען! —
מיט שאָף און רינדער גאָר אָהן צאָהל
פלעגט זיין האנדיל זיין! —
און אַז ער איז רייך געוואָרען,
האָט ער געהאַנדעלט קאָרען,
און האָט זיין געלד פערלאָרען,
ס'איז איהם געגאַנגען שלעכט!
אַבי ניט ברויט צו בעטען,
פלעגט ער ציגעל קנעטען,
געמויערט הייזער און קלייטען,
געארבייטעט פאַר אַ קנעכט! —
יאָה, אזי ס'איז שעהן,
יאָה, מלא חן,
דער צעהל און הער ניט אויף —

אוי ס'איז זיס!
יאה, גאהר ניט מיאוס,
דער צעהל אונז ביז אין סוף; —

2.

ר' משה גערט דורך אומגערעכט
און האט איהם באלד דערקענט!
„יענקעלע", דאס ביסטו? א ק. עכט!
ברעכט ער מיט די הענד!
האבען אזא טאטען
דער רייכסטער פון מאגנאטען
און זיין אזוי פון ווייטען,
זאלסט גאר קנעטען ליים! —
דיין טאטענס לענדער פליעסען,
פון מילך—האניג זיסען,
און דוא זאלסט ניט געניסען?
אה קום צוא איהם א היים! —
יאה, אוי ס'איז שעהן.... א. ז. ו.

3.

א סימן אז דיא מענסט גלויבען מיר:
דיא 10 ווערטער לייען!
וואס דיין טאטע שרייבט צוא דיר
מיט זיין האנד אליין!......
דיא ווערטער זאלסטו גלויבען,
און אין הארצין זיא פאר קלייבען,
אין דער גרויסער וועלט! —
און מיט א פייערדיקען וואגען,
איבער וויסטע ימים געיאגען,
האט ער איהר געבראכט צוא טראגען
אין זיין טאטענס געצעלט! —
יאה, אוי ס'איז שעהן......א. ז. וו.

4.

אז א פאסטוכעל א יאלד
הייבט אן צו געהן ניט שלעכט,
האט ער זיך פערגעסען באלד
אז ער איז געוועזען א קנעכט;
כהנים קוילען לעמער,

ווין גיסט מען מיט עמער,
און לוים מיט כלי זמר
טאַנצען אַרום איהם,
רייך איז מען — אַ מלך!
לעבען לעבט מען — פרעהליך!
האָט ער פערגעסין פאַמעהליך
זיין טאַטען אלקים! —
יאָה, אוי ס'איז שעהן....א. ז. וו.

5

אַ דאָ האָט זיך זיין טאַטע שטאַרק צו היטצט,
פון כעס צוא האָקט דיא ווענד! —
איהם פון זיין שטאָט אַרויס געשמיצט,
און זיין הויז פערברענט! —
איהם אַרויס געטריבען,
פרעמדע זענען פערבליבען,
און האָט זייא פאָר געשריבען,
איהם פערפאָלגען גאָר אָן צאָהל! —
דער פאַר זעהט מען איהם היינט יאָגען,
צוא זיין טאַטען וויינען און קלאָגען,
ער זאָל איהם שוין מעהר ניט שלאָגען,
איהם שענקען נאָך היינטיגסט מאָהל! —
יאָה, אוי ס'איז שעהן...... א. ז. וו.

# דיא ריינע ליעבע:

1

פון דער תפיסה דאָ, אויס דיא פינסטערע ווענד,
שיק איך, בר כוכבא, מיין ברכה דיר צוא! —
מיער זאָללען ניט זיין דיינע טאַפפערע הענד,
ביז דוא וועכסט ניט זיעגען, גיב דיר קיין רוה! —
איך הער שוין וויא.. ... יאָה וויא דיין חיל זיעגט! —
איך זעה שוין וויא...... יאָה וויא דער שונא ליגט! —
ווער איז ער ווער? — יאָה דיא רוימער
שטילער, שטילער..............................
גאָטאָניאָ! גאָטאָניאָ! בעוויין דיין נס!

2

עס קען מעגליך זיין אַז ס'וועט דאָ זיין מיין סוף,
אַ דאָס צימער דאָ, וועט מיין קובר אויך זיין....
דאָך מיינע זעעל, וועט פליהען אַרויף

עס עס הויך גלייך אין הימעל אַריין !....
און הערין פֿון דאָרט, יאָה וויא דיין חיל זיעגט ! —
און זעהען פֿון דאָרט, יאָה וויא דער שונא ליגט ! —

ווער איז ער, ווער ? — יאָה דיא רויטער
שטילער, שטילער.......................
גאָטאָניאָ ! גאָטאָניאָ ! בעוויין דיין נס !

דיא ליעדער

# פאן דיא כשופמאכערין,

## וויוואַט:

1.

צוא דיין געבורטסטאַג, צוא דיין יו״ט היינט
האָבען זיך פֿערזאַממעלט דיינע גוטע פֿריינד
יעדער ווינשט דיר צוא געטרייע רייד
פֿיעל נחת, און פֿיעל פֿרייד,
וויוואַט ! וויוואַט ! דוא ליעבעס קינד,
וויוואַט ! מיר ווינשען דיר געזונד.

2.

געבראַכט האָט יעדער אין זיינע הענד,
צוא דיין געבורטסטאג דיר אַ פּרעזענט
פֿונ׳ם גאַנצ׳ן האַרצען, נעהמ׳ס, נעהמ׳ס דיר
אַזוי ווינשען אַללע דיר.
וויוואַט ! וויוואַט !... א. ז. וו.

3

וואָס טויג מיר דיא שמחה מיך נעהמט זיא מיט,
אַז איך דערמאָן מיך אין דער מינוט
וועה איז מיר און ביטטער
אַז אין דער ליסטיגער שעה,
איז מיין געטריע מוטטער
אויף מיין שמחה ניטאָ.

4

לאָזין זייא געהען
דיא טרויעריגע אידעען,
יעצט דאַרף מען זיך פֿרייען
מיר בעטין, מיר !
דיין טאַטע חלעבין,
מענסט אונז אויך גלייבין,

ווערט נאך דער לעבין
פיעל נחת אין דיר.—

5.

איין אין איינציגער קינד בין איך געוועזן ביי איהר
איהר גאנץ לעבין איז נאר גיהאנגעז אין מיר
וויא זאלל מיר ניט זיין ביטטער
אז אין דער לוסטיגער שעה,
איז מיין געטרייע מוטטער
אויף מיין שמחה ניטא.—
לאזען זייא געהן......א. ז. וו.

6.

איין טהייערען וואונש האט זיא שטענדיג געהאט:
„דיין חופה צוא דערלעבען, וויא העלפט מיר שוין גאטט"
וויא זאלל מיר ניט זיין ביטער......א. ז. וו.
לאזען זייא געהן......א. ז. וו.

## דיא פאלשע וועלט:

1.

דיא מענשען זענען היינט פאלש און פערשטעלט
אין דער מיינונג איז א יעדער פערשידען:
מיט'ן מויל רעדט מען גוט גאר איינס אין דער וועלט.
און אין הארצין איז מען אונ-צוא-פרידען:
אייער פריינד ווערט דוקא ניט זיין אזוי פייל
ביי זיך אין שטוב איך שוין אויף צו נעמען,
פריינדליך ווערט ער ריידען צו-נ-איך מיט'ן מויל
און זיך טראכטען „דער רוח זאל איך נעהמען".

2.

צוא זיינעם א בעל חוב קומט איינער אריין
און פאדערט זיין וועקסעל קוויטירען,
דער בעל חוב נעהמט איהם אויף לפנים גאנץ פיין
און הייבט אן ביידע דיספוטירען,
„מיין וויזיט"—זאגט דער קרעדיטאר—„געפעלט איך גאר ניט וואויל
„זאגט דעם אמת איהר האט איך ניט צו שעהמען".
„זעהר אנגענעהם"—ענטפער איהם דער בע"ח מיט'ן מויל,
און טראכט זיך, „דער רוח זאל איהם נעהמען!"

3.

א ווייבעלע א יונגס האט גאר איין אלטען מאן
און א יונגער דרעהט זיך איך אין מיטען....
צום מיטטאג לאדעט זיא איהם שטענדיג איין

און ער מאַכט איהר אָפּטע וויזיטין!......
דער אַלטער מוז איהם איך אויפנעהמען ועהר וואול;
„זייט היימיש, איהר האָט אייך ניט צו שעהמען,
„קומט אָפֿטערס" — בעט איהם דער אַלטער מיט'ן מויל,
און טראַכט זיך; „דער רוח זאָל איהם נעהמען!"......

4

אין בולוואַר דרעה איך מיך צווישען פיעל הערען,
איך דער ועה אָבער ניט גוט מיט דיא אויגען,
האָט זיך מיר געמאַכט אז איך האָב אומגערין
איינעם אָנגעטראָטען אויף דיא הינגער־אויגען;
„עקסקיוז"! — ענטשולדיג איך מיך פֿאַר איהם אַזוי וואויל —
„ס'מהוט אייך וועה? — זאָגט, איהר דאַרפֿט אייך ניט שעהמען"
— „עט, מאַכט ניט אויס" — ענטפֿערט ער מיר מיט וויין כּויל,
און טראכט זיך, „אוי דער רוח זאָל דיך נעהמען!"....

5

אַ צייט ליעבט אַ מיידיל אַ יונגער שאַרלאַטאַן,
און האלט זיא אין איין האלזען און קושען,
ער זאָגט איהר צוא אַז ער וועט זיין איהר מאַנן
טאַקי מיט חופּה וקדושין;
„נאָ שטעל שוין אַ חופּה, נאָ זייא ניט אַזוי כּויל"
— בעט זיא איהם — „וואָס האָסטו זיך צוא שעהמען?"
„איך וועל דיך נעהמען" — זאָגט ער צוא איהר מיט'ן מויל,
און טראַכט זיך, „דער רוח וועט דיך נעהמען!"......

## מירעלע:

1

עלענד פֿון אללע ביימער וויים
אויף אַ בערגעלע גאַנץ קליין,
וואַקסט נאָך גאָר אַ יונג ביימעלע
אין ווילדען וואַלד אַלליין! —

2

דיא זון ברענט דעם שטאַרק אין קאָפּעלע
דער רעגין וואַשט דאָס אָפּ,
און דיא טראָפּענס פֿון דיא בלאָטעלעך
רינען וויא טרערין אַראָפּ. —

3

קיין שאטען שיצט דאָס ניט אַהם
עס פּאַטשט איהם פֿרייא דער ווינד!....

צוא דעס, איך עלענר יתומה׳לע,
בין איך געגליכען אצונד......

4

דער טאַטע איז ניטאָ, קיין מאַמע האָב איך ניט....
אַ שטיעף־מוטער פאַר איהר,
זיא קוויילט מיך, אוי! און קיין שום מענש
נעהמט זיך ניט אָן פאַר מיר. —

## דער מארק:

1

קויפט, קויפט קונים
קומט, קומט אַ הער,
אַ מאַרק אַזוינעם
איז צו קריגען שוועהר!
קויפט אויב איהר זענט נאָר מבינים:
עסין, טרינקען אַללע מינים
קויפט וואָס אייך גליסט
האַלב גאָר אומזיסט.

2

פריש פיג׳ם וואַסער, קאַרפ און שלייען. —
ניין מיר דאַרפין מעהל און קלייען! —
דאָס קענט איהר נאָר ביי אונז געפינען! —
אַ נערעכטי מאָס האָט נאָר אין זינען! —
קויפט, קויפט קונים......א. ז. וו.

3

ציבעלעס, קאַרטאָפלים, קריפ אין הריין! —
פאָטלאָזשאָנעס וויללען מיר גאָהר זעהען! —
אָט האָט איהר פרישע אַ פאָהר אַ דרייער! —
מיר קענען ניט קויפען, ס׳אין צוא טייער! —
קויפט, קויפט קונים......א. ז. וו.

4

גוטע זייפען, באַרשטען, שוואָמען! —
ניין מיר וויללען דאַרע פלאָמען! —
ביי אונז, ביי אונז געפינט איהר אַללעס דאָס; —
ווענט זשע אונז אָפ, נאָר אַ גוטע מאָס! —
קויפט, קויפט קונים......א. ז. וו.

# דער קצב:

1

פֿריש, צאַפּילדיג און צאַפּילדיג, ריין אָפּגעריבען
כשר מיר אַזאַ יאָזהר!
פון אַ שאָפּעלע איז מיר געבליבען
פּיסעלאַך נאָר אַ פּאָר!....
אוי פּיסעלאַך, לעבעדיגע לעבעדיגע פּיסעלאַך,
האָבען מיר שוין געזעהען!......
מיט רויטע געשטרייפּטע שיך און זעקעלאַך!
פון דיא האַלטין מיר ניט ניין! —
זייא נעהמען צוא געלד מיט דעם ווינד
און טריקענען אויס דעם מוח!......
און פון דיא קומט צוא אַ שטיק געזונד
און קאָסטען נאָך בילליגער אויך. —

2.

פֿריש, צאַפּעלדיג און צאַפּילדיג, ערשט פֿון דעם מייסער! —
וואָהלט אייך, וואָס אייך גליסט:
פּיפּיקלעד. לעבערלעך, אָדער נאָך בעסער,
אַ פּעטע, אַ כשרה בריסט!.....
אוי! בריסטילעך, לעבעדיגע לעבעדיגע בריסטילעך,
האָבען מיר שוין געזעהן!.....
צוא פֿאַרשטעלט צוא פֿאַרוויקעלט, אוא ניט באַהאַלטען!
פון דיא האַלטען מיר ניט ניין! —
זייא נעהמען צוא געלד מיט דעם ווינר
און טריקענען אויס דעם מוח —
און פון דיא קומט צוא אַ שטיק געזונד
און קאָסטען נאָך בילליגער אויך. —

3

פֿריש, צאַפּילדיג און צאַפּילדיג, ערשט פון דער שחיטה
דעם שוחט׳ס התימה אויף איהר:
אַ טעליצע אַ יונגע, אַ פּעטע אַ גוטע
האַנדעלט מען נאָר בייא מיר! —
אוי טעליצעס, לעבידיגע לעבידיגע טעליצעס,
האָבין מיר שוין געזעהן!
וואָס לויפען ארום מיט יונגע ביקילעך!
פון דיא האַלטען מיר ניט ניין! —
זייא נעהמען צוא געלד מיט דעם ווינר

און טריקענען אויס דעם מוח!
און פון דיא קומט צוא אַ שטיק געזונד
און קאָסט נאָך ביללינגער אויך! —

# באבקעלעך:

הייסע באַבקעלעך יודעלעך הייס!

1

נישטאָ איין מענש אויף דער וועלט
וואָס לעבט אָפּ זיינע יאָהרין,
מיט'ן ווינד צו פערדינען דאָס ביסעלע געלד —
אַ מלאכה איז אַ חסרון! —
ער פוילט זיך צוא פערדינען וואָס ער עסט,
האָרוּוען איז פאר איהם א בושה!
ער קוקט נאָר אַרויס צו עסין קעכט....
און צו דערטאַפּען אַ פעטע ירושה!
קראנק איז ער, וויא איך אויך
אַזוי צוא הארעווען מיט דעם שוויס!
און צוא שרייען אין דער הויך
הייסע באַבקעלעך, יודעלעך, הייס! —

2

דאָרט ריקט זיך אויף דער כטריט און ווערט ניט מיעד
אַ גאנץ שטיק עולם הבא!....
דאָס איז איין אייניקער פון אַ גוטען יוד,
און בייא דער זייט זיין גבאי!......
מען גיט איהם אַ נדבה, ער זאָגט ס'איז קליין,
און שעלט אייך אָן מיט טויזענד רוחות,
ווייל זיין זיידע איז דער קאָרדיניער געוועהן
דער פאַר איז ער אַזאַ מיוחס,
קראַנק איז ער, וויא איך אויך
אַזוי צו הארעווען מיט דעם שוויס!
און צו שרייען אין דער הויך
הייסע באַבקעלעך, יודעלעך, הייס! —

3

דאָרט שפּאַצירט אַ שאָלטיק אויף דער גאַס!
לערנען קען ער גאָר ניט!
ער געהט ארום נאָר פוסט און פאַס!
און טהוט אַלסדינג וואָס מען טאָהר ניט!....
ער צוא לייגט זיך אין טהעאַטער וויא אַ גראַף!....

אז ער האט קיין סענט, קען איך אייך שווערין —
און האט נאך האזע, אט דער קאַיאַף;
אויס צוא יפייפען דיא בידנע אקטארין!
קראַנק איז ער וויא איך אויך
אזוי צו הארעוועץ מיט דעם שוויס,
און צוא שרייען אין דער הויך
הייסע באַבקעלעך, יורעלעך, הייס!

## יודען בני רחמנים:

1.

אוי איהר יודען בני רחמנים!
א גוט הארץ איז דא בייא אייך! —
בייא אייך איז דא גענוג דינים,
פאַסקעט מיר אויב דאס איז גלייך?
פאר וואס לאזט מען געוועלטיגען דארט איינער....
און אויף א יתומה קוקט זיך ניט אום קיינער?
אוי אוהר יודען בני רחמנים
א גוט האַרץ איז דא בייא אייך! —
ווער איז דאס קינד?
פערבלאנדזיעט געוויס!
עס בעט הילף אַצינד
ווער ווייסט ווער זיא איז? —

2

אוי איהר יודען בני רחמנים!
אַ גוט האַרץ איז דא בייא אייך! —
קוקט אייך צוא דיא סימנים....
איך האב זייא אַסאַך, אַסאך;
דאס איז ניט פון קיין חיה צוא ריסען,
פון א מענש — א פרויא איז דאס צוא ביסען!......
אוי איהר יודען בני רחמנים
א גוט הארץ איז דא בייא, אייך! —
ווער איז דאס קינד......א. ז. וו.

3.

אוי איהר יודען בני רחמנים,
א גוט הארץ איז דא בייא אייך! —
נעהמט מיך צוא, איך פאל אויפין פנים.
נימט מיר ערגיץ אויף א האך!......
צוא גיין אַהיים וואלט איהר מיך ניט נייטען,

דער רוצח ווארט מיך דארט צו טויטען......
אוי איהר יודען בני רחמנים
א גוט הארץ איז דא בייא איך!—
ווער איז דאס קינד......א. ז. וו.

## דיא יתומה:

בארימען קען זיך יעצט אי איינער ניט,
דעם מענשענס הילף האט מיר גאר געשאדעט,
ניין, גוטס האט מיר נאך קיינער ניט,
אה, העלפען קען מיר נאר איין גאטט.
וואס קען איך איך דערציילען ווייטער;
געקומען זיינען שלעכטע לייט,
פארפיהרט האבען זייא מיין טרייען פאטער,
אוועקגעפיהרט פון מיר גאנץ ווייט.
שוועסטערליך פיינע!
פריינדינען מיינע!
פרעגט מיך גאר ניט וואס מיר איז געשעהן
מיין שמערץ קאנט איהר גאר ניט פערשטעהן—
העלפען קענט איהר מיר ניט צוא מיין געוויין!
וויין ניט, ערגער דיך ניט גוטע זעעל,
דערצעהל אונז ווייטער דערצעהל! דערצעהל!
וועקט ניט מיין שמערץ!
גאנץ טיעף אין הערץ
ליגט עס אט דא, אט דא!......
וויין ניט, ערגער דיר ניט......א. ז. וו.
וועקט ניט מיין שמערץ......א. ז. וו.

## דיא טערקען:

מיר דאנקען גאטט!
וואס ער האט!
אונז אליין אויסגעקליבען פון דיא אומות (אלע), אללאה
אין ים דעם טיעפען
טהוען זיך פארטיעפען
אונזערע שיפען (אלע) אללאה
באשיצען באשיטצט זייא, באשיצען באשיצט זייא
נאר דוא אלליין —
אונזער קלונג — אוי דיא שארפע קלונג
טהאר זיך ניט, אהן בלוט — אין דער שייד צוריק
אומקעהרין זיך ליידיג — אללאה אללאה

## דער פּאהקוסניק.

מיין קונסט איז ניט קיין בלינזעקייט,
עס בעשטעהט נאָר אין געשווינדקייט,
איך מאַך עס פאַר דעם גאַנצען עולם פראַנק און פרייא! —
אָבּען אָהן א דעקעלע;
נאָר מיט מיין צוויבער שטעקעלע
זאָג איך נאָר איין מאל 1—2—3;
פערבייטען זיך שעהן,
דיא זאכען אליין,
איך ריהר מיך נאר ניט צו צו זייא......
זייא הערען מיין וואָרט,
באלד אויפ׳ן אָרט,
יען איך זאָג אללעע מארשעע!

## האָצמאַך.

קויפט־זשע קויפט, דייטשעלעך,
שטעקעלעך, בייטשעלעך,
קלויבט אייך אויס וואס אייך געפעלט:
פּעדערן שטאָהלענע,
הענטלעך געמאָהלענע,
טריפּוואקס — גאר איינס אין דער וועלט,
ביבלעך, נאָטיצען, ציגאַרענשפּיצען,
אייך צוליעב נעהמט פאר האלב געלד! —
דיין רעדען איז פּוסט!
דיין טענה׳ן אומזיסט!
אומזיסט איז דיין טאנצען, דיין לויפען!
דול קיין קאָפּ, דול ניט!
מען דארף ניט, מען וויל ניט!
מען האט בייא דיר ניט וואס צו קויפען! —

* * *

קויפט פיינע לייטעלעך, מעסערלעך, בייטעלעך,
קלויבט אייך אויס, וואס אייך געפעלט;
געשטיקטע פּאַנטעפעלעך און אויער לעפעלעך,
צייהן־שטעכערס איינס אין דער וועלט! —
קנעפּלעך מיט דימענטען, לעדערנע רימענטען,
א י י ך צוליעב נעהמט אייך פאר העלפט געלד!
דיין רעדען איז פּוסט...... א. ז. וו.

* * *

קויפט אייך, פאר טיידעלעך, שפּילקעלעך, נידעלעך,

קלויבט אייך אויס, וואָס אייך געפֿעלט:
זייפֿעלעך, שוועמעלעך, בערשטעלעך, קעמעלעך,
מאַנדיל-אייל איינס אין דער וועלט!
אויך גאַנצע פעקעלעך, טיכעלעך, זעקעלעך,
ך צוא ליעב נעהמט פאַר האַלב געלד! —
דיין רעדען איז פיסט......א. ז. וו.

* * *

שאַט! נאָר אָהן אַ גוואַלד,
איך געה אַוועק באַלד,
איך מעג שוין פון דאַנען אַנטלויפֿען;
איך דערקען אין זייער פנים,
אַז זייא זענען קבצנים,
זייא האָבען ניט פֿאַר וואָס צוא קויפֿען! —

## דיא קאַטערינקע:

ביים טאַטען — געוועהן אַ בת יחידה,
פון גוטס האָט מיר גאָר ניט געפֿעהלט,
וויא פֿיעל האָט מיין מאַמע דיא נגידה,
אָרימע, ברויט און געלד געטהיילט;
היינט אין יעדער טאָג בייא מיר אַ תענית,
הונגעריג און נאַקעט בין איך אַצינד,
האָט רחמנות! האָט רחמנות!
אַ נדבה בעט איין עלענר קינד
יונג איז מיין מאַמע אומגעקוממען,
דער טאַטע איז אויך גאַנץ ווייט אַוועק;
איך האָב אַ שטיעפֿמאַמע באַקומען,
אין זיא מיר דערגאַנגען גיך מיין עק;
געקוועהלט האָט זיא מיך מיט סכנות!
אַרויסגעשטופט האָט זיא מיך אַצינד;
אַ נדבה בעט איין עלענר קינד! —

## דיא פייגעלע:

1

ענטפֿערט מיר פֿייגיל,
איהר פליהט וויא דיא זעגעל,
איהר קוקט מיט אייער אייגיל
אויף דעם וויטעכטען אָרט;
אייך איז באַקאַנט
דאָס גאַנצע לאַנד,

צוא האָט איהר ניט באַגעגינט מיין מירעלע דאָרט.
דיא פֿייגעלעך עפענען דיא פּיסקעלעך אויף,
ווינגענדיג פליהען וויא העכער אַרויף,
וואָס מוֹיג דיר דאָס פרעגען, וואָס קומט דיר אַרוֹיס
מיר וענען קיין מענשען, ניין, מיר זאָגין ניט אויס.

2

דוא לבנה מענסט הערין,
איך וועל דיר באשווערין,
דוא לייכסט מיט דיינע שטערין
איף דעם ווייטסטען לאַנר,
דיר איז באקאַנט
דאָס ווייטסטע לאַנר,
זאָג צוא האָסטו ניט באַגעגינט מיין מירעלען דאָרט,
שעמעדיג האָט זיא איהר פנים פֿאַרדעקט
מיט איין שוואַרץ טיכעל פון וואָלקען באַפֿלעקט,
און שמייכעלט: וואָס פרעגסטו, וואָס קומט דיר אַרוֹיס,
איך בין ניט קיין מענש, ניין, איך זאָג ניט אוֹיס.

3

דיא אַנטוואָרט דיא וואַהרע
זאָג מיר דוא חמאַרע,
דוא בלאָזט אָן דיא פֿאַרע אוֹיף דעם ווייטסטען אָרט;
דיר איז בעקאַנט
דאָס ווייטסטע לאַנד
זאָג צוא האָסטו ניט באַגעגינט מיין מירעלען דאָרט.
דיא חמאַרע שיינט אויך אויף מיר האָבען איין האסס
און בלאָזט אָן איהר שוואַרצע באקין מיט כעס,
און בייזערט זיך: וואָס פֿרעגסטו, וואָס קומט דיר ארוֹיס,
איך בין ניט קיין מענש, ניין, איך זאָג ניט אויס.

## פתח שין שא:

1

אללע מענשען פֿון דער גרויסער וועלט
פֿערדינען פערשיעדען זייער ביסעל געלד,
דער נעהמט געלד וואָס אַרבייט מיט זיין כוֹח,
דער פאר סחוֹרה, דער פֿאר זיין גוטטען מוח,
טהייל וענען דאָ וואָס מען צאָהלט וויא געלד צוא,
ניט פֿאר קיין חכמה, ניט פאר קיין מיה,
מען שטיפּט זייא נאָך געלד, נא, נא, נא,

נאָך פאר איין וואָרט; פּתח שין „שא"......

2

ווער ווייס נאָך מעהר פון דעם הענכסטען גראד,
וויא א פּאָדראדטשיק, וואָס נעמט אָן א פּאָדראד,
אויף דיא טאָרגיס קוקט מען שוין גאנץ לאנג אוויס
צוא צאפּען געלד — אֶלאָ ניט, זאָגט מען אוֹיס.
דער פּאָדראדטשיק האָט נאָך גאָר ניט צוגעשטעלט,
דערווייל טהיילט ער מענשין גאנץ גענוג געלד,
נאט אייך שוין נאט — נא, נא, נא,
נאָר פאר איין וואָרט; פּתח שין „שא"!

3

אין אַ טאָכטער אַ שעהנע פוֹן אַ גרויסען באַנקיר
איז שטאַרק פערליעבט זיין אייגענער קאססיר,
און ווען ער וויל נעבעך רעדען מיט איהר,
ווייזט איהם איהר פאַטער פלוצלינג דיא טהיר.
ניט איהר זיא מיר ניט — זאָגט דער קאַססיר איין מאהל,
דערצעהל איך דער וועלט אַז איהר שטעהט זעהר שטאָהל,
נאַט אייך מיין קינד — זאָגט דער גביר — נאַ,
נאָר פאַר איין וואָרט; פּתח שין „שאַ".

4

נאַט אייך וויפיל געלד איהר ווילט אייך, נאַט!
זאָגט אַ קליענט צוא זיינעם אַדוואָקאַט,
אַז איך האָב געגנבעט — ווייסט איהר דאָך אַליין,
נאָר ביים געריכט ביַט איך אייך מאכט מיך ריין;
דער אַדוואָקאַט טרייכט איהם — איהר מעגט רוהיג זיין,
איהר וועט ארויס בייא מיר נאָך עהרליך און פיין. —
אויך דער אַדוואָקאַט, נאַט אייך אַ מענש נא,
פערקויפט זיין סאָוויעסט — פאר פּתח שין „שאַ".

דיא ליעדער

# פאן דיא קאָקעטע דאמען.

יענקעלע:

1

מיין מאנן פלעגט דאווענען מיט צוועלף זינגער,
מיין טייער יאנקעלע,
פון זיין זינגען פלעגין ווייבער לעקען דיא פינגער,

מיין טייער יאַנקעלע,
זיינע הושענא׳ס שלאָגען, ווער עס האָט נאר גיזעהען,
מיין טייער יאַנקעלע,
נאָך דער הישענא פלעגין מיר דיא כוחות אויס געהען,
מיין טייער יאַנקעלע.
זאָגט איהר אַליין, זאָגט איהר אלליין,
צוא האָט איהר נאָך אַזוינס גיזעהען,
זאָגט איהר אַלליין, צוא האָט איהר נאָך אַזוינס געזעהען
ניין, ניין, דאָס בין איך נור זוכה געווען.

2.

ווער פלעגט מיט דעך פושקע אין דיא הייזער אומגעהען?
מיין טייערע מאַמעלע,
מיט דער פושקע פלעגט זיא אורחים מקרב זיין,
מיין טייער מאַמעלע,
וויפיל אַרמע אורחים זיא האָט נור דערזעהען,
מיין טייער מאַמעלע,
יאָך אַ־נ־אורח פלעגין איהר דיא כוחות אויס געהען,
מיין טייער מאַמעלע.
זאָגט איהר אַלליין, זאָגט איהר אַלליין,
צוא האָט איהר נאָך אַזוינס גיזעהען,
זאָגט איהר אַלליין, צוא האָט איהר נאך אזוינס גיזעהען?
ניין, ניין, דאָס בין איך נור זוכה גיוועהן.

3.

ווער פלעגט טהאָן מצוה׳ס טאָג אונד נאַכט?
מיין טייער טאַטעלע,
ווער האָט אַרמע מיידען חתונה געמאַכט
מיין טייער טאטעלע,
וויא פיעל אַרמע מיידלעך ער האָט נור דערזעהען,
מיין טייער טאַטעלע,
פאַר אַ מויר האָט ער זיך פשוט מפקיר געווען,
מיין טייער טאַטעלע.
זאָגט איהר אַלליין, זאָגט איהר אַליין,
צוא האָט איהר נאָך אַזוינס גיזעהען,
זאָגט איהר אַלליין, צוא האָט איהר נאָך אַזוינס גיזעהען?
ניין, ניין, דאָס בין איך נאָר זוכה גיוועהן.

## בשתיקה:

1

פיינטיגע צייט ווער עסט אין סוכה?
און ווער הייסט אַ פיינער מאַנן?
גנבים, שווינדלער מורהדיגע,
וואָס קען גאָר ערגער ניט זיין.
נור מיט שכל אַלדינגס טהון,
און גנבענען בשתיקה,
ווערסטו קינד מיינס זיין אַ מענש,
ווערסטו עסען אין סוכה.

2

ווער עס קען אַ רביין אַ גוטען יוד,
הייסט, ער שפּיעלט גוט דיא ראָללע,
ער פֿערשטעהט דעם שווינדעל זעהר גוט,
און פערדרייט דיא קעפּלאַך אַללע,
נאָר צום שווינדעל איז ער גישטעלט,
און טהוט וואָס מען טאָהר ניט בשתיקה,
ראָך האַלט פֿון איהם א האַלבע וועלט,
דער פֿאַר עסט ער אין סוכה.

3

ווען דיא בעלבית'טע איז ניט קיין בריאה,
זאָללסט דוא דיא בריה זיין,
זעהסט נאָר זילבער פון אויבען ליגען,
ראַם עס דיר אין קעשענע אַריין,
נאָר מיט שכל אַלסדינג טהאָן,
און גנבענען בשתיקה,
ווערסטו קינד מיינס זיין אַ מענש,
ווערסטו עסען אין סוכה; —
בשתיקה, בשתיקה, ווערסטו עסען אין סוכה,
בשתיקה, בשתיקה, ווערסטו עסען אין סוכה,

# דיא לידער פֿאָן גיהינם,

## זאָל דער גבאי זאגען:

1.

ר ע ני ש ט ע ק י ן.

מיין ווידען'ס שטעקין זעהט מען ניט הייגט
וואָס פֿלעגט מיט איהם פֿאַרפֿיהרען,

אַ שמירה איז ער געוועהן בייא דעם אין דער האַנד
וואָס פֿלעגט איהם נאָר אָן ריהרען
ויפֿיל דיבוקים פֿלעגט ער אַרויס יאָגען
דיא וואס האבען נאָר דערהערט זיין קלאַפּ,
וויפֿיל משוגענע פלעכט ער אַרויס שלאָגין
דאס משיגעת פֿון דעם קאָפּ
געטויגט האט צוא איהט מיין ווידע נאָר
דער שטעקין פֿלעגט איהם פיעל איינטראָגען
אַזאַ ווידע איז נישטאָ אין היינטיגען דור.
נאָ, לאָז אייך דער גבאי זאָגען.
(דער גבאי צייגט מיט דעם פינגער אויף דעם רב) ☚
ניין, ניין, ניין רעדט אייך ניט איין
אַזאַ שטעקין איז ניט געוועהן און עס וועט ניט זיין.

2

## דיא שמאַטע:

מיין באבע דיא רביצין מוזט איהר וויסען
וואָס מאַכט גאָר גרויסע עלילות,
פֿון איהר פֿאַרטיך אַ שמאַטע האט זיא אבגעריסען
און געטהאן מיט איהר זעהר פֿיעל כגולות
פֿאר אֶרץ ישראל ערד געמאַכט פון א הר אַ זעקיל
אונטער דיא טויטע גילייגט פֿאַר א קישען
און ביים פענסטער זיא אויפֿגעהאנגען אויף א פֿלעקיל
דיא טויטע זאָלין זיך דאָרט אָפּווישען
וואָס זיא האָט מיט דער שמאטע פֿאַרדיענט יעדער שעה
וואָלט איך דאָס געוואָלט פטרמעגען,
אזא באבע איז שיין אבער היינט אויך נישטאָ,
נאָ, לאָז אייך דער גבאי זאָגען.
(דער גבאי צייגט מיט דעם פינגער אויף דעם רבי) ☚
ניין, ניין, ניין רעדט אייך ניט איין
אזא שמאַטע איז ניט געוועהן און עס וועט ניט זיין.

## דיא לאָקש.

3

אז מען האָט פֿרייטאג דיא לאָקשין ארויף געטראָגען
איז מיין מאַמע צוא מיין טאטען צו
פאר אללע מוזט דוא מיר אצונד צוזאָגען
איך זאָל האָבין אזא חכם וויא דוא
אָט דאָ האָט מיין טאַטע ארויסגעהאפט א לאָקש פון דער יאָויך

און אַ געשרייא געטהון אויף זיינע דרכים!
אַט דער לאָקש מיין ווייב שלינג איין אין דיין בויך......
ווערסטו האבען אַ תלמוד חכם!
דעם נס נעהמט אייך נור גוט אין זינן
צום יאָהר האָט זיא מיך אויסגעטראָגען
טו ווער איך בין, און וואָס איך בין,
נאָ לאָז אייך דער גבאי זאָגען,
(דער גבאַי צייגט מיט דעם פינגער אויף דעם רבי) ☞
ניין, ניין, ניין, ניין רעדט אייך ניט איין,
אַזאַ לאָקש איז ניט געוועהן און עס וועט ניט זיין.

# דיא תחינה.

דאס זינגט גיטעלע דיא פרומע בייא ר' שמעון בן יוחאי אויפ'ן קבר.

1

דיא הייליגע מדינה, דיא ערד ארץ ישראל'דיגע
וואס געפינען זיך בייא דיר אַזויא פיעל קברים
פון דיא צדיקים כשרה אַמאָלעריגע
התמימים והישרים,
דא רוהען זייערע עהרליכע קעפּעלאַך
קיין וואָרעם האָט זייא ניט באַרירט
און אויף זייא בליהען דיא ארץ ישראל עפּעלאַך
לולבים אתרוגים און אויך מירט
זייערע נשמות לייכטען פון דער שכינה דער לעכטיגער
פון פייערען שיינע אַלערלייא
איך מיין גיבעט, דערהער, איך בעט דיר גאָטט אַלמעכטיגער
לייג מיין מאַן דיין קנעכט אויך צווישען זייא!

2

דוא הייליגע לאַנד וואָס דוא הייסט פון אַללע פורעניות,
פאַר דיא נשמה דיא בעסטע קמיע
אין דיר ליגט באַהאַלטען אַללע נשים צדקניות
שרה, רבקה, רחל, לאה
דאָ רוהען זייערע ערליכע קעפּעלאַך
קיין וואָרעם האט זייא ניט באַרירט
און אויף זייא בליהען דיא ארץ ישראל עפּעלאַך
לולבים אתרוגים און אויך מירט
זייערע נשמות לייכטען פון דער שכינה דער לעכטיגער
פון פייערין שיינע אַללערלייא

אויך מיין גיבּעט דערהער, איך בּעט דיר גאָטט אַלמעכטינער
לויז מיר דיין דיענסט אויך צווישען זייא!

# דאס ליעד פון פוילישען יונגעל

## וויא זאגט יענער.

(דאס זינגט דער שרכן.)

אמאָל דיא יורען האבען שיין גילעבּט
אונד דיא קינדער האבען אין זייא געגלויבּט
בּייא איין שידוך האבען זייא געשטימט,
ווייל טאַטע מאַמע האבען זייא בּעשטימט,
אבער היינטיגע מאַמזעלען זענען אויף גרויסע צרות,
אַ שרכן דאַרפען זייא אויף כּפּרות,
זייא געפינען זיך גאָר אַלליין געגנער
און שפּילען מיט זייא — וויא זאָגט יענער......

2

וואו האט מען דאס גאָר אמאָהל גיזעהן,
אַ מיידיל זאָל בּייא נאַכט שפּאַצירען געהן,
און מיט קאַוואַלערען איין ליעבּע שפּילען
אָוי, קען זיא זיך גרינג פערפיהרען,
פאַר דער חתונה ווערד זיא קראַנק כסדר
שיקט מען זיא אַוועק אין דיא בּעדער......
נאָר אויף איהר בּין איך אַ קענער,
ווייל זיא איז גיוועהן — וויא זאָגט יענער......

3

און אַז זיא האט יא חתונה אמאָל
און זיא פערדרייט דעם מאַנן דעם קאָפּף אָהן צאָל
אויף דער וויכטער מאָדע שטעלט זיא אויס דאס געלד,
בּיז זיא האט איהם שוין צום צעטיל געשטעלט,
און אַז ער האט קיין געלד, וואַרפט זיא איהם אַרויס,
פאַר הונגער געהט זיא געווים ניט אויס,
זיא פאַרבּט זיך דיא בּאַקען און ווערד נאָך שענער
ווייל זיא איז געוואָרען — אַ וויא זאָגט יענער......

4

און אַז זיא האט חתונה פאַר איין אַלטען מאַנן
מוז איין יונגער נעבּען איהר זיין
דער אַלטער מיינט אז זיא ליעבּט איהם איינס אין דער וועלט,
דערבּייא ליעבּט זיא גאָר זיין געלד.

ביים אַלטען נעהמט זיא געלד אַ שרעק
דעם יונגען טראָגט זיא דאס אוועק,
דער יונגער קושט זיא, עס איז נאָך שענער
און דער אַלטער קושט זיא אין — וויא זאָגט יענער....

## דאס ליעד פון דיא גרינהאָרענס:

## דיא אפותיקא.

1

אַ ווערטיל האָב איך פאָן דער־היים,
אפותיקא רופט דאס אַ יעדער
קיין שריט מאכט מען נ׳ט אָהן דעם
דאס וואָרט הער איך שרייען כסדר.
אַ טובה בעט איך בייא מיין פריינד
„העלף מיר חאָטשי מיט איין וואָרט!“
צייגט ער מיר זאָ מיט דעם האַנד
פאַרשטאַנען האָב איך איהם ניט דאָרט
יאָ! זאָגט ער שטיל צוא מיר:
„איין וואָרט זאָג איך דיר
ס׳איז גוט זאָלסט דאס וויסען פריהער“
אָה וויא! דיא וויסטע וועלט
אָד דיא הייטיגע,
האַלט מען שטאַרק
פאָן דער אַפויתיקא,
דער רבי אַלליין,
פאַרשטייט נאָר זיין מיין,
חאָטש ער שרייט אחד דעם גרויסען
חיל ער אַז דוא זאָלכט זיך אַליין שטויסען
אַז ער מאַכט אוי הוא דא..........
וויל ער דיא אפויתיקא, אוי וויל ער דיא אפויר־תיקא.

2

איין אַלטע פרויא פאָן זיבעציג יאָהר
האט זיך גאָר פערליעבט אין מיר,
אַ בושה, זאָגט זיא צוא מיר גאָר
אַז איך זאָל הייראַטען מיט איהר,
זיא זאָגט מיר צוא דיא גרעסטע גליקען
אַז איך וועל איהר נאָר געהערין,
פאַר רחמנות קאָן איך זיא נישט אָנקוקען
איך קען פאָן איהר נישט פטור ווערען.

„יאָה" זאָג איך שטיל צו איהר:
„איין וואָרט זאָג איך דיר
ס'איז גוט, דוא זאָלסט וויסען פריהער,
אָה וועה! דוא בינכּם איין אַלטע
אונד איין קייטינגע
האָסטו חאָטש דיא אפּותיקא?"
שטויס דיך אַליין
וואָס איך דאָ מיין
וואס איך מיין וואס איך בין אויסען
מוזט דוא דאָך זיך אליין אָן שטויסען
אַ פּאַר אוי די......
וויל איך דיא אפּותיקא
וויל איך דיא אפּותיקא.

3

אַ גרינער נעבּאַך אויף דער גאַסס
זוכט וואו זאָל זיין היים ערגעץ זיין,
דער פּאָליסמאַן קומט אָן מיט זיין שפּאַס
און שלעפּט איהם אין סטיישען אַריין,
דער גרינער שרייט איך בּלאָנדזע ארום
פון דער אַרבּייט קום איך אָה וועה!
און דער פּאָליסמאַן לאַכט פּאַן איהם
און גיט איהם מיטען קלאַב אַ צווייא
„אוי! שטיל זאָג איך צוא דיר
איין וואָרט זאָג איך דיר
ס'איז גוט זאָלסט וויסען פריהער
אוי וועה! וויר אַמעריקאַנער ויינען טהעפּינע
מיר האַלטען אָבער פּאָן דער אפּותיקא."
שטויס דיך אַליין
וואָס איך דאָ מיין
וואָס איך מיין, וואס איך בין אויסען
סייא! גרינער מוסטו דאָך זיך אליין שטויסען
אַז ניט אוי ד......סע......סע......
זוו מיא דיא אפּותיקא
האַרי אָם דיא אפּותיקא.

4

אַ חסיד אויך שפּעט בּייא נאַכט

האט אויף דער סטריט אַ חיה׳לע דערזעהען
ער האט זיך אויף איהר שטאַרק פארטראַכט
ער שעמט זיך אבער צוא איהר צוא צוגעהן.
„האָרכסטו״, זאָגט ער מיט אַ לאַך,
„איך וויל דיר טאַקע אַ היים באגלייטען״.
אָה זאָגט זיא איך געה מיט אייך
איך האב מיך פיינד צוא לאזען בעטען.
יא — נאָר שטיל זאָג איך צוא דיר
איין וואָרט הער פאָן מיר
ס׳איז גוט זאָלסט וויסען פריהער
אוי וועה! אויב איך בין דיר יא אַ נייטיגע
גרייט שע ברודער אָן דיא אפותיקא
שטייס דיך אליין
וואס איך דאָ מיין
וואס איך מיין וואס איך בין אויסען
מוססט זיך אַליין שטויסען
אז פאַר הורי.........
וויל איך דיא אפותיקא
וויל איך דיא אפותיקא.

## אזוי געהט דאס געלד אוועק.

1

איך לאַך פאָן אַ יונגען מאַנן ווען ער טהוט זיך בעקלאַגען
אַז ער האט קיין געלד שרייט ער גוואַלד,
אַללע מאָנאַס זעה איך איהם דיא משכנות טראגען,
ביים פעטער קריגט ער דאס געלד.
ער חנפ׳ט דיא מיידלאַך מיט אַ קוש מיט אַ גלעט,
גליקליך איז ער אָהן אַ־נ־עק,
ער קויפט זיא אַללעס דינג צוא זייער טואַלעט
און אזוי געהט דיא ווירדושעס אַוועק.
אָוי! און אַזוי געהט מיין געלד אַוועק
און נאַכהער דרייט זיך דער מוח
און אזוי געהט מיין געלד אַוועק
ווייל איך לעב גרויס איבערין כח.
מען פאָהרט אין עקיפאַזשען שפאַצירען
מען תולעט, אוי ווי, עס איז אַ שרעק.

מען לעבט זיך גאַנץ שען, אונד אויך ניט אליין,
אזוי געהט מיין געלד אוועק!

2

א יונגער מאַנן אַרבעט פיר צעהן דאללאר א וואָך
א צווייטער קריגט מעהר בילליגער,
ווייל ער איז אַרעם, ועהט ער דאָך
צוא פאַרדרייען מיידלאך דיא קעפ איז גאַנץ גלייך.
וויא רופען דיא פרויען, דיא ליעבכטע אין דער וועלט
וויא פאַרדרייען דיא מיידלאַך דעם קאָפּ
אויף לאַקעטס און רינגען גיבען וייא אויס דאס געלד
און טריטען זייא מיט פאָ־ט ווין א טראָפּ
אוי! און אַזוי געהט מיין געלד אוועק א. ז. וו.

3

דאָרט, זעהט, אַ פּאָאר-פּאָלק האבען זיך געשוואָרען גאַנץ ט יג
צוא לעבען ביידען גליקליך צוזאַממען ביינאנד,
יעצט שרייט דער מאַנן ווידער, ער וויל שוין זיין פרייא
און דיא פרויא האַלט צו פאַר דער האנד.
מען קריגט זיך, מען שלאָגט זיך וויא טאג אזוי נאַכט,
דער מאַנן שרייט עס איז דאָך אַ גוואַלד
דעם חשבון פון הוצאה וואס דוא האָסט מיר געמאַכט
וועט מיר טרייבען גיך אין דער ערד אַריין באַלד
אוי! און אזוי געהט דאס געלד אוועק א. ז. וו.

## הולע קבצן:

דער עושר לעבט זיך וויא אַ מלך
נאָר זאָרגען זאָרגט ער, האָטש ער איז רייך.
אַרעם בין איך, אבער פרעהליך
מיר איז בעססער פון איהם א סך.
ביים קבצן איז דאס א גדולה — ביס
האוי לאַהאַ, האוי לאַהא
הולע ושע קבצענרעל הולע
האוי לאַהאַ הואי לאַהאַ

2

ביים עושר אין שטוב איז דאָך וואַרעם איממער,
נאָר דאס פאַרשטעה איך נישט, וויפיעל איך קלער
וואָהנען, וואָהן איך אין דעם נאַססען צימער
און דעם קאָטאַר באקומט נאָר ער.

ביים קבצן איז דאס אַ גרולה ביס
הוי לאַהאַ, האוי לאַהאַ „
הולע זשע קבצענדעל הולע „
הוי לאַהאַ הוי לאַהאַ „

3

דעם עושר'ס ווייב לויפט שטענדיג ארום
יעדען טאג מיט איין אנדער קאַוואַלער
און אויף מיינער, קוקט זיך גאָר קיינער נישט אום
נאָ מוז זיא זיך האַלטען טאַקע נאָר אין מיר.
ביים קבצן איז דאס אַ גדולה ביס
האוי לאַהאַ, האוי לאַהאַ „
הולע זשע קבצענדעל הולע „
האוי לאַהאַ. האוי לאַהאַ „

4

פֿאַר ויינע זינד צו שטאַרבען, האט מורא דער עושר,
מען וועט איהם שמייסען, דאס ווייכט ער געוויס
און איך האב קיין מורא, איך בין געווען אַ בעל יושר
איך וואָלט געוועז געזינדיגט, נאָר איך האָב ניט געהאַט מיט וואס
ביים קבצן איז דאס אַ גדולה ביס
האוי לאַהאַ, האוי לאַהאַ, „
הולע זשע קבצענדעל הולע „
האוי לאהאַ, האוי לאַהאַ „

5

דעם עושר קוועטשט, זיין זאַק מיט געלד
טאָמער ווערט ער איהם אָהן, קלעהרט ער אַזויא
און איך שלאָף מיך אויס, גאָר איינס אין דער וועלט
מיך קוועטשט ניט מיין זאַק ווייל ער איז פֿון שטרייא.
ביים קבצן איז דאס אַ גדולה ביס
האוי לאַהאַ, האוי לאַהאַ „
הולע זשע קבצענדעל הולע „
האוי לאַהאַ, האוי לאַהאַ „

## אָט א דאָס.

אין היינטיגער צייט, רעדט מאַן נאָר אויף דעם וואונק
אַז מען ווילל איינעם, אַ מאהל רעפֿוזירען
מאַכט מאַן עס אים גאָר שנעלל און פליהנק
אָהן ווערטער, און אָהן צו דיסקוטירען.

דעם ענטפער, פארשטעהט מאן במילא שוין וואס
מאן לענט דעם פינגער צו צו דעם נאז
און מאן מאכט, אַט א דאַס בים
אַט א דאס, אַט א דאס.

2

א דאמע א אלטע מאכט צו איהר יונגען מאן
איך האב דיר איבערגעגעבען אזוי פיעל דוקאטען
איך האב מיר צו ליעב דיר, גענט מיט מיין מאן
קום לאַמיר ביידע הייראטהען,
דער יונגער מאנן לענט זיך דעם פינגער צו צו דער נאז
און זאגט, מיין ליעבע אלטעמשקע אַט א דאַס
אַט א דאס א דאס בים
אַט א דאס א דאַס.

3

אז איהר האט נעוואלט, איך זאָל אייער מאוס מיידעל הייראטהען
זאגט אן אוידעם צו זיין שווער ר' ליפא,
איהר האט מיר צוגעזאגט נדן 300 דוקאטען,
נאַ נים מיר, עס איז שוין נאך דער חופה,
דער שווער קוקט איהם אָן אזוי וויא א האָז
און לייגט זיך דעם פינגער צו צו דער נאָז
און זאָגט, מיין ליעבער איידעם אַט א דאס בים
אַט א דאס, א דאס, אַט א דאַס

# מאַן אונד וויב,

וואס האט געמאכט דעם גרעסטען גערודער צווישען דעם גאנצען אידישען פובליקום

---

דאס זיינגען דיא נומערען מוזיק:

1. פעטער מלך, 2. אַי לו לו און מלך און מלכה,
3. מאן און וויב, 4. טאטע מאמע מזל טוב.

דיא בעריהמטע זיסע מוזיק איז פערפאסט פון מאגולעווסקי און פריעדזעל
פרייז פיר פיאנא (מיט ווערטער) פיר יעדען בויגען 20 סענט
פיר אללע 4 בויגען צוזאמען 70 סענט
פרייז פיר וויאלין אין 1 בויגען 25 סענט

# דאס גלעזעלע ווין.

(פֿאָן דיא צווייא יתומים).

1

אין דיר, אין דיר גלעזעלע וויין
אין דיר ליגט מיין גאַנצעס גליק
ווען איך וויל רעכט לוסטיג זיין
טהו איך באלד אויף דיר אַ קיק
צו דיר צו דיר האָב איך לוסט
דוא ביסט מיין גאַנצע נחמה
דוא ערקוויקסט מיין שוואַכע ברוסט
דוא ביסט מיין גאַנצע נשמה
אויף כפרות דאַרף איך דאָס געלד
אַ רוח אין דער וועלט אַריין
איך לאַך מיך אויס פֿאָן דער גאַנצער וועלט
איך דאַרף נור דיך גלעזעלע וויין.

2

דוא ביסט געשמאַק, צוקער זיס
איך בין דיר וויא אַ קינד געטריויא
חאָטש דוא וואַרפֿסט מיך פֿון דיא פֿיס
נאָך בייא מיר איז אַלדינג כדאי
פֿאַר דיר איז מיר קי, ואַך ניט טהייער
דוא ביסט מיר וויא מיין לעבין ליעב
פֿאר דיר לויף איך אייך אין פֿייער
אַפֿילו אין דעם פֿינסטערין גרוב
צו שטאַרבין בין איך תיכף גרייט
איך וואָלט באַלד אין קבר אריין
ווען איך וויים אַז נאָך דעם טויט
ניט מען אויך אַ גלעזעלע וויין.

# גם זה לטובה.

(איזראַעלס ליעד פֿון מאָזעס מאָנטיפֿיאָרע).

אַמאָהל האָב איך אויף געפֿיהרט זעהר איין פֿרידליך הויז
געלעבט האָב איך שטיל און גליקליך מיט פרוי און קינד,
יעטצט גוטע מענשען אַ מוסר נעהמט פֿון מיר ארויס,
זעהט אויף וואָס איך בין איבער געקומען אצינד!
אוי! איך שלעפ מיך פֿאָן טיהר צו טיהר
געיאָגט אונד געפּלאָגט אָהן אַ שיעור!
מען טייט מיט די פֿינגער אויף מיר
דאָך „גם זה לטובה" איז מיין וואָרט } בִּיס.
מיין טרייסט איז גאָטט אין הימעל דאָרט.

2.

אין מיין ארמען שטיללען און קליין גיצעלט
האָב איך מיך גישעצט דען גליקליכסטען אויף דער ערד,
מיט מיין קליינער פאמיליע מיין ליעביסטעס אויף דער וועלט
אך אין איין אויגענבליק וואַר מיר אַללעס צערשטערט
אוי יעצט לעב איך פאָן בעטטעל ברויט
פֿערלאַססען אונד נע ונד
בייא יעדען צו שאנד צו שפּאָט
דאָך גם זה לטובה איז מיין וואָרט } בִּיס.
מיין טרייסט איז גאָטט אין הימעל דאָרט

3.

אַמאהל איז מיין וועלט געווען וואָ שעהן, וואָ זיס
מיט מיין פֿרוי און קינד נאָר אין נחת פֿארבראכט
אין מיין ליעבער היימאטה גענאָססען דאָס פאראדיז
אך! איבערראשט האָט מיך באַלד מיין פֿינסטערע נאכט
גאָטט! געענג מיך שאָן שטראָפֿען וואָ זעהר

אויס האַלטען איז מיר שוין שווער,
וואָצו נוטצט מיר מיין לעבען נאָך מעהר
דאָך גם זה לטובה איז מיין וואָרט
מיין טרויסט איז גאָטט אין הימעל דאָרט. } ביז.

# שלינג, שלינג,
אָדער
## עהרענמעננער.

1.

עהרענמעננער זענען דאָ זעהר פיעל
וואָס איך אלליין האָב בייא געוואָהנט;
אַ יעדער שטרעבט צו איין אנדער ציעל
און ווערט אויך דאפיר באַלד בעלאָהנט
איין פריינד פאָן מיר וואס איך האָב געקענט
וועה איך פיהרען אין קערקער אצינד
אין קעטטען געשלאָססען דיא פיס מיט דיא הענד
פאר וואָס נעביך פאר וועלכע זינד?
ווייל ער וואר איין עהרענמאנן
פון בים, בים, בים, בים, באַם!
דארום פיהרט מען יעצט דעם עהרענמאנן
מיט דזים, דזים, דזים, דזים, דזאַם.

2.

איין מיידכען הייסט זיך ריידען א פארטיע
איין ארבייטער, כפוי! דער שטעהט איהר ניט אָן
איין אריסטאָקראט נאָך דעם וויל זיא
איין קאוואליער פאָן דער שעהנער פאָהן
באלד נאָך דער האָכצייט האָב איך זיא גיזעהן
פערוויסט, פערשווארצט וויא דיא נאכט
וואָס איז מיין טאָכטער מיט דיר דען געשעהן

דוא זעהסט אויס פֿערהונגערט פֿערשמאַכט
ווייל עס האָט זיך איהר געגלוסט איין עהרענמאַנן
פֿאָן טשיק, טשיק, טשיק, טשיק, טשאַק,
דארום האָט זיא יעצט קרענק ביים עהרענמאַנן
אויף פּיק, פּיק, פּיק, פּיק, פּאַק.

3.

אַ פּראָויענצימער וואָס פֿערשטעהט דיא קינץ
צו פֿערדרעהן יונגע לייט אָן שיעור
איין אַלטער גאָר נאָר ער האָט פֿיעל מינץ
האפּ! ער איז שאָן אויך פֿערליעבט אין איהר
יאַ אַלט איז ער, נאר איין עהרענמאנן —
דארום נעהמט זיא איהם זאָ שעה; גאָר אויף
דער עזעלקאָפּפּ ער פֿערשטעהט ניט איהר פּלאַן
אוי האָט ער בייא איהר אַ שוואַרצען סוף—
קוים נאַרט זיא בייא איהם נור אויס
דיא דזינג, דזינג, דזינג, דזינג, דזאַנג!
ציינט זיא איהם שנעל דעם וועג ארויס —
פֿלינק, פֿלינק, פֿלינק, פֿלינק, פֿלאַנג!

4.

איינער געניסט זיין גליק אונגעשטערט
ער ווייס פֿון קיין זאָרג אויך פֿון קיין נאָטה
אונגליק אָבער איז איהם דאָך בעשערט
און פֿערליבט זיך אין אַ צרה אין אַ שלאַק פֿון גאָטט
זייא ליעבען זיך און קושען מיט אַללע סמנים
ביז זייא הייראטען ביידע שאָן באַלד
עס פֿאַרגעהט קיין פֿיעל צייט אוי אַ וויטיג! זיין פּנים
איז צעריססען, צעביססען, אַ גוואַלד!
ווייל עס האָט זיך איהם פֿריהער געגליסט פֿון איהר פּיסקעלע אַ חאַפּ
קישע, קישע, קישע, קישע, קישע אַ סך
דאַפֿיר גיט זיא איהם יעצט מיט אַ שטיק האָלץ איבערן קאָפּף
לישע, לישע, לישע, לישע טראַך.

5.

איך דער ביהנע קאָממט דער אַקטער
דאָס פּובּליקום שרייט בראַוואָ ביס
צו הערען זינגען דאס איז זעהר ביגעהר
און איך זינג און זינג, און עס ווערט מיר גאָר ניט מאוס
נאָר וואָס איך וועל אייך בעטען אנא נאר טרעפט
קומט אָפט אין טהעאטער צו געהן
מיר וועלען איינע מיט דעם צווייטען מאַכען אַ געשעפט
און דאבייא פּראָפיטירען זעהר שעהן
פיר אייער געלד וועט איהר הערען פאַן מיר
זינגע, זינגע, זינגע, זינגע, זאַנג
און איך וועל נעבען אייך פערדיענן דאפיר
איוף שלינגע, שלינגע, שלינגע, שלינגע, שלאַנג.

---

# געלד.

מיר מוזען נאָר שטרעבען צו דעם וויסטען געלד
יאָה געלד, יאָה געלד, יאָה געלד
פאר געלד וועט אונז שעטצען דיא גאַנצע וועלט
דיא וועלט, דיא וועלט, דיא וועלט. —
וואָס טויג דיר גאָר בילדונג וואָס טויג דיר פערשטאנד?
וויר בלייבען אַללע שנאָרערס וויר שטרעקען דיא האנד
נאָר געלד און געלד און געלד
דאס פאָדערט דיא מאָדנע וועלט
דירה געלד, עססען געלד, טרינקען געלד אימער געלד!



וויא גליקליך שעצט זיך א דיצר יונגער מאַן?
דער מאַן, דער מאַן, דער מאַן
דאס שעהנע טייבעלע ווירד זיין פרוי זיין
פרוי זיין, פרוי זיין, פרוי זיין.

אבער ווענן זיא דערוויסט זיך אַז ער האָט קיין געלד
אוי האָט זיא אים אַזאַ נאָז ארויס-געשטעלט....
זיא שרייט: נאָר געלד און געלד
דאָס פֿאָרערט דיא וויסטע וועלט
קליידער געלד בערער געלד אַ הוט געלד אַ באָסעל געלד

3

דיא יודישע אקטאָרען איז מקנא דיא וועלט
דיא וועלט, דיא וועלט, דיא וועלט
פֿאָלל איז דאָס טהעאַטער ווייא מאַכען פֿיעל געלד.
פֿיעל געלד, פֿיעל גערד, פֿיעל געלד
אָבער דיא גרויסע עקספענסעס ועהט מאן ניט ארויס
דעם ערשטען ווען זייא צאָהלען דיא ווערשעס אויס,
נאָר געלד, און געלד, און געלד
עס געהט אַוש איבער אַ קעלט
טהעאטער געלד, מוזיק געלד, קאסטימע געלד.

## חאפט איהם און צאַפט איהם.

פֿיעלע מענשען האָב איך געזעהן
פשוט ליידיג ארום געהן
קיין שום מלאכה אין דער האנד
און דרעהן דיא וועלט, און דרעהן דיא וועלט,
און ווערען איך אָנגעשטאָפט מיט געלד
אָבער דאָס איז דאָך אַיין פֿערדרוס
וויא אזוי מאַבען זייא דאָס מעות?
פֿון חאַפט איהם, און צאפט איהם
און ציפיציפי צאפט איהם
— און רייבט איהם און פֿייבט איהם
און מאכט דאָס מעות. (בין).

2

פֿאר א רב'ן פֿארשטעלט זיך איינער נאָר

אַ לץ פֿון אַלדע שוואַרצע יאָהר
ער בעווייזט גאָר מופתים און מאַכט דעם קונץ
און פֿאר דרעהט דיא וועלט און דרעהט דיא וועלט
און ווערט אויך געשטאָפּט מיט געלד
אָבער דאָס איז דאָך איין פֿערדרוס
ווי מאַכט דער רבי דאָס מעות
פֿון חאַפּט איהם און צאפּט איהם
און ציפּיציפּי צופּט איהם
און רייבט איהם און פֿייבט איהם
און מאכט דאס מעות. (ביז).

8

אין ניו יאָרק האָב איך פֿיעלע פֿרויען געזעהן
שפּאצירען ארום גאַנצע נעכט אלליין
אָן איין שומר און אָן איין מאנן
דאָך זאָגט דיא וועלט: וואס זאָגט דיא וועלט?
אַז זייא פארדינען אויך פֿיעל געלד
אבער דאס איז איין פֿערדרוס
וויא מאַכען דיא דאַמען דאָס מעות
פון חאַפּט איהם און צאפּט איהם
און ציפּיציפּי צאפּט איהם
און רייבט איהם און פֿייבט איהם
און מאכט דאס מעות. (ביז)

## שלמה'ס מעלות.

שלמה'ס מעלות, דערציילען אַלעס
בין איך ניט אימשטאנד אייך מיט איינאנד
דאָ צו דערציילען
קלאָגען מעגט איהר, גאָר אָן אַ שיער
אַזא מלך וועט אונז עוויג פֿעהלען
וייט ער איז מלך איז אונז פֿרעליך

אַלע קריעגע, אַללע ויעגע
מאכט ער נור מיט זיין כח
און דיא פֿיינדע ויינען אונז פֿריינדע
א דאס האָט ער געפיעלט נאָר מיט זיין קלוגען מוח
יאה און דיא ברכה און הצלחה
איז דאָ אומעדום
מען צאהלט קיין שטייער ניט אַ דרייער
אויף דיא וועגען ליעגט פֿערמעגען
געלד מילליאָנען און פֿון וואַנען
קומט דאס צו איהם
דאנקען דארפֿין מיר נאר איהם
וויינט יודען ווייכט אויף דיא קעפף אָנגילעהנט
צו גאָטט דעם ליעבען, ער זאָל אונז פֿערגעבען
פֿיללייכט האבען מיר זינד.
וויינט יודען וויינט, אויף דיא קאָפף אנגילעהנט
אונז אויפֿלעבען און אונז צוריק געבען
שלמה המלך אצינד
נא שיק־ושי אונז גאָטט צוריק
אונזער שלמה המלך מיט גליק
ער איז אונזער קראפֿט אונר גלאנץ
יאה גלאנץ
ישראליקס קראהן וועט ווידער זיין גאנץ
אך וויא שעהן מיר אללייז
וועללען זיך דאן פֿרעהן
פֿיר דער מרה שחורה שרעק און מורא
וואס מיר ליידען דורך שלמה המלך
וועלען מיר זינגען, טאנצען שפרינגען.

# באַנציע דיא קנייטיל לייגערין

(פון דיא באָבע מיט דעם אייניקעל).

שוין אַפגעקוממען פֿאַר ויינע זינד
אין דיין ווידע מיין ליב קינד
ווייל ער האָט — אַזוי זאגט דיא וועלט
געהאַנדעלט תמיד מיט פֿאַלש געלד
געשטארבען איז ער אין אייזערען קייטעלע ...
פֿאַר זיין נשמה אַ קנייטעלע
דרעה דעם פֿאָדים דרעה ושע שטאַרק.
אוי — אזוי —

2

שוין אָפגעקומען פֿאר איהרע זינד
אין צייטעלע דיין געשוועסטער קינד
ווייל זיא האט — אזוי האט דיא וועלט גיזאגט
ביים פריץ גענעכטיגט און געטאָגט
פֿון אַקימפעט איז געשטאָרבען צייטעלע
פֿאַר איהר נשמה אַקנייטעלע
דרעה דעם פֿאָדים דרעה ושע שטארק
אוי — אזוי —.

3

דיין פֿעטער איז גיוועז אי פֿרום אי רייך
גוטע יודען האָבין איהם געקאָסט אַ סך
אין שטאָדט איז ער אַ מסור געווען
ביז דאָס שטעטיל האָט זיך ארום געזעהן
און פֿאַרשיקט האָט איהם דאָס שטעטעלע
פֿאַר זיין נשמה אַקנייטעלע
דרעה דעם פֿאָדים דרעה ושע שטאַרק
אוי — אזוי —

4

דיין גוטע מיטע גערינק איך קלאָהר

איז אַ מויד געוועזן ביז 50 יאָהר
אויף איהר זיווג האָט זיא אַזוי לאַנג געוואַרט
ביז דער מאַרך פֿונם רוקען האָט איהר אויסגעראַרט
פֿונם רוקען איז געשטאָרבען מייטעלע
פֿאַר איהר נשמה אַ קנייטעלע
דרעה דעם פֿאָדים דרעה ושע שטאַרק
אוי אַזוי —

5

אויס געמעקט האָט זיך פֿון יודישקייט
דיין ברודער וואָס געהט גויש געקליידט
אַפּאָר טאַפֿלים טראָגט ער אויף דער נאָז
און שאָבט אָפּ דיא באָרד מיט אַ שטיק גלאָז
אומגעוואַשען עסט ער אַ ברייטעלע
פֿאַר זיין נשמה אַ קנייטעלע
דרעה דעם פֿאָדים דרעה ושע שטאַרק
אוי — אַזוי —

6

מיט איהרע אייגענע האָר געהט דיין שוועסטער אַציגר
חלעבין עס טהוט קיין יודיש קינד
אויף אַ חתונה האָב איך זיא אַליין געזעהן
מיט דעם הארץ אין דרויסען אזוי צו געהען
און פֿאַר איהר ביזעם אַ קווייטעלע
פֿאַר איהר נשמה אַ קנייטעלע
דרעה דעם פֿאָדים דרעה ושע שטאַרק
אוי — אַזוי —

7

אַ כוחר איז דיין שוואָגער געוועזן
15 יאָהר געהאַנדעלט שיין,
קרעדיט האָט ער גיהאַט בייא דער וועלט
ביז ער האָט פֿאַר נומען אַ סך געלד

און האָט פלוצלונג געמאַכט אַ פליטעלע
פֿאַר זיין נשמה אַ קנייטעלע
דרעה דעם פֿאָרים דרעה ושע שטאַרק.

אוי — אַזוי —

## יאַנקעלע געהט אין שול אריין.

עלענר, קליין און נמאָס
איז יאַנקעלע גאָטטעס וואהן,
און וויא פֿיינד האָבען איהם דיא אומות
איהם קענען זייא גאָר ניט טהון
גבורים מיט זעהער גבורה
קאָנען ניט געגען איהם ביישטעהן.
וויא פֿיעל מאָהל בייא ווילדע טהירע
איז ער געלעגען אין דיא ציין,
וויא פֿיעל מאָהל איז שוין געהאנגען
איבער איהם דיא שאַרפֿע שווערד,
וויא פֿיעל מאָהל פֿלעגט מען פֿערלאַנגען
איהם אויסמעקען פֿון דער ערד
איהם העלפֿט פֿאָן אַללע סכנות
עס זאָל אים גאָר ניט זיין
פֿאַכט יאַנקעלע אַ טענית
און געהט אין שול אריין!

2.

דעם שונא צו בעפֿאהלען
קלייבט מען העלדען אויס
מען גרייט אָן שפיזען פפיילען
חיל גאָר אגרויס,
ער דאַרף קיין שווערד אַפֿילו
פֿאַסטען איז זיין געווער
תשובה, צדקה ותפלת

ראס איז זיין טיליטער;
זיין ויפּץ פון גאַנצען
שיסט ביז אין הימעל אויף,
וויא שופרות הילעכט זיין קרעכצען
מלאכים וועקט עס אויף
וויא האלטען פאר אים מלחמה
דיא שונאים נעהמט ער איין
און ברייגנען אים דיא נחמה
גלייך אין שול אריין.

8.

דער טיגער איז פאָן איהם טילדער
קיין טיגער פרעסט ער ניט,
דער מענש איז פאָן איהם ווילדער
ער טרינקט נאָר מענשען-בלוט!
וואָס מענשען שטעלט צופרידען
וואָס אַ רשע המן קען,
טאָטען טויזענדער יודען
מיט איין קריץ פון דער פען!
לויפערס לויפען און יאָגען
עס ברענט אויף וויא דיא הויט
וויא לויפען שנעל און טראָגען
אין דיא בריעף דעם שרעקליכען טוידט!—
איהר וועט איהם שוין נישט טאָטען
צערשטערט אין אייער פּלאַן
ווייל יאַנקעלע גערהט יעצט בעטען
גלייך אין שול אריין.

# וויא לאנג נאָך?!

(פֿאָן דיא ציגיינערין).

וויא לאנג נאָך, גרויסער גאָטט,
ווירד דער איד אין גלות זיין?
געטריבען, געפּלאַגט, צו שאַנד אונ שפּאָט
פֿון איין לאנד צום צווייטען אריין
וויא לאַנג נאָך?!

1

שוין באַלד צוויא טויזענד יאָהר
פֿערפֿאָלגט אויף יעדען טריט
זיין לעבען אין געפֿאַהר
לידעט אין גלות דער איד!
ער קלאָגט דיא גאַנצע צייט
ער וויינט אויף זיין עלענדקייט,
אויף זיין לאַגע און זיין ביטערן שטאַנד
פֿערפֿאָלגט אין יעדען לאַנד.
מיט געבעט און תּפילות דוא זאָלסט איהם ערהערען
פֿערגיסט ער דאר גאָטט זיינע טרערען
און בעט מיט פֿאָלען שמערץ
מיט איין ביטטער הערץ

וויא לאַנג נאָך א. ז. וו.

2.

אין אונזער הייליגער שטאַדט
פֿאָן וואו וויר זינד פֿערבאַנדט
שטעהט ירמיהו הנביא אין אַ זייט
בעטראַכטעט דיא צובראָכענע וואַנד
און אויף אַ שטיק פּאַרגאַמענט
וואס ער האלט אין זיינע הענד
מיט טרערען, מיט בלוט דיא שאַנד

שרייבט ער פֿון דעם הייליגען לאַנד!
איך דיא הייליגע קברים איינזאם אליין
צו ערוועקען אַ זכות מיט אַ שרעקליכען געוויין
און בעט מיט פֿאָלען שמערץ
מיט איין ביטערע הערץ
וויא לאַנג נאָך א. ז. ח.

8.

אין מערב דאָרט זעהר ווייט
אין דרום, אין צפֿון וויא אַ ווינד
איין שטיממע קלאָגט און שרייט,
רחל באוויינט דאָרט איהר קינד!
דיא מענשליכע פאַראַזיטען,
דיא פּפֿאַפֿען דיא יעזואיטען
דער פעבעל דער ווילדער המון
וויא ברענען פֿון גרויס ביז קליין
זיא שרייט און ווייגט: וואָס איז געוואָרען אַציגד
מיט מיין יוסף'ן, מיין איינציג קינד!
און בעט מיט פֿאָלען שמערץ
מיט איין ביטטער הערץ
וויא לאַנג נאָך א. ז. ח.

---

# דאס יודוניו.

1.

נישטאָ אויף דער וועלט קיין פלאַטץ, קיין אָרט
וואו איך זאָל ניט געפֿינען מיין יודוניו דאָרט,
און חאָטשע ער פֿארבייט אום־אונד־אום זיין געשטאַלט!
זיין מנהג, זיין לשון — דערקאָן איך איהם באַלד
אַז דאָס איז אַ יודוניו — קוקט אייך צו גוט —
דאס איז ער מיט דיא ביינער וויא איך בין אַ איד.

2

מיט לײנוואַנטענע פֿליגעל אויף דעם גה׳יסען מעער
פֿליהען גאַנצע הײזער אהין און אַהער;
װיא נעהמען און ברײנגען קומענדיג צום באָרד
מיט אײן גאַנץ רײכען געפֿעכטעטין לאָרד,
אַט דאָס איז אַ יודוניו — קוקט אײך צו גוט —
דאָס אין ער מיט דיא בײנער וויא איך בין אַ איד.

3.

און אין דיא װיסטע סטעפּעס װאו עס פֿאָרט ניט קײן ראָד
אין דעם טיפֿסטען זאַמד שלעפּט זיך אַ װערבליוד.
אויף איהם ליגט אַ טערק, צולײגט זיך גאַנץ פֿויל
אויף דעם קאָפּ אַ טאָרבאַן דיא ליולקע אין מויל,
אַט דאָס איז אַ יודוניו — קוקט אײך צו גוט —
דאס איז ער מיט דיא בײנער וויא איך בין אַ איד.

4.

אויף דיא היכע בערג גאַנץ װײט אין קאַװקאַז
װאו עס צונעהט קײן מאָל קײן שנעע, קײן אײז
דאָרט לויפֿט אַ צשערקעס אויף זײן ספּריטנע פֿערד
ער לויפֿט אַזוי שנעלל, ער בעריהרט קוים דיא ערד
אַט דאָס איז אַ יודוניו — קוקט אײך צו גוט —
דאָס איז ער מיט דיא בײנער וויא איך בין אַ איד.

5.

אין דאָס לאַנד פֿאָן װאו דיא מאָרעס קוממען ארויף
שפּאַצירט זיך דאָרט אײן געפּוצטער פֿראַנצויז
ער רעדט אונטער דעם נאָז — אידעש קײן װאָרט,
מאַקע אָן דער נאָז אלײן דערקאָן איך איהם פֿאָרט
אַז דאָס איז אַ יודוניו — קוקט אײך צו גוט —
דאָס אין ער מיט דיא בײנער וויא איך בין אַ איד.

6

קוקט אָן דעם טאָטאַר דעם גראָבען מאָלצ

מיט דער שמוישענער מיצקע, און שווערט ביים אַל—לאַ

ער האַלט זיין ווייב אויף שלעססער פֿערמאַכט

און „אַחשאַם חאַראַסען" איז זיין גוט נאַכט

אָט דאָס איז אַ יודוניו — קוקט אייך צו גוט

דאס איז ער מיט דיא ביינער וויא איך בין אַ איד.

7.

און וואו עס ברענט דער פֿראָסט מיט סכנות אָה וואַ

וואו עס וואָהנט זיך דיא אַלטע מאַמע מאָסקוואַ,

דאָרט לויפֿט מיט אַ טרויקע אַ גאַנץ געזונטער רוסס

ער ויצט זיך גאַנץ בויקיג פֿערפֿרוירען דיא נאָז,

דאס איז אַ יודוניו — קוקט אייך צו גוט —

דאס איז ער מיט דיא ביינער וויא איך בין אַ איד.

8.

קוקט אָן דעם נפש קויטיג און בלויי

אונטער דעם אויווען, רייבט ער זיך אין קלויז

נאָר תהלים און פֿאַסטען דאָס איז זיין געשעפֿט,

איינגעהויקערט, פֿערדארט — ווער איז דאָס? נאַ טרעפֿט

דאס איז אַ יודוניו — קוקט אייך צו גוט

דאס איז ער מיט דיא ביינער וויא איך בין אַ איד.

# בחצי הלילה.

1.

איך קען א מעשה אַ שיינע, בחצי הלילה

וויא אַ מאַנן חאפט זיך פלוצלונג אויף בדילה

אין א אויבער שטיבל בייא דער שכנה בחצי הלילה

קריכט ער שטיל ארויף בלילה

זיין פֿרוי ערוואַכט און זוכט איהם און זוכט איהם

וואו קען איהר חיים זיין איהר חיים זיין
זיא געהט צוא דער שכנה און געפינט איהם בחצי הלילה
ויא לייגט קלעפ אריין בלילה.
יאָ אללע אויינע זאַכען ווערען נאָר געטהאָן בלילה
ווייל בייטאָג האָט מען טאַקע מורא מען זאָל ניט ועהן.

2

זעהט וויא מען טראָגט אַ שווערע משא, בחצי הלילה
מיט גרויס שרעק בלילה
דאָס איז אַ אייזערנע סייוו, בחצי הלילה
וואס מען האט געגנבעט אַוועק בלילה
פּלוצלונג זעהט מען זייא שפּאצירען שפּאצירען
פון פּאָליציסטען באַגלייטען באַגלייטען
מען זעהט זייא געבּאַך פיהרען בחצי הלילה
געשלאָססען אין קייטען בלילה.
יאָ אַללע אויינע זאַכען ווערען נאָר געטהאָן בלילה
ווייל בייטאָג האָט מען טאַקע מורא מען זאָל ניט זעהן.

3.

דאָרט זיצט אַ סוחר אין מרה שחורה בחצי הלילה
און רעכענט זיינע פּאפּירען בלילה
ער האָט מעהר שולדען וויא סחורה בחצי הלילה
ער מוז געבּען באַנקראָטירען בלילה
פּלוצלונג קומט איהם אייף דעם זינען אויף דעם זינען
זיין סטאָר איז אַסעקיוריערט, אַסעקיוריערט
ער צינדט אונטער דיא מאַגאַזינען בחצי הלילה
און נעמט געלד וויא געשמירט בלילה.
יאָ אַללע אויינע זאַכען ווערען נאָר געטהאָן בלילה
ווייל בייטאָג האָט מען טאַקע מורא מען זאָל ניט זעהן.

4.

אין דער 14טער סטריט אין אַ שאַפּ בחצי הלילה
זכט אַ ווייב אַ יונגער מאַן בלילה

פלוצלונג דערזעהט ער זיא פון ווייטען בחצי הלילה
געאַרעמט מיט איין שאַרלאַטאַן בלילה
ער לויפט צו שטיל און חאַפּט זייא אָן, חאַפּט זייא אָן
עס ווערט אַ גישלעג, אַ גישלעג
אַ פּאָליסמאן דרויף לייפט באַלד אָן בחצי הלילה
און פיהרט זייא אין סטיישין אַוועק בלילה
יאָ אַללע אויינע זאַכען ווערען נאָר געטהאָן בלילה
וייל בייטאָג האָט מען טאַקע מורא מען זאָל ניט ועתן.

# פון דאנענט ביז אהער.

1.

דאָס ווערטיל ווייסט דאָך אַ יעדער
פאָן דאַנען ביז אַהער
דאס לערינט מען אין חדר
פאַרגעסין איז דאָס שווער
דער רבי זרח פייטעל
שטייט גרויס וויא אַ בער
און ווייזט איהם מיטען טייטעל
פאָן דאַנענט ביז אַהער.

2.

דער סוחר לויבט זיין סחורת
און לאָזט דיא פרייזען אַראָפּ
ער שווערט גאָר אָן מורא
ער לייזט ויא פאָן קרן אָפּ.
שווערט אייך ניט מיין לעבען
און לאָזט גאָר אַראָפּ נאָך מעהר
וייל אַ סוחר מאָג מען גלויבען
פון דאַנענט ביז אַהער

3.

דער מאַן איז דאָך א מלך
זיין ווייבעלע האָט איהם ליעב
פֿאַר איהם איז זיא שטענדיק פֿריילִיך
מאַר עפּעס האָלט זיא זיך ניט אין א שטוב
נאָר וואָס שמיעסט מען עפּעס פֿאָן דיין לעבען
גע נאָר מענשעלע הער.
מיא שמועסט, דוא זאָלסט איהר גלויבען
פֿאָן דאַנעגט ביז אַהער.

4.

דער מאַן ליעבט זיין ווייבעל
ער שטרעקט זיך אויס נאָך איהר
ער הופּט זיא קעצעלע טייבעל
מיר זאָל זיין פֿאַר דיר.—
וואָס שמועסט ער מיט דער דינסט מיידעל ביים אויזוען
גע נאָר ווייבעלע הער
זעסטו דיין מאַן גלויבען
פֿאָן דאַנעגט ביז אַהער.

5.

ווי ארעם עס איז געוועזן דער יאָקעל
דאָס וויים דיא גאַנצע וועלט
נאָר וואו האָט זיך גענומען צוא דעם דוראַצאָקעל
נאָר אַזוי פֿיעל געלט
עהרליך איז דאָך שווערליך צו הגיבען
דאָס וויים דאָך יעדער ווער
ווייל יעקלען מעג מען גלויבען
פֿון דאַנעגט ביז אַהער.

6.

דיר מיידעלע וואָלט איך ראַטען
נאָר פֿאָלגען זאָלסטו מיר

ואָלסט האַלטען פֿאַן דער ווייטען
דעם יונגען מאַן פֿון זיך
ער מעג דיר גלעטען, ליעבען
אונד קושען ..... אָבער טאַקע ניט מער....
ווייל אַ אינגעלע מעג מען גלויבען;
פֿאַן דאַנענט ביז אַהער......

7.

אַ יונגער מאַן אַ שטיינער
נעהט אויף דער וועלט אַרויס
וואָס ער טראַכט אויף זיין געלעגער
דערציילט ער דעם צווייטען אויס
יונגער מאַן מיין לעבען
פּלוידער שוין נישט מעהר
ווייל אַ גוטען ברודער מעג מען גלויבען
פֿאַן דאַנענט ביז אַהער.

## מען זאָגט ניט אויס פון חדר.

1.

איך האָב אַמאָהל געלערענט בייא איין רבין
האָט ער מיך שטאַרק געשלאָגען
און ער האָט מיר אַ באַפֿעהל געגעבין
איך זאָל פֿון חדר ניט אויסזאָגען;
איך געדיינק אַז איך בין קליין געווען
האָט מען מיר געזאָגט כסדר:
אַז דוא וועסט מיין קינד עפּעס זעהן
זאָג ניט אויס פֿון חדר.

2.

אַ יונגער מאַן האָט געליבט אַ מיידיל
דיעך פֿון רייכען אָרט
דיא איז געווען שאָן און אידיל

ווִיא האבּען זיך בּיידע גענעבּען דאס וואָרט
ווִיא האבּען בּיידע ראָמאַנסירט
דאָס האָט געוועהן אַ יעדער
איך וואָלט אייך דערציילט וואָס מיט ווייא האָט פּאַסירט
נאָר איך זאָג ניט אויס פֿון חדר.

3.

צום דאָקטאָר איז געקומען איינער
איך זאָג אייך אַ רב'ס אַ זוהן
אַ יונגער מאַן אַ פֿיינער
האָט געבּעטען ער זאָל איהם געבּען אַ טערעצין
דיא קרענק איז געקומען פֿון הייראַטין.
יעצט מוזט איהר אַ היפּשע צייט וואַרטען,
פֿאַר וואָס? זאָג איך ניט אויס פֿון חדר.

4.

צום רבּ'ן איז איין עקרה געקוממען
ער זאָלל איהר מבטיח זיין אַ קינד
דער רבּי האָט זיא שוֹין אויפֿגענוממען
און האָט איהר געהאָלפֿין געשווינד
אַזעלכע נסים קען באַווייזען
פֿון אייך אַ יעדער
איך וואָלט אייך דערציילט וואָס דאָרט איז געוועזן
נאָר איך זאָג ניט אויס פֿון חדר.

---

## דיא וועלט האָט זיך איבּערגעקערט.

(פֿאָן פּראָצענטניק).

1

ספֿוי צו'ן'אַלדע שוואַרצע יאָהר
חלעבּין איך קען ניט פֿאַרשטעהען
דיא וועלט איז געוואָרין איבּערגעאָנדערט גאָר
זיא איז ניט אזוי ווִיא זיא איז געוועזן —

דאָס וואָס איז אַמאָהל געוועזן מיאוס
איז דאָך היינט גאָר שעהן
אַ יעדער שריט עס איז צוקער זיס
עס האָט גאָר טויזענד חן
נאָ זאָגטושע, זאָגטושע איהר אליין
צו האָט איהר דאָס געהערט
איך קען דאָס חלעבין גאָר ניט פֿערשטיין
וויא דיא וועלט האָט זיך איבערגעקערט.

2.

פֿאַרצייטענס פֿלעגט מען האָבען בעטגעוואַנט
חלעב'ן עס איז געוועזן אַ פֿערגעניגען
דאָס איז אייך מענשען גוט בעקאַנט
מען האָט געהאַט אויף וואָס צו ליגען
היינט האָט פֿאַריז אויסגעטראַכט מיטלען
עפּעס גאָר אַזוי
דיא פֿרויען טראָגען דיא פֿעדערין אין דיא הינטלען
אין דערהיים שלאָפֿט מען אויף שטרוי
נאָ זאָגטושע א. ז. וו.

3.

דעם דלות פֿלעגט מען אַללע מאָהל זעהן
אין דיא הייזלאך דיא קליינע
ער פֿלעגט זיך נאָר ארום דרייען
בייא דיא אָרעמע אידלעך געמיינע
היינט ווערט איהר דעם דלות געפֿינען
אין צימערין וואָס דאָס מעביל איז מיט סאַמעט בעשלאָגען
פּיאַנע שפּיעלט מאַן און טרערין רינען
מען איז הונגעריג מען טאָר ניט אויסזאָגען
נאָ זאָגטושע א. ז. וו.

4

אַ שוואַרצע מויד האָט מען פֿיינד געהאַט
אַזוי וויא מיר אַללע ווייסען

פֿאַר איהר איז מען אַנטלאָפֿען ווייט
וויל ציגאַנקאַ האָט זיא געהייסען
היינט וועט איהר געפֿינען אין אַ יעדער שטוב
אַ שוואַרצע פֿרוי אַ קאָקעטע
דער מאַן שרייט איך האָב זיא ליעב
וויל זיא הייסט שוין גאָר בראָנעטע
נאָ וואָגטושע א. ז. וו.

5

דיא עססינס וואָס האָבען אַמאָהל געגאָלטען
בעקאָמהען גאָר אַנדערע נעמען
מען האָט זייא היינט גאָר איבערגעביטען
מען מעג זיך חלעב'ן גאָר שעמען
דאָס וואָרט קוגעל איז געוואָרען נמאס
שטרוו׳זל הייסט עס גלאַט
און וואָס אונזערע עלטערין האָבען גערופֿען ציטעס
הייסט עס היינט קאָמפּאָט.
נאָ וואָגטושע וואָגטושע איהר אַליין
צו האָט איהר דאָס געהערט
איך קען דאָס חלעב'ן גאָר ניט פֿערשטעהן
ווי דיא וועלט האָט זיך איבערגעקערט.

---

# מיין יחוס.

1.

מיין טאַטע איז אַ פֿרומער יוד געוועהן
אַללע ווייבער פֿלעגען צו איהם געהן
אַללע יאָהר פֿלעגט ער חתונה האָבען
און צום יאָהר האָט ער דאָס ווייב באגראָבען—
אַ נביא איז מיין טאַטע אויך געוועהן
אַללע גניבס בנבואה פֿלעגט ער זעהן

פ ציבה ווען עס האָט זיך פערלאָפען
בי א מיין טאַטען האָט מען זייא נעטראָפען.

2

אַז מיין מאַמע האָט זיך געגנט מיטן טאַטען
ווייל זיא האָט ליעב געהאַט ארמע סאָלדאַטען
זיא פלעגט שנאָרען ביי דער גאַנצער וועלט
און געבען דיא סאָלדאַטען דאָס געלד,
אין דעם זכות האָט איהר געהאָלפען גאָטט
בייא 80 יאָהר האָט זיא חתונה געהאט
זיא האָט גענומען אַ פראָסטען סאָלדאַט
און צוא 90 יאָהר אַ קינד געהאַט.

3

אַז גאָט האָט מיין מאַמען צו גענומען
אין מיר מיין מאַמע צו חלום געקומען
און האָט געזאָגט איך זאָל מיין לעבען
פאַר אַרמע שטרעבען,
טאקע אזוי האָב איך געמאַכט
און פאַר סאָלדאַטען פלעג איך לויפען טאָג און נאַכט,
אַ סאָלדאַט ווען איך פלעג דערזעהן
פלעגען מיר דיא כחות אויסגעהן.

# נע ונד.

(פאָן עמיגראַציאָן נאָך אַמעריקא).

1

הערט מיך שוין אויף אזוי צו פלאָגען
לאָזט מיך לעבען באַריהט
איך קען שוין ניט מער ערטראגען
אזוי וויינט פאַר גאָטט דער יוד:
פון מיין הײמאַטה פערטריבען אזועק

אין דער פרעמד יאָג איך מיך ארום
אוי מען שלאָגט מיך גאָר אָן אַנ'עקן
און מאן טרייבט מיך וואָהין איך קום
שוין 2000 יאָהר איז נים גענוג?
מיין נאמען זאָל זיין אווי צום שפּאָט
אָ פיהר מיך שיין א היים צוריק
ביז ווען וועל איך נאָך זיין נע ונד

2

פון יתומים ווה דיא טרערען
קלאָגען און וויינען אין וועהר נויט
וואָס וועט פון אונז יעטצט ווערין
אז אונזער פאטער איז נים דאָ ער איז טוט
ווער פריער איז גיוועזן א רייכער מאן
פיעלע יאָהרין זיסע גליקליך פערבראכט
אין יעצט ערמאָרדעט פון דעם טיראן
זיין פרוי און קינדר פערהונגערט פערשמאכט
איז דען דיין שטראָף נאָך נים גענוג
ערוועק שוין דיין רחמנות גוטער גאָטט
אָ פיר מיך שוין אהיים צוריק
ביז ווען וועל איך נאָך זיין נע ונד.

3

אונזער אונגליק איז גרויס גאר אונערהערט
וויא דיא רשעים האָבען זיך נוקם געוועזן
גערויבט, געמאָרדעט, צובראָכען, צורשטערט
שרעקליך איז דער חרבון וואָס איז אונז גישעהן
וייא האָבען חרוב געמאכט און צובראָכען דיא ווענט
פון דיין הייליג הויז זואו מיר בעטין צו דיר
אונזערע הייליגע ספרים צוריסען פארברענט
יודיש בלוט פארגאָסען גאָר אָן א שיער

איז דען דיין שטראָף נאָך ניט גענוג
ערוועק שוין דיין רחמנות גוטער גאָט
אָ פיהר מיך שוין אהיים צוריק
ביז ווען וועל איך זיין נע ונד.

# ביזנעס.

(פאָן עמיגראַציאָן נאָך אַמעריקא.)

1

אַמעריקא איז אַ פרייע שטאַאַט
דאָ דאַרף מען ניט האבען קיין פאַס
דאָ נעהמט מען ניט קיינעם פאַר קיין סאָלדאַט
דאָ צאָהלט מאַן אויך ניט קיין מס
נאָר אוי! דער דאָללאַר דער דאָללאַר
אַז ער פעהלט דאָ איז ביטטער און שלעכט
נאָר אוי! דער דאָללאַר ער איז גערעכט
וועיל אַלעס איז ביזנעס, ביזנעס!
ביזנעס איז ביזנעס ועהר געשייט
וועיל אַלעס איז ביזנעס, ביזנעס!
ביזנעס איז ביזנעס ביזנעס אָלרייט.

1.

אין אַ רייכער באַנק אַנגעשטעלט
איז איינער אַלס פרעזידענט
פאָן דער קאססא דאָס גאַנצעס געלד
איז פערטרויט אין זיינע הענד
פלוצלונג שמעקט איהם ניט דיא היזיגע לופט
נאָך קאַנאַדאַ מאַכט ער אַ שפּאַציר
נאָר אוי! דיא קאססא האָט אויך מיטגענומען
וואָס איז דאָס מיין פריינד מיט דיר
וועיל דאָס איז ביזנעס (ביזנעס)
ביזנעס א. ז. וו.

2

איין רייכער מאַן און בעקאַנט אויך זעהר
אין שטאָדט אויך אַנגעזעהן

אין סיסי־האָלל אויף דעם גרויסען משער
פֿלעגט ער זיצען אַליין
פּלוצלונג וויא עס קאָן פּאַסירען אַללעס־דינג
מיין שטאַגען איז גאָר אָן שיעור
אַ וועשער געוואָרין איז ער אין סינג סינג
וויא קומט דאָס מיין פֿריינד צו דיר
דאָס קומט מיר פֿון ביזנעס, ביזנעס!
ביזנעס א. ז. וו.

4.

אַ מיידיל אַ יונגס, און אויך זעהר אַ שיינס
פֿלעגט זיין געווײנט דערצו
אום־שפּאַצירען ביינאַכט אַליין
פֿרישע לופֿט געזוכט האָט זיא
איך זעה עפּעס ווינקט זיא מיט דיא אויגען צו מיר
איך לויף צו איהר צו געשווינד:
„וואָס איז מיין טאָכטער דיא מעטער מיט דיר
וואָס טיינסטו דערמיט מיין קינד"
איך מיין, זאָגט זיא, ביזנעס, ביזנעס!
ביזנעס א. ז. וו.

---

# על חטא.

דער טאָג פֿון יום כפור איז פֿוהל מיט געזוין
עס פֿאַסט אפֿילו איין קינד
אין שול איז יעדער פֿון גרויס ביז קליין
יעדער וויינט פֿאַר זיינע זינד
דאָרט שטייט אַ יוד מיט אַ צובראָכין געמיט
פֿאַר שמאַכט קוים וואָס ער רעדט
דעם קאָפּ איינגעבויגען מיט טרערין אין דיא אויגען
און שלאָגט זיך אין האַרצין „על חטא":
איך האב געזינדיגט פֿאַר דיר „על חטא"
איך האב עבירות אָהן שיעור אוי „על חטא"
דאס בין איך דיר מודה אליין

אַז איך בין דאס יאָהר זינדיג געווען
אוי איך שרייא „על חטא"
וואס זאָל איך לייקענען גאָר אוי „על חטא"
עס גייט אַ נייא יאָהר אוי „על חטא"
איך וועל שוין איך שווער
בין נאך יום כפור נישט זינדיגען מעהר
ווייל עס קומט אַ נייא יאהר מיט אַ נייעם „על חטא"
פֿאַר שטופּט אין אַ ווינקעלע דאָרט אין קלויז
האב איך איינעם דערקענט
ער איז ערשט ניט לאַנג פֿון קרעמינאַל אַהיים
ווייל ער האָט געהאַט לאָווקע הענד
און פֿאַר זיין שיינעם נאַטור
האט ער זיך דרייא יאָהר
מיט קאַנטשיקעס גוט אָהגעזעסט
היינט ליגט ער אין שוהל
און פֿאַר גיסט טרערין פֿוהל
און שלאָגט זיך אין האַרצין „על חטא"
איך האָב געזינדיגט פֿאַר דיר — אוי „על חטא"
איך האב עבירות אָהן שיעור — אוי "על חטא"
דאס בין איך דיר מודה אליין
אַז איך בין דאָס יאהר אַ גנב געוועז
דער פֿאַר וויין איך און שרייא „על חטא"
וואָס זאָל איך לייקענען גאָר אוי „על חטא"
עס גייט אַ נייא יאהר אוי "על חטא"
איך וואָלט געגאַנבעט אַצונד אויך
נאָר עס גייט מיר ניט אַרויס פֿון טוח
דיא קרימינאַלנע קאַנציקעס פֿון יענעם „על חטא"
איין אַלטער מאַן שוין מיט גראָע האָר
ווייגט און קלאָגט זעהער, פֿיהל
ער האט אַזוי פֿיעל עבירות געטהאן דאס יאָהר

מודה זיין ווײל ער אין שוהל
איך פלעג איהם שטענדיג זעהן
אין דיא הינטער געסלאַך געהן
און מיט ווערמען עס פאַסט ניט האָט ער גירעדט
היינט ליגט ער אין שוהל
און פערגיסט טרערין פיהל
און שלאָגט זיך אין האַרצין „על חטא"
איך האב געזינדיגט פאַר דיר אוי „על חטא"
איך האב עבירות אָהן שיעור אוי „על חטא"
דאס בין איך דיר מודה אַליין
אַז איך בין דאס יאָהר אַ שאָלטאַק גיוועזן
דער פאַר, וויין איך און שרייא „על חטא"
וואָס זאָל איך לייקענען גאָר אוי „על חטא"
עס געהט אַ נייא יאָהר אוי „על חטא"
איך וועל שווין איך שוועהר
ניט זיין קיי שאָלטאַק מעהר
ווייל עס קומט אַ נייא יאָהר מיט אַ נייעם „על חטא"
בייא דיא ווייבער אין שוהל איז אויך אַ גיוויין
אָהן זייערע עבירות האבין זייא זיך דערמאָנט
דיא פיר-זאָגערין פון דאָרט האב איך גיזעהן
בנאָמנות וויא איך האב זיא דערקענט
דאס גידיינק איך אויף קלאָהר
אַז אין איהרע יונגע יאָהר
האט דיא וועלט פון איהר שטאַרק גערעדט
היינט ליגט זיא אין שוהל
און פערגיסט טרערין פיהל
און שלאָגט זיך אין האַרצין „על חטא"
איך האב געזינדיגט פאַר דיר אוי „על חטא"
איך האב עבירות אָהן שיעור אוי „על חטא"
דאס בין איך דיר מודה אַליין
אַז איך בין אין דער יוגענד אַזוי פרום ניט גיוועזן
דער פאַר וויין איך און שרייא „על חטא"
וואָס זאָל איך לייקענען גאָר אוי „על חטא"
עס גייהט אַ נייא יאָהר אוי „על חטא"
איך וואָלט געזינדיגט גאַנץ פרייא
נאָר עס איז שוין ניט דאָ סייא ווייא סייא
דער אַמאָליגער כוח מיט דעם יצר הרע
פון דעם יונגען „על חטא"

# דיא ליעד פאן דער באבע מיט דעם אייניקעל.

**אייניקעל** אוי באָבע באבע, אוי מיין לעבין,
וואָס איז דאס מיט מיר פאַר אַ שטראָף,
אַ פּניה ועה איך פֿאר מיר שוועבען
צו בין איך וואַך צו אין זיסען שלאָף.

**באָבע** לייען קריאת שמע, טאָכטער, מאָרגען הייס איך
דיא מזוזות איבער זעהן,
איין אַלטער שכור צו עפּיס ווייס איך
האָט דיר דעם וועג געמוזט איבער געהען.

**אייניקעל** ניין באָבע, ניין ס׳איז דייקאָ אַ יונגער
מיט אַ הויכען הוט, און איז גראָד ניט מיאוס
הענטשקעלאַך טראָגט ער אויף דיא פֿינגער
און געפּוצטע שטיועלאַך אויף דיא פּיס.

**באבע** האַלטין זאָל זיך עס בייא אלע שונאים
אָט דיא קליפּה וואָס שרעקט מיין קינד,
זאָג מיין טאָכטער ויהי נועם
שפּייא אויס דרייא מאהל און שלאָף געזונד.

**אייניקעל** ניין באבע ניין, ס׳איז נישט קיין קליפּה
איך זעה דאָך איהם אָפּט בייא אונז אין שטוב
דוא זאָלכט אוויא דערלעבין מיין חופּה
וויא ער האָט געשוואָרען אַז ער האָט מיך ליעב.

**באָבע** ווער מיר געשוואָרען? — אַזויא לאַנג זאָכט ער,
וואָס מיר ליעב? — גאָטט איז מיט דיר!
פֿאָלג מיך און געהנעץ אָפּ מיין טאָכטער,
געחאַפּט האָסטו אַ גוט אויג דאַכט מיר.

**אייניקעל** אַ גוט אויג, — ניין דאָס איז גוטע צווייא,
דאָס איז צווייא אויגען פֿול געפיהל,
וויא שטערין אין הימעל לייכטען זייא
זייא לייכטען שטיל און ריידען פיעל!......

**באבע** אויגען ריידען? — נאָ וויא האַלט מען אויס! —
טאַקי נאָר פון היטץ רעדט עפּעס מיין קינד,
פונ׳ם סטאָטשיק וואַקס נעהם איך אַרויס
אויפ׳ן קעפּעלע אויס גיסען דיר געשווינד.

**איינִיקעל** ניין באבע דיין סגולה וועט דאָ ניט העלפען
ווייל נישט אין קאָפּ ליגט גאָר מיין שמערץ,
טיעף ליגט ער בייא מיר באַהאַלטען
אָט דאָ, אָט דאָ, אָט דאָ אין הערץ!

**באבע** דאָס איז אַ דיבוק, וועה איז מיין לעבען,
מאָרגען פאָרסטו צום רעבין מיט מיר.
אויף אַ גוטען פּדיון וועל איך איהם געבען
אַרויס טרייבען דעם דיבוק מוז ער פון דיר.

**איינִיקעל** ניין באבע, ניין ס'איז נישט קיין דבוק,
דאָס איז אַ מענש דאָס איז אַ מאַנן,
דאָס איז טאַקע מיין אמתר זיווג
מאָרגען מוזען דיא תנאים זיין.

**באבע** אָן אַ שדכן תנאים? — אַ ווייטיג איז דער באָבע,
האָב עס גאָר נישט פאַרשטאַנען איך אַלטער נאַרה,
האָסט אין מיר אָן וועוואָרען עולם הבא
גאָט זאָלל דיר ניט בעצאָהלען דער פאַר.

**איינִיקעל** יאָ באָבע, ס'איז ניט קיין דיבוק
דאָס איז אַ מענש, דאָס וועט זיין מיין מאַנן,
דאָס איז טאַקע מיין אמתר זיווג
מאָרגען וועלען דיא תנאים זיין.

## און עפּעס נאָך.

**1**

מיין ליעבער עולם, איהר מעגט מיר גלויבען
אַז אייער געזונר, איז בייא מיר טהייער אויך
דאס ליעד הערען, אַז איהר וועט אָנהויבען
זאָלט איהר ניט לאַכען צו פיעל, איבער דעם כח
ווייל אין דער היינטיגע צייט, אין דעם דור דעם שוואַכען און וויסטען
פון שטאַרק לאַכען קענן מאַן זיך פאַר הוסטען
און עפּעס נאך, און עפּעס נאך....
איך שעהם מיך אויסצוזאגען.

**2**

אין דיא אַלטע צייטען, פלעגט דיא אַלטע קאַפּאָטע
דיענען דעם קבצן גאָר איינס אין דער וועלט
עס האט געמענט זיין פון הינטען אַ ריס און אַ לאַטע
האבען דיא לאַנגע פּאָלעס, דאס אַלסדינג פערשטעלט

אבער אין היינטינע צייט נעהט מאן, א פראק פון היילע שמאטעס
און פון חינטען קוקן א־ויס אללע לאטעס
און עפעס נאך, און עפעס נאך...
איך שעהם מיך אויסצוזאגען.

3

אז עס האט זיך א סוחר געטראפען
אז ער האט נישט געקענט צאהלען צום טערמין באלד
האבען זיך אויף איהם וויא דיא בערען געווארפען
אללע קרעדיטארען מיט א גרויס געוואלד
אבער אין היינטיגע צייט, אז דיא בעל חובות ווילען נ־ט [illegible]
שטעלט מען זיי ארויס 10 פייגען
און עפעס נאך, און עפעס נאך...
איך שעהם מיך אויסצוזאגען.

4

דאס ווייבערשע צירונג, איז אויך א מאהל געוועזן ריינער
תכלית׳דיקער, שטארקער, און א ווערטה איבעראלל
דאס שטערענטיכעל, מיט דיא פערעל, מיט דיא אמת׳דיקע שטיינער
אין א נויטה האט דאס געהייסען א גאנץ קאפיטאל
אבער אין היינטיגער צייט, דער שענסטער שמוק אויפ׳ן קאפף א סטיל
אנגעשפיגעוועט מיט פארעך און מיט מול
און מיט עפעס נאך, און עפעס נאך...
איך שעהם מיך אויסצוזאגען.

---

# דיא שטילע חתונה.

דיעזע נייע שטיק אידישע מוזיק וועלכע איז אויסגעפפלאסטערט מיט דיא שעהנסטע מוזיקאלישע פערל, וועט מאכען דעם גרעסטען גערודער אין אלע אידישע הערצער אונד וועט בעגייסטערען אללע צוהערער. דאס זיינען דיא נומערען מוזיק: 1. דיא אמת׳ע אידישע הארץ; 2. טאקי דאס; 3. אונד שוין. דיעזע בעריהמטע נעט־ליכע אידישע מוזיק איז פערפאסט פון פערלמוטטער אונד וואהל.

פרייז פיר פיאנא (מיט ווערטער) פיר יעדען בוינען 20 סענט.
אללע 3 בוינען צוזאמען 50 סענט.
פרייז פיר וויאלין (מיט ווערטער) אין 1 בוינען 25 סענט.

# דער בײמעלע.

1.

אַ בײמעלע האבען אונזערע אבות אבותינו
אין דער װילדער װיסט געפּפלאַנצט,
מיט פּראכט און שײנקײט האט דאס אײנע
פון אלע בײמלאך ארויס געגלאנצט,
אויך דיא װאָרצלען און דיא צװײגען
װיס װיא טײטלען און װיא פײגען
אזוי װיא אלע פּירות פון דעם לאנד,
אויך דיא קנאָספּען און דיא בלעטער
בירושה פון אַ פעטער
האבען מיר דאס אויך אין דער האַנד.

כאָר

יאָ, דאס בײמעלע איז דיא אֶמונה געװען
מיר פערשטעהען דאס זעהר גוט,
און דער פעטער איז דאָך משה אַליין,
דער משל גלײכט זיך שטאַרק צום יוד.

2.

פײגעלאַך פרײע, יונגיטשקע רײנע,
מיט זײערע פעדערלאך אַ פּראַכט,
האבען צװישען דיא צװײגעלאך דיא קלײנע
יעדעס זיך אַ נעסטעלע געמאַכט;
יאָרטען פלעגען זײא פרעהליך פליהען,
זינגען שײנע מעלאָדיען,
זיוא האבען אַזש פערהײלכט דיא װעלט;
פון דעם פרעהליכען געטימעל
האט דער גערטנער—דאָרט אין הימעל
אויך פאר גרויס פרײד גאָר אנגעקװעלט.

כאָר

יאָ, דיא פײגעלאך זײנען דיא שבטים געװען,
דעם משל פארשטעהען מיר גוט,
און דער גערטנער איז דאָך גאָט אליין,
דער משל גלײכט זיך שטאַרק צום יוד.

3.

ניט לאנג האבען גערדאָערט דיא גאָלדענע צײטען,
מיט תמיד האט דעם בײמעלע געגליקט!
װינטען שלעכטע פון אלע זײטען
האבען שװאַרצע װאָלקען אנגעשיקט,

דער שטורם און דאס שלעכטע וועטער
האבען אפגעריסען אלע בלעטער,
דער בליטץ האט דאס פארברענט מיט זיין פלאם,
אלע פייגעלאַך פֿאַרטריבען,
אין דער ערד איז נאָר פארבליבען
דער איינציגער נאקיטער שטאמם.

כאָר

יאָ, דיא ווינטען, דאס זיינען דיא פעלקער געווען,
דעם משל פארשטעהען מיר גוט,
געפּלאמט אָט דאס בית המקדש אליין,
דער משל גלייכט זיך שטאַרק צום יוד.

4.

יעצט זעהט מען דיא פייגעלעך ארום פליהען,
נעפינען קענען זייא זיך קיין אָרט,
וואו נאָר זייא ווילען זיך אַביסל אויסרוהען
פערטרייבען זייא רויב-פייגעל פֿון דאָרט;
ווילען זייא נאָר אין איין אָרט פערבלייבען,
פליהען אָן דיא שוואַרצע ראבען
און פליקען זייער פערערלאַך אויס,
ווילען זייא עסען נאָר איין קערענדעל
האַפּען זייא אַ פּיק אין שטערענדעל
ביז עס רינט דאס גאַנצע בלוט פון זייא ארויס!

כאָר

יאָ, דיא פערערלאך זיינען זעהר גוט און חן,
דעם משל פֿאַרשטעהען מיר גוט,
דיא ראַבען דאס זיינען דיא שונאים אליין,
דער משל גלייכט זיך שטאַרק צום יוד.

5.

ווער דעם פון זיין היים וואס איז פאַרטריבען,
נוט איז נאך דיא פויגעלאך און וואויל
וואס פון דעם בוים איז זייא נאך פערבליבען
אַ בלעטעל אַ זיס אין זייער מויל;
דיא וואס האלטען אין מויל דיא בלעטער
קענען נאך האָפען אויף בעסערע וועטער,
דיא זון קען נאך שיינען, ווער ווייסט?
דער אַלטער בוים קען נאך אויף בליהען,
יעדער קען נאך קומען צופליהען
צוריק אין זיין רוהיגער נעסט.

פאָר

יאָ, דיא נעסט איז דאָך ירושלים געווען,
דעם משל פארשטעהען מיר גוט,
דאס בלעטעלע איז דאָך דיא תורה אליין,
דער משל גלייכט זיך שטאַרק צום יור.

# מאמעניו קויף מיר דאס.

1.

לערנען קען איך גוט, מאמע! מאמע!
קיין קינד בין איך שוין ניט, מאמע! מאמע!
שטענדיג אַ נור באַי געווען,
צום לערנען האב איך מיך גישטיפט;
יעצט האב איך עפעס דערזעהן
און האב מיך נאָר שטאַרק פארליעבט.
אָוי מאמע! אָוי מאמע! אָוי מאמעניו, קויף מיר דאס (בים)
איך וויל קיין קליידער, איך דארף קיין געלט,
וואס טויג מיר דיא גאנצע וועלט
ווען דאס גיבט מיר נור אַ קוס!
אָוי מאמעניו קויף מיר דאס.

2.

דעם נאַרר בעטראַכט נאָר דאָרט, מאַמע! מאמע!
וויא ער שרייט אין איינעם פארט. מאַמע! מאַמע!
דומם איז ער וויא דיא נאַכט,
קייז שום זאַך קען ער ניט פארשטעהען,
וואָס פאר אַ ליאַרם האָט ער אָן געמאַכט,
ווען ער האָט נאָר אַ ווינס דער זעהען.
אוי מאַמע! אוי מאַמע! אוי מאמעניו קויף מיר דאָס (בים)
איך וויל קיין קענדי עסען מעהר,
נאָר ברייננ מיר דאָס אַהער.
חאָטש איך ווייס גאר ניט צו וואס...
דאָך מאַמעניו קויף מיר דאָס!

3.

דעם כשר'ן אידין דאָרט זעהע, מאַמע! מאַמע!
וויא ער אין שול דאָרט שטעהט. מאמע! מאַמע!
אין שול פלעגט ער גאַנץ פריה געהן,
געלערענט, געהאט נאָט אין זין.

ווען ער האט נאר אַ זוינס דער זעהן . . .
האט ער זיך אַ ווארף געטאהן: (וועה איז מיר גישעהן).
אוי מאַמע! אוי מאַמע! אוי וואו קויפט מען דאס (בּיס)
אַ כפרה מיין ווייב און קינדער פיר דעם,
איך קען שוין ניט גיין אַהיים,
איך גיב איהר געלט גאָר אָן אַ מאס,
אידישע קינדער! וויא קויפט מען דאס!

4.

אין אַ קליין טהעאטער צו שפּילין מאַמע! מאַמע!
דאס קען אַ יעדער פיהלען מאַמע ! מאַמע !
וויא איך האב נאר דאס טהעאטער דערזעהען,
וואס האב איך מיר דאמאלס געטראכט,
הלוואי וואלט דאס מיין אייגענס געווען,
וואָלט איך געשפּילט און געלאַכט,
אוי מאַמע! אוי מאַמע! אוי מאַמעלאַך קויפט מיר דאס (בּיס)
דאן וואָלט איהר ערשט זינגען, שפּילען געזען,
פון אונזערע אקטיאָרין אַליין,
דיא קאָנקורענציע וואָלט אַוועק מיט איין בלאָז,
אוי מאַמעלאַך קויפט מיר דאס!

# דיא ליעדער פון חורבן ירושלים.
## ירמיהו הנביא

1.

נפלה עטרת ראשי אוי! אוי נאָ לנו כי חטאנו,
אַ צדקיהו מיין קעניג אונר איהר אלע. גאָטטעס יואָרט פון מיר הערט,
ווארום לאסט איהר מיין פאָלק זאָ אונבאַרעמ־הערציג
אומקאָממען דורך הונגער און שווערט,
נבוכדנצר מלך בבל מוסס אייער הערשער זיין, איהר ווער־
רעט געגען איהם ניט בעשטעהען,
בדענגט אייער האַלז אונטער זיין יאָך ראַמיט איהר זאָלט ניט
צו גרונדע געהן,
מערעט איהר אָבער נאך זאָ ווייטער האַרטנעקיג בלייבען
געגען מיינען ווילען,
זאָ ווערדע איך טיינע שרעקליכע בעשטימונג אויף אייך
באלד ערפיעלען.

2.

**כה אָמר ד' צבאות אלוה ישראל,**
**שרעקליך** ברענט מיין צאָרן פיר אייערע זינדע אָהנע צאָהל,
פאַרברענען פערוויכטען ווירד נבוכדנצר דאס גאַנצע לאַנד,
אומקאָממען ווערדען אַללע נימאַנד ענטרינט פון זיינער האנד,
אויך דוא צדקיהו וועלכער איזט נאָך יעצט זאָ שטאָלץ אויף
דיינען ט־אָהן,
געפאַנגען אין שווערע קעטטען ווירדסט דוא גישלעפט באַלד
נאָך באַביליאָן.

3.

**וועה** איזט דיר בת ציון היינע שלעכטע קינדער ריכטען דיר
צו גרונדע,
דיינע מינוטען זיינען געצעהלט בת ירושלים עס איסט שוין דיין
לעצטע־שטונדע,
שאהן זעה איך דאס פייער פאַרברענט דאס הייליגע הוי׳ פון גאָט׳
פרייט אייך (2 מאָהל) אונזערע פיינדע לאַכט (2 מאָהל)
מאַכט פון אונז געשפאָט,
**נפלה עטרת ראשנו,**
**אוי נאָ לנו כי חטאנו.**

# ירמיהים קינות

1.

**איכה** וויא אזוי בין איך געבליבען אַצונד,
קלאָגט בת ציון מיט געוויין.
פאַר וואָס מיין גאָט האָסט דוא זאָ ביטער געשטראָפט דיין קינד,
פאַר וואָס איז איהם אָזוי גישעהן,
**געשלאָגען** דיך האָסטו דוא אַליין אוי מיט דיין אייגענע האַנד,
**דער** גרעסטע ־ ־ ביסטו נאָר געוועזן אוי דיין אייגענעם פאטערלאַנד,
גים מיט טרעהרען,
זאָלכט ניט אויפהערין,
**אויף** דעם חורבן וואס איז גישעהן,
**און** קלאָג און וויין, אין דיין אונגליק שולדיג ביסטו נאָר אַליין.

2.

**איכה** וויא איין אַלמנה וויינט און קלאָגט,
**ירושלים** דיא שטאָלצע שטאָדט,

איהר איינציג קינד האָט אַפרעמדער אַרויס געיאָגט,
און זיא בעטריבט פון אַללע איהר גוט,
געדענק מיין גאָטט, געדענק דיין קינד,
אוי לאס מיך ניט ווערין צו שאַנד,
האסט מיך געשלאגען וועה און ווינד,
אוי גענוג שאהן מיין פאַטער, רייך מיר דיין האַנד,
השבני חרש ימני, איך וועל שאהן גיט זינדיגען אַ ניין!
זעה טיינע טרעהרין און געוויין,
מיר העלפין ווידער קענסטו נאר אליין,
נאר דוא טיין גאָטט נאר דוא אַליין.

# שרייט אללע אחד.

1.

געליטען אָהן אצאָהל
האָט אונזער פאָלק ישראל
פאר ווייערע שווערע זינד;
געשטראָפט האָט גאָטט זיין געליבטעס קינד.
אבער דיא צייט קומט שאן ווידער
דאס אונזערע פ־אָממע בריעדער
ווערין זינגען הייליגע ליעדער
אין בית המקדש פרייא,
כהנים אונד פראָפעטען—ווערין פאר אונז בעטען,
לוים מיט טראָמפייטען— ווערען שפיעלען אויפס נייא,
הללויה זינגט מיט חשק איהר יודאלאך
גראָס איז אונזער גאָטט,
הללויה זינגט פאר איהם פרומע ליעדעלאך,
שרייט אללע אחד — אחד.

2.

אונזער פאָלק בעפרייט, דאס בית המקדש בענייט,
מיט פראכט און גלאנץ וויא פריער.
העלף אונז גאָט — דערלעבען זאָללען עס מיר,
אונזער לאנד וועט ווידער גלאנצען
מיט בלומען און מיט קראַנצען,
פרייען זיך און טאנצען
וועללען מיר אָהן א צאָהל;
און דיא לוים דיא יונגען

װעללען װיעדער זינגען,
און דיא הארפע װעט װיעדער קלינגען
אזוי זיעס װיא אמאהל,
הללויה הללויה.

## ליערער פון

# דיא גזרות פארטוגאל.

# דער פילגרים.

1.

װייט אין דער װיסטע װאו דיא זאננע הייס ברענט,
װאנדערט פאן יאהרען איין פילגרים;
איין קליין קינד טראגט ער אויף זיינע הענד,
װיא טאג װיא נאכט איז דאס מיט איהם,
דאס קינד איז איהם צוריק געבליעבען,
פון זיין פרויא װאס האט איהם פערטריעבען
װייל זיא האט איהם פערהאסט,
װייל איהרע לעהרע, איהרע זיטטען,
האט ער אויף פרעמדע נאר פערביטען
אונד האט פאן זיא אבגעשפאסט.

כאָר:

דאס קינד איז דיא תורה װעלכע ער האט,
דער װאנדערער איז דער יוד, דיא פרויא איז גאט,
דיא װיסטע איז דיא װעלט אין װעלכע ער גייט,
פאהן יאהרען דורות, אין עלענד אונד נויט.

2.

דאס קינד איז אויף געװאקסען, צו מענש געװארען,
אין חכמה אלס מוסטער געשטעלט,
דער װאנדערער האט דאן פערשטאנען װאס ער האט פערלארען,
אין זיין פרוי אויף דער װעלט;
ער האט פאר זיא מיט ביטערע טרערין,
געשריען מוטער! װאס װעט װערין
פון דיין ארעם קינד,
איך װעל שאהן דיינע לעהרע היטען,

מעהר ניט שפאסין פאן דיא זיטטען,
נאר פארניב מיר מיינע זינד.
כאָר: דאס קינד א׳ ז׳ וו׳.

3.

נאר באלד האט ער זיא וויעדער פערגעסען
אונד אויף פרעמדע פרויען געקוקט,
אין זיין פרוי׳ס געגענוואַרט מיט זייא געגעסען
געטרונקען, צו זייא זיך געבוקט;
דא האט איהר צארן אויף־געברענט
אונד מיט דאס קינד אויף זיינע הענד,
פון זיך אויף אימער פעריאגט;
פאן דאן אן דער פילגרים
אין דער וויסטע גייט ארום
און זיין פעלער בעקלאגט.
כאָר: דאס קינד א׳ ז׳ וו׳.

4.

יאהרען לאנג זיינען פערפלויגען
וויא דער אלמן בלאנדזעט ארום,
ער האט שוין פערלארען דיא קראפט פאן זיינע אויגען
צו זוכען זיין פרויא אומעדום;
ער שרייט צו איהר מיט ביטערע טרערען
וואס וועט פון דיין קינד ווערען,
עלענד איז ער אויף דער וועלט,
וואו איז דיין מוטערס הערץ,
וויא קענסטו זעהן דיין קינד׳ס שמערץ,
פון צרות זא פיעל געקוועלט.

# שלאף מיין קינד.

1.

שלאף מיין קינד, אונגליקליכער! שלאף,
שלאף איין אונטער מיין ליעד,
דוא ביסט נאך יונג צו פיהלען דיין שטראף,
דער פאר וויל דוא ביסט איין יוד.

כאָר:
שלאָף זשע יודעלע שלאָף,
דוא וועסט ערפיהלען דיין שטראָף,
דוא וועסט ערפיהלען דיין שטראָף,
שלאָף זשע יודעלע שלאָף.

2.

דוא וועסט אויף וואַקסען גרויס, וועסט קומען אין יאהרען,
ארמוט וועט זיין דיין געמיטהה;
דוא וועסט שעלטען דעם טאָג וואס דוא ביסט געבארען,
וואס דוא טראגסט דעם נאָמען יוד,
כאָר: שלאָף א. ז וו.

3.

דוא וועסט געהן אין דער וועלט, אום איין שטיקעלע ברויט
צוא זוכען ניט ווערען מיער,
דוא וועסט טרעפען פערפאָלגונג, הונגער אונר נויט,
דער פאַר ווייל דוא ביכט איין יוד.
כאָר: שלאָף א. ז. וו.
אין קיין לאנד דיך רוהיג זיצען
לאזען וועט מען דיר ניט,
נאָר יאגען, טרייבען מיט דאנערן, בליטצען,
דערפאַר ווייל דוא ביזט איין יוד.
כאָר: שלאָף א. ז. וו.

5.

שלאָף מיין קינד, אונגליקליכער! שלאָף,
שלאף איין אונטער מיין ליער,
דוא ביכט נאך יונג צוא פיעלען דיין שטראָף,
דערפאר ווייל דוא ביסט איין יוד.
כאָר: שלאָף א. ז. וו.

# עססעניו.

פון דער טהעאַטער שטיק מרים החשמונאית.

1.

אוי עססעניו אין פיין,
עס בלייט אגעוואונטעניו אריין,

בעטראַכט נאר דעם העלד
וויא ער לויפט נאך געלד,
וויא ער נאך געלד גארט,
ער ווערט אויס געדארט
זאָ וויים פערפיהרט,
ביז ער קראַפּירט,
און איך שרייא עססעניו אין פייג,
עס גייט א געוונטעניו אריין.

2.

וואס טויג מיר כבוד וואס טויג מיר געלט,
אז עכסען איז מיין גאַנצע וועלט;
קיין פרויא ווילל איך אַודאי ניט,
נאָר עססעניו איז גוט,
דער היינגט זיך דורך כתיד,
דער טרענקט זיך דורך געלט,
און נעהן יונג פון דער וועלט.
פון אַללע גליקען ווייס איך ניט,
נאָר עססעניו איז גוט,
אוי! עכסעניו.

# דוא האסט געוואלט א ווייב,
## נאַ האסטו דיר!

(דאס זינגט דער טריס)

1.

וויא פיעל פריינדע געראטען האב איך
ברודער! וואס טויג דיר אַ ווייב,
וועסט אנטרעפען אַ שלאַק אַ רוח
זיא וועט פרעסען וויא ווערים דיין לייב.
עס דויערט ניט פיעל
ערדייכט ער זיין ציעל,
ער האט דערטאפט אַ ווייב אַ שלאק,
ער קומט צו מיר באַלד
און שרייט ברודער גוואַלד,
איך בין אין דער ערד, מאַמע! מיין באַק.

איך קאן שוין נים מעהר
איך מוז אַרבייטען שווער,
ווען נים האָב איך פּעטש און שיער.
דאס לעבען וועל איך מיר
נור נעהמען דורך איהר,
האסט געוואָלט אַווייב נאַ! האסטו דיר.

2.

בעטראכט דעם העלד
וויא ער אנקוועלט,
ער מאַכט זיך מיט זיין כלה גרויס:
געהאָלפען האט איהם גאָטט
ער האט חתונה געהאט.
וויא ועהט ער נאָך דער חתונה אויס?
זיא זיכט מאָרעס ברייטע,
און קוקט גאָר אויף צווייטע,
דעם מאַן, שרייט זיא, איך האב דיך אין דרערד,
זיא ברענגט איהם אוים זיין געלד
און לעבט צו איין וועלט
און ער הארעוועט וויא אַ פערד.
ער קומט צו מיר באַלד — און שרייט ברודער גוואַלד,
וויא גוט מיר אין גיוועזען פריהער;
מיין פרויא ליעבט גאָר פרעמדע, שפּאָט און לאַכט פון מיר,
האָסט געוואָלט אַווייב נאַ! האסט דוא דיר.

3.

פון דעם אלטען אַלליין
קען דיא גאַלל צו געהן,
אַ ווייבער האט ער שוין געהאט;
און דיא אַלטע זאך
וויל ער איז רייך
שרייט ער, ער איז נאך נים זאַטט,
מיט אמעדעלע מעהר — הייראַטעט ער
און זיא לאַכט דעם אלטען גאָר אויס:
זיא זוכט נאָך דאס געלט
בייא דעם אַלטען העלד.

ביז זיא נאַרט דאס געלט בייא איהם אויס.
ער קומט צו מיר באַלד
און שרייט ברודער גוואַלד!
דאס ווייב טרייבט מיר ארויס, וועה איז מיר!
מיט פֿרעמדע זיצט זיא פערשלאָסען דיא טהיר,
האסט געוואָלט אַ ווייב נאַ! האסט דוא דיר.

# אמעריקא איז אגאלד קאנטרי.

1.

אמעריקא, גרינע פערשטעהט,
אז דא לייט מען צרות און לייד,
דיא בילדונג דיא ריינע,
דיא משפחה דיא פיינע,
דאס לאכט מען זאָגאר אויס.
מיט צדקה ביסט דוא געוועהנט,
רחמנות האט דיר בעשעהנט,
פרואוו פערלאַנג רחמנות;
מענגסט זיין אין סכנות,
ווארפט מען דיר גאָר ארויס;
פרואוו פערלאנג
אַ נרבה־געשאַנק,
ווייסט דוא וואס מען ענטפערט דיר?
אמעריקא איז אַ גאָלד קאנטרי, דאס רחמנות לעגט אָן אַ זייט.
זאָ וויא מיר מאָני מייקער,
לעבען פון שקר.
דער פֿאר זיינען מיר אָלל־רייט.

2.

אין בראָדוויא בעטראַכט דאס ארט,
זיצט א בעטלער דאָרט,
וואס האט אין אַ פאבריק
מיט אַ יאָהר צוריק
פערלארען ביידע הענט,
דארט געהט זיין פאבריקאנט
גלייך וויא ער האט איהם ניט דערקאנט.
דער בעטלער צו געהט

דעם פאבריקאנט בעט:
„באָס, שענקט מיר האָטש אַ סענט״
ווייסט איהר וואָס
דער באָס
האט איהם געענטווערט גאָר:
אמעריקא איז א גאלד קאנטרי, האסט געוואָלט רויבען און
ווין געשאַייט,
וויא מיר מאני מייקער
לעבען פון שקר;
דערפאר ווינען מיר אלל-רייט.

3.

דארט וויינט א מיידעלע גאָר,
אַ יתומה פון 18 יאָהר,
דיא ירושה פון איהר טאטען
בעפאָר איהר הייראַטען,
איזט איינגעלעגט בייא אַ פרומען יור,
דאס מיידעלע האט חתונה באלד,
וואו איזט דער רחמנות אוי גוואלד!
ויא איז צום יודין געקוממען,
דיא ירושה אפ נעהמען,
ואגט ער, עס קוממט איהר ניט.
זיא שרייט: „מיין געלט,
איהר רויבט מיין וועלט״.
הערט וואס דער פרוממער יור איהר ואגט:
אמעריקא איז אגאלד קאנטרי, אז מען גיט נעמט. דאס איז געשייט,
וויא מיר מאני מעקער
לעבען פון שקר;
דער פאר ווינען מיר-אַלל-רייט.

# סא ענד סא קאמפאניא

## (פון דער פיעסע „דער בויערי טהעמפ״.)

1.

אַ גרינער קוממט צו פאָהרען אַ הער
רייך ווערן וויל ער ראָך,
אַרבייטען אַרבייט ער גאַנץ שוועט
פאר 5 דאללאר אַ וואָך;

ווען ער האט אַהער געריזט
האט זיך איהם געוואָלט זיין א ביזנעס־מאַן
מיט זיין פיקטצע האָט ער זיך אַדווערטייזט
וויא ווייט ער נור קען,
ער האט ניט געהאט קיין טעות
ער איז טאַקי געוואָרען אַ גאנצער בעל-הבית
און ער הייסט שוין „ סאָ ענד סאָ עט קאָמפּאַני"
ער הייסט שאן „סאָ ענד סאָ עט קאָמפּאַני".

2.

מיט אַ מיידעלע בין איך געקומען
מיט דער שיף ביידע גלייך,
מיר האבען זיך ביידע צו דער אַרבייט גענומען
אבער וויא זיא איז געוואָרין גיך רייך;
איך האב מיך געוואונדערט גוט,
פאַן וואו נעהמט זיא אַזוי פיעל געלט?
איך האב מיך דער וואוסט אַז זיא אַרבייט ניט
אבער זיא האט שוין אַ הייזקע באַשטעלט;
איך בין צו איהר אַריבער געפאהרען
און איך בין געוואר געווארען;
אַז זיא הייסט מאַדאַם „סאָ ענד כאָ ענד קאָמפּאַני"
זיא הייסט מאַראם „סאָ ענד סאָ ענד קאָמפּאַני".

3.

אַ אידל איז געקומען אַ הער,
קיין אַרבייט האט ער ניט געקענט
ער האט זיך גענומען צו זיין געווער
און האט פערדינט מיט זיינע אייגענע הענד,
דאס גישעפט איז איהם געגאַנגען גוט,
קיין פאָליסמאַן האט איהם נאך ניט געחאַפּט,
דאס בעגנינגענט האט ער זיך ניט
בין ער האט אַ רעכטע פותיקא דער־טאפּט,
יעצט גענוג זאגט ער,
און איז געווארען אַ באַנקער
און ער הייסט שאן „סאָ ענד סאָ ענד קאמפּאַני"
ער הייסט שאן „סאָ ענד סאָ ענד קאָמפּאַני".

# האַללאָ! האַללאָ!

פערפאסט פון ארטיסט רודאלף מארקס.

1.

איך וויל אייך קאראקטערע שטעלען,
דיא יעדען זינד בעקאנט,
איך ווייס עס וועט אייך שטארק געפעלען,
דארויף גיב איך איין האנד.
דארום קוקט מיך אן און הערט אייך צו,
דאן זינגט מיר נאך צולעצט;
אים נאמען פון אונזער קאמפאניע
בעגריסע איך אייך יעצט.
האללא וויא נעהט עס אלטע פריינד — האללא.
איך וועל מיך שעהן בעדאנקען היינט — האללא.
יודען שעהנע יום טוב'דיקע,
איהר קומט דאך ערשט פון דער סוכה,
וויא שמעקט דיא יוך דיא לאקשענדינגע — האללא, האללא.

2.

איינער וואהנט אין עססעקס סטריט,
ארם גאר א שרעק,
עס בעגריסט איהם קיינער ניט,
מען שפייט גאר אויף איהם קלעק.
פלוצים ווערט דער זעלבער רייך,
א יורש פון 14 מיליאן,
מויזענד פריינדע קריגט ער גלייך,
א מיוחס איז ער שוין.
מיט גוט מארנינג קומט מען צו איהם אין שטיב — האללא.
איך האב אייך וויא מיין לעבען ליעב, — האללא, האללא.
וואס בעפעהלט דער ליעבער הערר,
פאר אייך איז מיר קיין זאך ניט שווער.
איהר זייט א ליעבער מיליאנער — האללא, האללא.

3.

בעטראכט א מאן אין רייכען שטאנד,
וויא יעדער האט איהם ליעב,
מען לויפט צו איהם פון יעדען לאנד;
שנאָרער אפולע שטוב.
זאָ לאנג ער לאזט זיך סאָקען
הייסט ער א גוד בוי.
קוים ווערט זיין טאשע אבּער טרוקען
בעגריסט מען איהם אזוי:
איך זעה שוין דעם שלעפּער ווידער נעהן — האללאָ,
עס איז מיר א שאנדע איהם אָנצוזעהן — האללאָ.
קוים האט ער זיין געלד פערלארען
האט ער דעם כבוד אנגעוואהרין,
פערשלאסען זיינען אלע טויערן, צו זיין האללאָ.

4.

איין מאן האט זיין פרוי שטארק ליעב,
און זיא איהם אויך ניט שלעכט;
דאך האלט זיא זיך קיינמאָל אין שטוב,
זיא בלייבט אוים גאנצע נעכט.
דער מאן מאכט אפּ פיר זיך א פּלאַן
ער מוז איהר היינט נאכגעהן,
און אויף בראָדוויא מיט א פרעמדען מאן
האט ער זיין פרוי דערזעהן.
נעהמט ער א מיידיל און נעהט איהר ענטגעגען — האללאָ,
און זאגט איהר מיין ווייבעלע גיב אונז דיין זעגען — האללאָ
זיא שרייט וואס הייסט עס ווער איז זיא?
זאגט ער איך האב געטאהן וויא דוא.
וואס זאָגסטו מיין ווייבעלע דערצו, — האללאָ, האללאָ.

5.

א סצענע האב איך בּיי געוואהנט
אויף א מאסקען באלל.

איך בין געווארען גאנץ ענטשטויגט
פון דעם זעלטענעם פאל.
איין מאן האט זיינע ליעבע ערקלערט
צו איין מאסקע זעהר שעהן,
און ויא ער האט איהר קול דערהערט,
איז דאס זיין איינען וייב געוועזן
(זאגט זיא צו איהם) איך האב דיך געפאקט דוא יונגאט׳ש —
האללא.
און באלד דארויף איז געפלויגען א פאטש — האללא.
דוא האסט גענומען א טעות האבען,
וארט איך ועל דיר ערש באגראבען,
און דער היים וועסטו ערשט פון מיר האבען, האללא, האללא.

---

# נאכ׳ן באלל.

א פאראדיע נאך דער ענגלישער פאלקסליעד
**AFTER THE BALL.**
(פון מאררים ראזענפעלד).

---

זיצט א יונגע פרוי, אין בארדער היים פערליעבט,
„זעה דערצעהל א מעשה״—בעט זיא איהם בעטריבט:
„זאג, וואס איז דער מעהר, סעם, זאג, וואס איז מיט דיר?
ווילסט מיט מיר דאך ליפען; וואס זשע ווארטען מיר״?
„כ׳האב געוואלט אנטלויפען: בין געוועזען היים;
דאך יעטצט, מיין מיסעסיל הער מיך אויס אונד ווייס:
הער נאר אויס מיין טענה; זיא איז טרויער פאל:
מיך שרעקט אפ א מעשה געטראפען נאכ׳ן באלל״.

**קאהר:** קוים איז דער באלל אריבער, קוים האט דער טאג ערגלאנצט,
קוים ווערען שטיל דיא כלי־זמר; קוים ווערט עס אפגעטאנצט;
פיעל הערצער נעבאך ברעכען; הימטעל ווער ווייס דיא צאהל!
און מיסעס לעבען, איך ציטטער, מיך שרעקט דער נאכ׳ן באלל.

ליכטיג וואר דער באַלל־זאל, ריכטיג אויבען אָן,
האבען דיא כלי־זמרים געשפּיעלט דעם זיסטען טאָן
האט געזאגט אַ פרוי דאָרט צו איהר מאַן מיט חן:
„געה אונד ברענג מיר וואסער, לאָז מיך דאַ אליין“.
דאָך ביי זיין צוריק קעהר, ווערה, האט ער דערטאפּט,
זיא קושט זיך מיט׳ן באַרדער היים ארומגעכאפּט.
קלעפּ האט ער געציילט, קרויז,ביידען מיט אמאָל,
אוי האט ער געממית׳ט תיכף נאָכ׳ן באַלל.

**קאָהר:** קוים איז דער באַלל אריבער, קוים האט דער טאג ערגלאַנצט
קוים ווערען שטיל דיא קלי־זמר; קוים ווערט עס אָפּגעטאַנצט;
פיעל הערצער געבאָך ברעכען, הימּמעל ווער וויים דיא צאהל!
אוי, מיסעס לעבען, איך ציטטער, מיך שרעקט דער נאָכ׳ן באַלל.
לאַנג האָט עס פּאסירט, קרויז, יאהרען זעהר פיעל;
דאָך לינט מיר אין זינען י ע נ ע ר טרויער שפּיעל;
קאַלט ווערט מיר אָן וואָרעם; ס׳פּיבערט אויף מיין לייב;
ווען מיר קומט אין זינען: געהן מיט י ע נ ע מ ס ווייב.
דאס נאָר האַלט מיך אָפּ; איך האב קיין אנדער מין:
חייל י ע נ ע ר באַרדער בין איך געוועזן אליין —
יעטצט פערשטעה איך, האַלט עס דאָ אויך זעהר שמאָל:
לאָז צורות, מיר שוידערט יענער נאָכ׳ן באַלל.

**קאָהר:** קוים איז דער באַלל אריבער, קוים האָט דער טאג ערגלאַנצט
קוים ווערען שטיל דיא כלי־זמר; קוים ווערט עס אָפּגעטאַנצט;
פיעל הערצער געבאָך ברעכען, הימּמעל ווער וויים דיא צאהל!
אוי, מיסעס לעבען, איך ציטטער, מיך שרעקט דער נאָכ׳ן באַלל.

---

## שמיאליקיל אונד באַבעלע.

פון דער פערבלאָנזעטער נשמת.

---

**באַבעלע:** גיט אָן פרים זאָלסטו זיין
איבער דער גמרא קנעללען
דאַן וועסטו קענען זיין מיין מאַן
סע וועט פון דיר אָן קוועלען.

שמיאליקיל: יו קען קאָלל מי שמיאליקיל דיער
אײ וויל קאָלל יו באבעלע
אלעם קענסטו מאכען פאן מיר
אבי זאלסט זיין מיין ווייבעלע.

ביידע: מיר װעלען לעבען שוין און פיין,
װען דוא װעסט זיין מיין ווייבעלע;
מיר װעלען ביידע יא גליקליך זיין,
שמיאליקיל און באבעלע.

באבעלע: אַ בן תורה װעט זיין מיין מאַן
און װעט בליהען וויא די פאמעראניצע,
דער שטיפעניצער װעט זיך מחיה זיין
אין קבר װעט ער טאנצען.

שמיאליקיל: דער שטיפקעניצער קען דו עס הי פליזעם
אײ וויל בי אַ רעבעלע
אײ וויל טרייא טו ביט הים אין פיסעס
פאָר די סייק אָף מייא באבעלע.

ביידע: מיר װעלען לעבען שיין און פיין,
װען דוא װעסט זיין מיין ווײבעלע;
מיר װעלען ביידע יא גליקליך זיין,
שמיליקיל און באבעלע.

---

# זיבען זאכען.

## 1.

איך דענק עס װעט מיר יעצט געלינגען
אייך צו מאכען לאכען,
װען איך װעל אייך פאָרזינגען
אַ ליעד פון זיבען זאכען.
קאָמיש איז דאס גאנץ געוויס
דערצו װעל איך אייך װיטצלען.

לאכען וועט איהר וייל מען מיס
ווען ניט וועל איך אייך קיטצלען.
און אפשר העלפט דאס אויך ניט
און איהר וועט ניט וועלען לאכען,
אנטלויף איך באלד אין דער מינוט
מיט דיא אלע 7 זאכען.

2.

זיבען זאכען דארף א יוד ווען ער וויל זיין א פרימער,
ער מוז דאס היטען זעהר גוט, ווען ניט האט ער פיעל קיממער.
פיאות 2, א באָרד איז 3, ציצית 4 — איז זיבען,
דאן שטראפט ער שוין דעם הולטיי און האלט ניט וואס שטעהט געשריבען.
אייך זאג איך אייך אהנע וויטץ דאס דיזע זיך פרום נאר מאכען,
אם מיינסטען זיינען היפאָקריטס מיט דיא אלע זיבען זאכען.

3.

ווען איינער וויל זיין א בעל הבית דארף ער האבען זיבען זאכען,
דאן קרינט ער פלינען אין דער נאז און קען גאנץ ברייט זיך מאכען.
א זיינער מיט א שווערער קייט, א קארפעט אין א פאלע,
א פיאנא און א לאָקשען ברעט, א סיוו איז גאר קיין שאלה
און אפט וועט איהר איהם זעהן אין סענטראל פארק
זיך שיפען אין דיא טייכען,
אבער אין פאקעט דער דלית פייפט זעהר שטארק
מיט דיא אלע זיבען זאכען.

4.

א סיננעל מאן קען אויך ניט — אהן זיבען זאכען לעבען,
דען מוז ער באלד אין דער מינוט — פאר א מאנאט רענט געבען.
האט ער א טראָנג, א העמד דארין — א קראגען, צוויי מאנזשעטען,
א סטאָף פייפ און א גאָלדען פין — און דאס קען איהם שוין רעטטען,
קרעדיט האט ער חאטש אויף א גאנץ יאהר, ווער קען איהם בעווא
צום סוף אנטלויפט ער אין גאנצען גאָר — מיט דיא אלע 7

5.

ווען א מיידעל אז וויל נאר ווערן שעהן, דארף זיא האבען 7 זאכען,
וויא אפט פלעג איך אליין דאס זעהן — מיט וואס זיי שעהן זיך מאכען.
פיינט אוּן פוידער, איין גארסעט — א באסעל, א פאלש צעפּעל,
צווי קישעלאך אויסגעבעט קיילאכדיג וויא איין עפּעל.
אבער נעגליזש׳יא ווען איהר זאלט זיא זעהן וואלט איהר זיך נעווים צולאכען,
דען עס בלייבט מעהר ניט איבער וויא הויט אוּן ביין און דיא אלע זיבען זאכען.

---

# דאס לעבען אין אמעריקא.

פאן מאָרוים ראָזענפעלד.

צו זינגען מיט דעם זעלבען מעלאָדייע פאן דיא בעריהמטע ליעד „מיינע געפיהלע“ פאן א. צונזער.

1.

אוי בריידער וויא האלט מען דאס אויס?
עס איז דיא געפאר שרעקליך גרויס,
רוססלאנד׳ס עמלק,
שלאָגט דעם ישראליק,
און ניט איהם קיין לעבען, קיין רוה,
ער זיינגט אויס זיין געלט,
פערפינסטערט זיין וועלט,
און יאָגט איהם אוּן טרייבט איהם דערצו.

2.

און דאך ביי דעם גרעסטען גזר דין,
פערליערט ניט ישראליק דעם זין,
א ווײלע געטראכט,
איין עצה ערוואכט;

ראס נעהמט איהם אין גאנצען קיין שעה
נעשריעבען א בריעף,
און ארויף אויף'ן שיף,
און איז אין אמעריקא דא.

3.

דאך אנדערש איז דא זיין בעשטאנד,
ביי אונז, אין דער גאלדענער לאנד.
שאן פריי און בערוהמט,
קיין קייזער קיין קנוט,
דאך — ברידער בעטראכט נאר זיי גליק!
די שאפ, דער טאפ פלאר,
אוי, א קלעגליכע פאר!
עס וויינט זיך, און בייגקט זיך צוריק.

4.

דאך איז איהם נאך ליכטיג זיין וועלט,
זא לאנג וויא קיין ארבייט איהם פעהלט.
ער צאפעלט, ער שאפט,
און ניצט אויס זיין קראפט,
דאך פלוצלונג דאס רעדעלע שטעהט
עס קומט אן דער סלעק,
און נעהמט אלעס אוועק
דא בלייבט מען צום הונגער געניים.

5.

עס קומט נאר א מאדנער מין פלאג!
א ק ר י ז י ס, א הונגער, א קלאג.
עס רוהען דיא הענט —
קיין ברויט און קיין רענט.
עס שוויינט — דיא מאשינע איז שטום —
נאר הונגער און נויט,
און זעלבסטמארד און טויט,
נאר צרות און שרעק אום און אום.

6.

דער לענדלארד ער האט ניט קיין חס,
בעצאָהלסט ניט — טאָ ליג אויפ'ן גאס.
איהם ריהרט ניט דיין ווייא,
דוא האסט ניט — טאָ גייא!
א הארץ פון א לענדלאָרד איז שטיין:
אָ צאָהל איהם און צאָהל,
און קוים פעהלט דיר א מאָהל,
דאַן העלפט ניט דיין ביטער געוויין.

7.

זאָ נעהן דיא יאהרען אוועק,
אין שרעקליכע פראצע אונד סלעק,
ביז ענדליך מען ווערט,
פון ליידען פערצעהרט,
עס פעהלט דאס געזונד שוין — עס פעהלט!
מען פאלט קראפטלאז היין,
וויא א צובראָכענע מאשין,
דאס האט מעהר קיין נוץ פיר דער וועלט.

8.

אנ'עלענדע בלייבט דיא געזינד,
וויא בלעטער געשליידערט פון ווינד,
דער טאטע ליגט שלאף,
א שטערבענדער שקלאף,
באלד ליינט ער אויף אייביג זיין קאפ,
זא ענדיגט דיא שטיק,
און ס'לאזט זיך, אהן גליק,
דער פינסטערער פארהאנג אראפ...

# דיא אפּערא שלמה המלך.

—אָדער—

## דיא ליעבע פון שיר השירים.

## דער פאסטוכיל שלום.

[דער פאסטוך שלום האט זיך געליעבט אין אַ פּאַסטושקע (היערטין) שולמית וואָס שלמה המלך האט אויך געליעבט דער וועלבער פּאסטושקע און האָט איהר גענומען צוא זיך אין האַרעם]

1

אַ פּאסטוך איז דער קאָניג נאָר, דער קאניג נאָר,
דיא שאָפּעלאך זיינען מענשען גאָר,
ער שעכט אונז אָפּ, אונד זייגט אונז אויס,
פֿון אונזער וואויל לעבט ער זיך גרויס.
וויא שאָף פּיהרט ער אונז אין דער שלאַכט,
פֿון אונזער בלוט האָט ער זיך אַ קרוין געמאַכט
בייא מיר איז דער שטעקין מיין פֿענדרעלע
דיא אַרבייט איז מיין קריינדרעלע,
שטאָלץ בין איך אויף מיין פֿענדרעלע,
טרייא בין איך מיין קריינדרעלע. אוי, אוי אוי.

2

ליעבען ליעבט דער קעניג ניט, דער קעניג ניט.
זיין ליעבען איז ראַכע ביז אין בלוט.
טויזענד פֿרויען איז איהם ניט פֿיעל,
עס איז אויך בייא איהם אַ קינדער שפּיעל.
ליעבען ליעבט ער נאָר דיא קרוין,
אָן דיר פֿאַרגעסען האָט ער שוין.
בייא מיר איז דיא ליעבע מיין פֿענדרעלע,
טרייא בין איך מיין קריינדרעלע.
דער פֿאַר ביזטו יעצט דאס פֿענדרעלע,
קום צוא מיר מיין קריינדרעלע אוי, אוי, אוי:

## דיא אבות זיינען פאַסטוכער געוועז.

יעקב הנברך, מטל השמים
איז פֿריהער אַ פּאסטוך גיוועז,
יוסף בנו מלך מצרים
איז אויך אַ פּאַסטוך גיוועז.
פֿאַר וואָס זאָל איך מיר גאָר שעמען
ווייל איך בין אַ-פּאַסטוך אלליין?

אונזערע אבות — בעמערקט נאָר דיא נעממען!
ויינען דאָך אויך פּאַסטוכער געוועזן אוי אוי אוי!

משה רבינו מקור החיים
איז פֿריהער אַ פּאַסטוך געוועזן.
דוד מלך ישראל חי וקיים
איז אויך אַ פּאַסטוך געוועזן,
פאר וואָס זאָל איך מיר גאָר שעמען
ווייל איך בין אַ פּאכטוך אליין!
פֿון פֿריהער דיא אבות — באמערקט נאָר דיא נעממען!
ויינען דאָך אויך פּאַסטוכער געוועזן. אוי, אוי, אוי!

## אני שלמה.

(ווען דער אַשמידאַי האט פֿערוואָרפֿען שלמה המלך 400 מייל פֿין זיין רעזידענץ שטאָדט ירושלים איז ער ארומגעגאַנגען און געשריען „אני שלמה" נאָר קיינער האָט איהם נעגלויבט, מאן האָט איהם געהאַלטען פֿאר משוגע)

איך בין געוועזן גרויס, יעצט בין איך קליין
וואָס העלפֿט מיין שרייען, מײן געוויין?
פֿון פֿריהער רעם כבוד האָב איך ניע
מענסט שרייען ביז מאָרגען שלמה אני,
אני שלמה!

1

ווערה איך בין געוועזן דאַרפֿט איהר ניט פֿרעגען,
איך האָב געהאַט פיעל כבוד און פֿערמאָגען!
היינט שעמט זיך יעדער מיט מיר!
וואו איז מיין כבוד, אוי וועה, פֿון פֿריהער!
איך בין געוועזן גרויס אונד יעצט בין איך קליין
וואָס העלפֿט מיין שרייען און מיין געוויין?
פון פריהער דעם כבוד האָב איך ניע
מענסט שרייען ביז מאָרגען שלמה אני,
אני שלמה!

2

אָה מענש, אָה מענש, דוא זאָלסט ניט שטאָלצירען
מיט דיין פֿערמאָגען אונד גרויס ניט פיהרען,
אז גאָטט וויל ניט וואָס העלפֿט דאָס דיר,
אַביישפּיעל נעמט אייך מענשין פאָן מיר.
איך בין געוועזן גרויס און יעצט בין איך קליין
וואָס העלפֿט מיין שרייען, מיין געוויין?
פאָן פריהער מיין כבוד האָב איך ניע

מענסט שרייען ביז מאָרגען שלמה אני,
אני שלמה!

8

דיא גאנצע וועלט איז נאָר א חלום
אלעס איז נאָר הבל הבלים
כבוד און געלד איז אַ פֿאַלשער קאָליער,
א מוסר מענשען נעמט אייך פֿון מיר.
איך בין גיוועז גרויס און יעצט בין איך קליין
וואָס העלפֿט מיין שרייען, מיין געוויין?
פֿון פֿריהער דעם כבוד האָב איך ניע
מעגסט שרייען ביז מאָרגען שלמה אני,
אני שלמה!

# דיא ליעדער פון קוני-לעמיל

## כשרע חסידימלאך.

מיר יהודימלאַך
כשרע חסידימלאַך
פֿאָלגען זיין ליעבען נאָהמען ואָנטושע יאָת,
דער רבי איז אונזער חיות
אָבער דיא הולטאַייעס
ווייססען ניט פֿון דעם תענוג יאָה,
אוי אָי אָי אוי!
שבת, יום טוב, פֿאַרשטערין וויא זיך אַלליין
ס'איז איבעריג, זאָגין וויא, ס'איז ניט שעהן
אוי אונז איז גוט
א יערער מינוט
איז דאָ אַ סעודה'לע
דאָס פֿליאַשקעלע
מיט דעם משקה'לע
און דערצו אַ ליערעלע
אוי עסט ושע, טרינקט ושע, לעקט ושע, נאַשט ושע,
ויפט ושע אַללע אָן אַ מאָס
זינגט ושע, טאַנצט ושע, שפּרינגט ושע. העפּט ושע,
פֿון גאָטט'ס ווענען דאָס
אוי, אוי אוי אוי אוי.........

# ליעבעלע וויל א חתן.

אללע מיידלאַך האָבען חתנים
זיא מעגען ניט זיין קיין שעהנע
און איך וואַרט אויפין זיווג מיינעם
און עס קומט ניט קיינער!
דיא נעהמט א בעל מלאכה
דיא, פון אַ שעהנער משפחה
איינער האָט זיך גאָר געטראָפען
זיא נעהמט נאָר אַ הולטאַיי.
מיט אַזוינעם וואָלט איך מיך אויך ניט געוואָרפען
נאָר וויא האַלט איך שוין דערבאַיי.

---

מיין חבר'טע האָט דערזעהן אַ געוועלטען
הערט וואָס פאַר אַ גליק
זיא איז איהם באַלד אויפין אָרט געפעלין
שוין ביים ערשטען קוק
היינט דערצעהלט מען פון דער חנה'ן
זיא האָט זיך גע-גט שוין מיט 2 מאַנען,
וואָלט איך דען ניט געקאָנט אויספיהרען
מיך גטין אַפילו מיט דרייא?
געוועלט וואָלט איך געקאָנט פאַרפיהרען
נאָר וויא האַלט איך שוין דערבייא!

---

מיין חבר'טע מעג איך מקנא זיין
דאס דערצעהלין אַללע שכנים
וואָס שאַדט עס איהר אַז זיא האָט אַ מאַנן
און זיא ליעבט נאך איינעם.
אַ מאַנן צו פערקויפען בלינד
דאָס איז דאָך אַ גרויסע זינד
עס איז אָבער שווער צו זיין אַ צדיק
מען וויל שפעטער אויך זיין פרייא
אָנגעטהון וואָלט איך מיין מאַנן אַ ספאָדיק
נאָר וויא האַלט איך שוין דערבייא.

---

פאַר דער חתונה איז מרה שחורה'דיג
נאָך דער חתונה אַ פאַרגניגען
עס ווערט פריילין אין שטוב גאָר טורא'דיג

מען האָט זיך מיט וועמען צו קריגען
דאָס ווייב, ויא דאַרף נאָר וואגנען
דער מאַנן, ער מוז פאַרשווייגען
מאַן דאַרף נאָר האָבין שאַרפע נעגיל
דאָס שאַרט ניט סייא ווייא סייא
אויס גערדאַפּעט וואָלט איך מיין מאַן דאָס איינעל
נאָר ווייא האַלט איך שוין דערבייא.

---

אַ יונג ווייבעל האָט געטרויערט
נאָך איהר אַלטען מאַנן
ער האט בייא איהר ניט לאַנג גערוויערט
ער איז גיך אין דער ערד אַריין.
נאָ, וואָס איז פאַר אַזאַ סכנה ?
ויא איז געבליבען אַ רייכע אַלמנה
אַזאַ גרינגע ירושה צו האָבען
נאָ איז דען ניט כדאי ?
אַזאַ אַלטין וואָלט איך גיכער גיקאָנט תּאַגראָבען
נאָר ווייא האַלט איך שוין דערבייא !

## כאָר פון דיא טוידטע.

וואָס־זשע ווילכטו ? וואָס־זשע ווילסטו ?
וואָס־זשע ווילסטו ליעבער ?
וואָס־זשע וועקסטו, וואָס־זשע וועקסטו
פון דיא שטילע גריבער ?
אין דיא טלתים, שעמט אייך ניט וויא אָרים
שטעהט אויף איהר מתים, פון דיא נאַסע קברים.

## מזל טוב.

מיר זענען אַלע מזל טוב
געקומען אַללע מזל טוב
חתן כלה מזל טוב
דיר ווינשען אַללע מזל טוב
חתן כלה מזל טוב.

## דער קברות מאַנן.

(פון דיא קאַפּריזנע טאָכטער)

1

טיעף און קאַלט איז דער קבר
דער מלאך שטעהט דאָ מיט זיין שווערד

היא ציטערן דאַרף איטליכעס אבר
אַז מען דאַרף דאָ ליעגען אין דער ערד.

2

פֿארשמאכט ויינען דאָ דיא ליעפּען
דער צונג זיך מעהר ניט ריהרט
עס מעג ביים הערצען דאָ ציפּען
געפינט מען קיין ביסעלע ספירט.

3

אין דעם טוידטען האב איך אַ נקמה
ער האט קיין מאהל פֿון אַ טרינק ניט געטראַכט
ער וואָלט שוין געוואָלט יעצט דערקוויקען זיין נשמה,
נעה טרינק אַז דער פּיסק איז פֿאַרמאכט.

4

וואס ער איז קיין מאהל געקומען אין שענק
און האט ניט פֿארזוכט קיין ביסעלע ראָם
דערפאר טרינקט ער בייא מיר היינט קרענק
און פֿערבייסט מיט דער שטיינערנער צאָם.

## צום חדר זאָלסטו זיך קעהרין.

1

אַ תורה האָט דיר גאָטט געגעבין
דאָס טאטעלע דיינס
לערנין זאָלסטו דאָס און גלויבין
ידעלע דוא מיינס
א חדריל ציון האָסטו אויך פֿארמאָגט
נישט גיפֿאָלגט האָסטו דיין רבין משה
וואָס ער האָט דיר גיזאָגט!
נענוג דיר שט פֿען, בטל ארום געהן,
דוא זעהסט וויא מען האַסט דיך
יעדער האָט דיך פֿיינד
פֿאָלג דיין רבין וועסטו שפּעטער זעהן
כבוד וועסטו האָבען און אויך גוטע פֿריינד.
צום חדר זאָלסטו דיך ידעלע קעהרין
לערנען תורה, דיין טאַטינס געשענק,
דער שבת קומט מען דאַרף דיך פֿאַרהערין
טא לערנען מיט חושק ידעלע געדענק......געדענק.

2

דיין חדר האָסטו ניך פֿערלוירען

געשטיפּט האָסטו אויך דאָרט
פֿאַרברענט, פֿאַרוויסט, איז דאָס געוואָרען
חרוב איז דאָס אָרט!
מיט פֿייערינגע קאַנטשיקעס
האָט מען דיך פֿון דאָרט פעריאָגט
ווייל האָכּט ניט גיפֿאָלגט דיין רבין משה
וואָס ער האָט דיר גיזאָגט
געננג דיר שטיפּין בטל ארומגעהן,
ועה וויא יעדער האַסט דיך
און מען האָט דיך פֿיינד
פֿאָלג דיין רבין וועסטו שפּעטער זעהן
כבוד וועסטו האָבין און אויך גוטע פריינד.
צום חדר...... א. ז. וו.

3

פון שפּאַניען האָט מען דיך געטריבען
געשלאָגען דיך גענוג
עלענד ביסטו דאַנן געבליעבען
שוואַך אזוי וויא א פליג!
געבראָטען, געברענט דיך, ביז צום טויט געגאָנגט
ווייל האָכט נישט גיפאָלגט דיין רבין משה
וואָס ער האָט דיר גיזאָגט
געננג דיר שטיפּפּען, בטל ארומגעהן,
זעה וויא מען האַסט דיך
יעדער האָט דיך פֿיינד
פֿאָלג דיין רבין, וועסטו שפּעטער זעהן
כבר וועסטו האָבין און אויך גוטע פֿריינד.
צום חדר...... א. ז. וו.

4

דער שבת איז שוין אָנגיקומען
דיא זיסע בילדונג נאָ
פרעמיע האָט יעדעס קינד בעקומען
און דוא ביסט גאָר ניט דאָ!
פֿאַר לערנען אָרדערס זעה וויא יעדער טראָגט
פֿאָלג ושע אויך דיין רבין משה
וואָס ער האָט דיר געזאָגט
געננג דיר שטיפּפּען, בטל ארום געהען,
זעה וויא מען האַסט דיך, יעדער האָט דיך פֿיינד

פאָלג דיין רבין וועסטו שפּעטער זעהן,
כבוד וועסטו האָבען און אויך גוטע פריינד
צום חדר זאָלסטו דיך יודעלע קעהרען
און לערנען תורה דיין טאַטינס געשענק
שבת איז שוין, מען דאַרף ייר פאַרהעהרין
נוא לערנען מיט חשק יודעלע גערענק — גערענק.

# פּאָדראַטשיק.

1

איך בעט אייך ר' קרוב, דערצעהלט מיר אויך נייעס
איהר זענט דאָך אויך אין דער מלחמה געווען
זאָגט און נעהמט נישט ארויס מיר מיין חיות
צו האט איהר דאָרטען מיין מאַנן נישט געזעהען?
ער איז אוועק אין דער ראָמעניע
אין זימניכץ בראַילאַ אָדער ראָמען
און איך האב פון גאָר קיין ידיעה
איך ווייס נישט וואס איז געשעהען מיט מיין מאַנן.

מיין מאַנן! מיין מאַנן, געוואלד וואו איז מיין מאַנן
קענט איהר מיר נישט זאגען, איך בעט אייך וואו ער קען זיין
ווייסט איהר ווער ער איז, ווייכט איהר ווער ער איז?
ער איז ער איז אַ פּאָדראַטשיק, דראטשיק. ביס

2

מאַן דערצעהלט מיר פון איהם, עס איז מיר גאָר ניט צו גלויבען
ער איז דאָך געווען אַזאַ זיידען קינד
איין חסידיל איין עהרליכס און זײַן גאַנץ לעבען
איבערגעאַנדערשט האט ער זיך אַצונד
מאן זאגט אַז ער עסט שוין אין דיא קאָפּעענעס
אַ פּאָר געפּוטצטע שטיועל, טראגט ער ביז אין בויך עס ווייט
אבגעשאָסען, האט מען איהם דאָרט, דיא באָרד מיט דיא פּאות
און אַ לעדערנע טאָרבע טראָגט ער אין דער זייט

מיין מאַנן, מיין מאַנן, געוואַלד וואו איז מיין מאַנן
קענט איהר מיר ניט זאגען איך בעט אייך וואו ער קען זיין
ווייסט איהר ווער ער איז, ווייכט איהר ווער ער איז
ער איז, ער איז אַ פּאָדראַטשיק דראַטשיק ביס

3

מאַן זאגט אַז מען האט איהם געזעהען בייא פּלעוונע
אנטלאָפען מיט פיעל געלד, פון דעם שאָס
דער דערצעהלט מיר פון איהם גאַנץ פּעוונע
אַז ער האט זיין געלד פאַרשפּיעלט אין כטאָס

מאַן האט איהם געזעהען בייא גאָלדפאַדען אין טהעאַטער
שיכור וויא לוט, האט זיך ניט אויפגעפיהרט פיין
דער דערצעהלט, אוי! איך וויל ניט רעדען ווייטער.
דען עס איז מיר גאָר ניט צו גלויבען אויף מיין מאַנן
מיין מאַנן, מיין מאַנן, געוואַלד וואו איז מיין מאַנן
קענט איהר מיר ניט זאגען איך בעט אייך וואו ער קען זיין
ווייסט איהר ווער ער איז? ווייסט איהר ווער ער איז
ער איז ער איז אַ פּאָ דראטשיק דראטשיק ביס

4

אָט האט אויך מיין שכינה, געהאַט אַ ידיעה
אז איהר מאַנן האט שוין אָנגעגנבעט אַ סך געלד
וואס׳זשע איז דאס אומגליק מיט מיין נאכליי
ער איז דאָך אַ גנב, גאָר איינס אין דער וועלט
וויא קלוג ער פלעגט גנב׳נן דעם אַפּיקומן
דערצעהלט מאן פון איהם, ווען ער איז געוועזן אַ קליין קינד
אַ פּאָר תּפילין געגנבעט ערשט בייא ר׳ אברהם שלומהן
וואס׳זשע איז ער פּליצים פון געוואָרען אַצונד
מיין מאַנן, מיין מאנן געוואַלד וואו איז מיין מאַנן
קענט איהר מיר ניט זאגען איך בעט אייך וואו ער קען זיין
ווייסט איהר ווער ער איז? ווייסט איהר ווער ער איז
ער איז ער איז אַ פּאָ דראטשיק דראטשיק ביס.

## עט ס׳איז נאָר געזאָגט.

1

פון זאגען צו טהון, איז זעהר ווייט
דאס איז איין אַלטער כלל
איך קען אייך ווייזען אין היינטיגער צייט
ניט איינעם אַזאַ פאַלל
אַז איינער ווערט אייך צוזאגען, שווערען
ער וואָלט פאר אייך אין פייער אריינגיאָנגען
מעגט איהר פּאָזיטיוו באקלעהרען:
עט ס׳איז נאָר געזאָגט.

2

„נאָר דוא אליין ביסט טהייער בייא מיר"
— שווערט אַ יונג ווייבעל, איהר אַלטען מאַנן —
„מיין געליעבטען שווער איך דיר
לאָז איך ניט מעהר, אין שטוב אריין
ארויסטראגען, זאָל מאן מיך אַ טוידטען"

אויב איך וואָלט איהם ניט ארויסגעיאָגט"
גלויב איהר ניט, דוא אַלטער שוטה
עס, ס׳איז נאָר געזאָגט.

3

פון פיעלע בעלי חובת אַ באַנקייא
שרייט מיט כעס און ברענט
אויסגלייכען, ווילל ער זיך ניט מיט זייא
אַפילו אויף איינס פראָצענט
אין קרימינאַל, מוז ער זייא פאַרשטעקען
עס זאָלל איהם קאָסטען, וואָס ער פארמאָגט.
סוחרים! איהר זאָלט אייך גאָר ניט שרעקען
עס ס׳איז נאָר געזאָגט.

4

„נאָר דיך אלליין בין איך גערן"
— שווערט דעם ווייב, דער מאַנן —
„פון קיין אנדערע ווילל איך גאָר ניט הערען
זיא מעג איינע געטין זיין"
פאַר וואָס׳זשע ביכטו נעכטען אזוי שפעט אהיים געקומען
ווען עס האט שוין געטאָגט?
„אין קלוב בין איך געוועזן פארטהמען"
עס ס׳איז נאָר געזאָגט

5

פון אַ סך טעכטער אַ קאַרגער גביר
האט דערטאפט איין יונגען מאַנן
גליקען, זאגט ער איהם צו אָהן אַ שיעור
אַבי ער זאָלל זיין איידעם זיין
דאס ערשטע, וועט ער איהם זיין טאָכטער געבען
דאס צווייטע, וואס ער פאַרמאָגט.
אויף דעם ערשטען מעגסטו חתן גלויבען
דאס צווייטע — איז נאָר געזאָגט.

# דיא סאָכע אָדער דער פארמער.

1

אין סאָכע,
ליגט דיא מזל ברכה,
דער וואַהרער גליק פון לעבין,
קיין זאַך ניט פעהלט.
עס קומט דער פריהמאָרגין,
איך דאַרף ניט לייהען, באָרגען,

# די ליעדער פאַן „רבקה“

## מה יפית!

1

וויא שעהן ביזטו שבת כלה!
דיין שעַנהייט איז נור אַ פּראַכט,
דיינע חתנים מיר יודען אַללע,
פערגאָטערין דיין הייליגע נאכט;
אין דיר געפינען מיר נאָר פרייד — ביס
אין דיר פיהלען מיר קיין יאָך! —
אין דיר פערגעסען מיר די ליידֿ, —
וואס מיר פיהלען די גאַנצע וואָך —

2

א מלכה איז שבת פּרעכטיג שעהן,
יעדער איד עמפּפאנגט זיא פרייליך;
ווען זיא קומט צו איהם צו געהן
רעכענט ער זיך פאַר א מלך.
אין דיר שבת אין אונז ניט שלעכט, ביס
דוא פערזיכט אונז אללע ליידען; —
מיר זיינען אין דיר קיינע קנעכט, —
נאָר פּרינצען פאָלל מיט פריידען! —

3

נעאכטעט ביזטו אויך בייא גאָטט,
פון זיין ארבייט האט ער אין דיר גערוהט;
און האט אונז געגעבען איין געבאָט,
מיר זאָללען דיך בעהאנדלען פריינדליך גוט!
דארום ווען דוא קומסט צו אונז כלה, ביס
נרייטען מיר פאר דיר א שעהנעם טיש; —
מיר עמפּפאנגען דיך מיט שעהנע חלה, —
מיט וויין, פלייש אונד מיט פיש —

## שמע ישראל!

(ראס זינגט דער רב)

1

זייט טויזענדער יאהרען
האט גאָטט זיין צאָרען

אויסגעגאָסען אויף אונז אָהן צאָל
און פאר וואָס
קומט אונז דאָס ?
דיין אייגען קינד יהודית וישראל
אין מצרים האט ער
בייא דיא עגיפטער
לעהם געקנעטען, געוואָרען א קנעכט
געשלאָגען געוואָרען
הונדערטע יאָהרען
עס אין איהם געווען ביטער און שלעכט
נמאס געוואָרען איז איהם זיין לעבען
פאר צרות אונד פאר גרויס שאנד
האט איהם משה רבינו א תורה געגעבען
געבראכט האט ער איהם אין זיין אייגען לאנד
ישראליק אין פרייא
א לאנד אויך דאבייא
קיין צרות קיין פלאָג
דרום שרייא איך און זאָג :
דיין האָפנונג יודעלע גיב נאך ניט אויף
עס לעבט נאך דיין איינציגער גאָט
לאָז איהם ניט אב און שרייא נאָר אַרויף
שמע ישראל ד׳ אחד, אחד !

2

געזינדיגט האט
ישראליק פאַר גאָט
האָט ער זיין לאַנד פאַרלאָרען
עלענד געבליבען
פון לאַנד פערטריבען
עמלק איז זיין הער געוואָרען
בייא אחשורש דעם דומען
האט געהערשט אַ המן
אַ שונא ישראל איז ער געוואָרען
דורך אַ בלבול האט ער
געפּ יעלט ניט שווער
פערניכטען גאַנץ ישראל אליין
ישראליק פאַסט און קלאָג איין עק פון דיין לעבען

מיט וועט זאָל איהם העלפֿען אין זיין נויט?
האט זיך אסתר דיא קעניגען איבערגעגעבען
און מציל געוועזען ישראליק פֿון טויט
יעטצט זעהט וויא ישראל
פֿרייט זיך אָן צאהל
פֿרייא שוין פֿון קלאָג
דרום שרייא איך און זאָג
דיין האָפֿנונג יודעלע גיב נאך ניט אויף
עס לעבט נאך דיין איינציגער גאָט
לאָז איהם ניט אב און שרייא נאָר אַרויף
שמע ישראל ד׳ אחד, אחד!

3

הערט זיין שרעקען
אין דיא וועלט עקען
טרייבט מען ישראליק ארום
פֿון שפאניען פֿעריאָגט
אין פוילען גענאגט
אין רוסלאנד טרייבט מען איהם אומערום
דער דייטש זאָגט פאָרט
דער אונגאַר פלינדערט דאָרט
ישראליק ווערט שיר צו ריבען
קיין געלד קיין ברויט
נאָר הונגער און נויט
ישראליק איז אזויא געבליבען
פֿאר צרות קומט ער שיר פֿון זינען
נאָר אין וואַסער קומט איהם אויס צו ציהען
האט גאָר זיין גאָט אַמעריקא געפונען
און מיין ישראליק לויפט שוין אהין
יעטצט לעבט ער דאָרט פֿרייא
שפארט אַ דאָללאר דער בייא
ער לעבט אַ גוטען טאג
דער פֿאר שרייא איך און זאג
דיין האָפֿנונג יודעלע גיב נאך ניט אויף
עס לעבט נאך דיין איינציגער גאָט
לאָז איהם ניט אב און שרייא נאָר ארויף
שמע ישראל ד׳ אחד אחד!

# דיא ליעד פאן רוצח.

## פאן דיא פיעסע „רויבער יערמאלאָוו“.

1

דער טאָג האט געעקט
דיא נאַכט האט בערעקט
דיא וועלט מיט איהר שוואַרצען שאַל
אין וואַלד אין איין עק
זיטץ איך מיט פיעל שרעק
און וואַש מיר דיא הענד בייא דעם קוואַל
איך וואַש אונד וואַש גוט
פאן אונשולדיג בלוט
אין וואַססער שפיגעל איך מיך
פלוצלינג הער איך אַ געשרייא
פאן דעם קוואַל אוי ווייא
„וואס פאַר פלעקסטו מיר מערדער רוצח!“

2

איך אנטלויף באַלד
אין דעם פינכטערען וואַלד
אונד לייג מיר דאָרט אנידער
איינער אַליין
עלענד וויא אַ שטיין
עס ציטערט אויף מיר אַללע גלידער
דער ווינד גיט אַ בלאָז
איבער דיא בוימער און גראָז
אונד פון דיא טוידטע פארגייט מיר דער ריח
שרעקליך קלאָגט דער ווינד
„אַ מאַן פאן פרויא אונד קינד
האָסטו ערמאָרדעט רצוח“.

3

עס געהט אויף דער מאָנד
פיר דער וועלט געזונד
אונד פאָן מיר קוקט ער אַוועק
מיט אויגען זייער פיעל
קוקט דער הימעל אויף מיר שטיל

אונד דער איינגעל פאן טויט מיט פיעל שרעק
אלדינג אַרום
קוקט אויף מיר קרום
אלרעס קאַלט אונד בלייך
שרעקליך קלאגט דיא נאכט
„דרייא זעלען האָסטו אומגעבראַכט.
אוי ווייא דוא מערדער רוצח“.

4

איינמאהל אין טרוים
איך בין שאָן צוא פרידען קוים
דאכט זיך מיר אז איך שטעה בייא מיין טהיר
מיט מיין בעכטען פריינד
וויא נעכטין וויא היינט
מיט דער זעלבער ליעבע וואס פריהער
ער דערציילט מיר וואָס האט איהם געטראָפען
ווען ער איז פאָן וואַלד אנטלאָפען
מיר שטעהען בידע גאָר גלייך
פלוצלינג אָהנע לוסט
שטעק איך איהם מיין מעסער אין זיינע ברוסט
ער פאַלט און שרייט רוצח.

5

איינמאהל דאַכט זיך מיר
אַז איך שפּאַציר
אין אַ גאַרטען גאַנץ אליין
פלוצלינג הער איך אַ געשרייא
פאָן וויטען אוי ווייא
אַז עס קאן אויך ירען אַ שטיין
איך לויף גיך אונד געשווינד
זעה איך וויא אַ קליין קינד
טרינקט זיך דאָרט בייא דעם טייך
איך שטעל שאָן מיין לעבען איין
דאס קינד רעטען געהן
שרייט דאס „אַיועק מערדער רוצח“.

6

הוממעל עפען דיין מויל
שיק אַראָפּ דיין קויל

אונד פארשליס מיר אין דיין פינסטערען זאל
שיק אַצינד
דעם טוידט געשווינד
אונד בעפרייא מיר פאָן מיין קוואַל
וויא אַללע מענשען געהען
זאָל יערער זעהן
מיין מאָנומענט גאַנץ הויך
אונד ווער עס וועט זיין פארבייא
זאָהל געבען דרייא מאָהל אַ שפייא,
דאָ פוילט דער מערדער דער רוצח.
(פערפאַסט פאָן א. שינקער.)

# לכה דודי.

1

לכה דודי זינגט מאן היינט פון גרויס ביז קליין
לכה דודי זינגט דער יוד, דער דייטש דער ראָמען
דאס ליעדעל איז אַלט, און נייא אויך עס דאָך
דאס זינגט מאן אַפילו אין אַ בראָסטער וואָך
דיא טייטש, פארשטעהט יעדער, וואס עס מעג זיין
אזויא רופט דיא מלכה שבת דעם יורען אַריין
און זאגט איהם: קום פעטער לכה דודי,
דודי דודי דודי.

צו דער שכינה אין שארען איז פערגאַנגען דער מאַן
דאס ווייב ווערט געוואָהר און לויפט שנעלל אַריין
דער מאַן ווערט דערשראָקען, און פארענטפערט זיך באַלד
און דאס ווייב מאכט דווקא ניט אהן קיין גוואַלד
זיא חאַפט איהם פאַוואָלע אָהן פאַר דיא האאר
און שלעפט איהם צו צו זיך גאָר
און זאגט איהם: קום פעטער לכה דודי
דודי דודי דודי

3

מאן האט שוין געענדיגט דעם צימעס דאס לעצטע געריכט
מאַן האט שוין אבגעבענטשט לאַנ, עס צאַנקען דיא ליכט
דעם פאַר פאָלק טהוט איין נייע אידעע אַ בליטץ
קינדערלאַך האבען מיר, נאָר עס פעהלט נאך צום טוטץ....

ראס ווייבעלע ווינקט צום מאַנן ניט גערערט
און גיט איהם אַ וויין, אין ווינקעל צום בעט
קום פעטער לכה דודי
דודי דודי דודי דודי.

4

לכה דודי זינגט אפילו, עס איז וואונדערבאַר
אי דער גאָראָראָוואָי אי דער ושאַנדאַר
ווען ער דערטאַפּט אַ יודען גאָר אָהן אַ פּאַס
געהט ער צו צו איהם אין מיטען דער גאַס
אַז ער דערלאַנגט איהם מיט גוטען אין קאַרק
און שלעפּט איהם אין דער פּאָליציייא איבער דעם מאַרק
און זאגט איהם: קום פעטער לכה דודי
דודי דודי דודי דודי

5

אויך איך מיין ליעב פּובליקום אויך איך
וועל איך געבען איין עצה עס וועט זיין זעהר גלייך
אז אייך וועט געפעהלען א מאהל דער אַקטער
און איהר וועט וועלען ער זאָל אייך זינגען אַ ביסעל מעהר
בעדארפט ניט שרייען, און ניט מאכען קיין גוואלד
נאָר ארויסרופען דעם אקטאָר טאַקע באלד
און זאגען איהם: קום פּעטער לכה דודי
דודי דודי דודי דודי.

# דיא ליעד פון אחשורש,

## המן׳ס מוזיניק ויזתא.

1

שפּאַרען וועל איך מיך מיט קיינעם ניט דערפאַר
איך לייקען עס ניט אפ אז דאס איז וואָהר
וואו מען געהט
וואו מען שטעהט
אין יערען לאַנד
אין בעקאַנט
אַז ויזתא איז אַ נאַר
יעדער אבער האלט פון איהם דאס איז אַ כלל

ווייל ער איז בטבע אהן אַ גאַלל
ער איז גוט
שטיל באַרוהט
שאַרעט ניט
קיינעם ניט
בעליעבט יאה איבעראַלל.
איידער צו האַנדלען מיט אַ קלוגען דיעב
אַ כלב אַ שווינדלערוכאָ
האבען צו טהון האט אַ יעדער בעסער ליעב
מיט אַ גוטעטשקען ויזתא
יא חאָטש ויזתא איז אַ נאַרר ויזתא
האט מען איהם ליעב דער פאַר ויזתא.

2

אַז אַ סוחר טרייבט זיין מסחר זעהר הויך
און זוכט צו זיך אַ שותף אַ בעל כח
צו דעם ציעל
שותפים פיעל
שטעלען זיך פאָר
וואס זייא נאָר
ויינען פעהיג אויך
וויא פיעל שותפים האבען זיך שאָן פאָרגישטעלט
אַלע ויינען רייך און האבען געלד.
דער איז נאך
קלוג אין רתוך
דער איז גיט
אין געשעפט גענייט
איינס גאָר אין דער וועלט.
מיין שותף דאַרף פאָן מיר ניט קליגער זיין
טראַכט בייא זיך דער גגבותאָ
פאַר אַ שותף גנפעלט מיר אָט דער יונגער מאַנן
ווייל ער איז אַ גוטער ויזתא.
יא חאָטש ויזתא איז אַ נאַרר ויזתא
האט מען איהם ליעב דער פאַר ויזתא.

3

אַ ווייבעל אַ יונגס האט אַ מאַן פאן 60 יאָהר
און ליעבט זיך מיט אַ יונגען מאַנן גאָר

נא וואס איז עס
פֿאַר אַ חטא
אַז מען רעדט
און מען גלעט
זיך וויא טויבען אַ פּאָר ?
איך וואָלט געקומען אָפּט צו אייך און שטוב אַריין
ואנט צום ווייבעלע דער יונגער מאַנן
נאָר איך היט
מיך גאַנץ ניט
אייך טהון אַ קיש
פֿאַר אייער איש
ער וועט אייפערזיכטיג זיין.
נישקשה קומט צו מיר אין שטוב אַריין
פּרייסט איהם דאס ווייבאתא
האָט קיין מורא ניט פֿאַר מיין אַלטען מאַנן
ווייל ער איז איין אַלטער ויזתא.
יא חאטש ויזתא איז אַ נאַרר ויזתא
האט מען איהם ליעב דער פֿאַר ויזתא.

4

אויך דיא מענשען וואס איך זעה דא פאַר מיר היינט
זיינען אויך צופריערען וויא מיר שיינט
נאָר אַן אַ שיע,ר
נאָר פֿאַן מיר
וויא איך זעת
האבען זייא
מיך אויך גאָר נים פֿיינד
איך שפיעל זייא ניט קיין דראַמא און טראַגעדי
איך רייד מיט זייא קיין פילעזאָפֿי
איך טהוא זייא
נאָר נים ווייא
און איך שפיל
מיט געפֿיהל
מיין ראָללע און זינג נאך צו
אַפֿילו דיא רצמען וועלען מיך שעטצין אויך
און מיר שרייען בראוואָהאָ
און וועלען מיט דיא הענטלאַך צופריעדקען אויך,
אַז איך בין אַ גוטער ויתא
יא חאָטש ויזהא איז אַ נאַר, ווזתא
האט מען איהם ליעב דערפֿאַר.

# דער פריה מארגען.

1.

אויף דער בויערי, דער שטראססע,
געהן מענשען א מאססע,
איז איינער אהיים געלאפען
א מענשיל גאנץ שעהן
האב איך דערזעהן,
און ער האט זיך מיט מיר געטראפען.
ער רעדט מיר איין באלד,
א מציאה א גוואלד
האט ער פאר מיר בעקומען:
א גאלד וואטש און טשיין,
גאנץ ביליג געווען,
נא האב איך זיא בייא איהם גענומען.
אויף דעם פריה מארגען
אויף דעם פריה מארגען אוי וואס האב איך דערזעהען,
א פראסטע מעשענע וואטש און טשיין,
נוא נוא האב איך געהאט א פריה מארגען.

2.

און דארט אין א זאאל,
אויף א מאסקען באל,
האב איך א מאסקירטע דערזעהן.
איך קוק אלץ אויף איהר,
זיא ווינקט אלץ צו מיר
דאס פנים איז מאסקירט געוועהן,
דיא פיגור איז גאנץ נעט,
איך רוף זיא צום בופעט,
און האב זיא מיט אלעס טראקטירט,
האט מיך געקאסט איין פארמעגען.
אהן לשון אהן פרעגען,
אויף דעם פריה מארגען
האב איך זיא אהיים אפגעפיהרט.
אויף דעם פריה מארגען אוי וואס איך האב דערזעהן,
איין אלטע א מיאוסע אין מייל נים קיין ציין
נא, נא האב איך געהאט א פריה מארגען

3.

נאך ניו יארק מיט מזומן,
איז א גרינער געקומען,
דיא סאקערס האבען איהם בעקומען.
א בחורל איז ער,
חתונה האבען מוז ער,
נא האבען זייא זיך צו איהם גענומען.
מאן האט איהם געבראכט,
א מיידעלע א פראכט,
מתנות האט ער איהר געמאכט.
דער כלה מתנות,
זייא פאר שדכנות,
דיא חתונה האט איהם אויסגעבראכט.
אויף דעם פריה מארגען
אויף דעם פריה מארגען, אוי וואס האט ער דערזעהן
זיא איז צוריק מיט 20 יאהר שוין א ווייבעל געוועהן
נא נא האט ער געהאט א פריה מארגען!

---

## סאם באדי וואז היר בעפאר.

1.

אין דער בויערי אויף איין באנקהויז דאך טאון
ליינט א גנב זיין אויג,
ער וויל צו דער קאססע אריין
און דארט נעהמען וואס איהם טויג,
ער האט זיך דאס פארגענומען
און קימט צו ביינאכט אויף דעם ארט,
און 1, 2, 3, 4,—ברעכט ער אויף דיא טהיר
און איז שוין בייא דער קאססע דארט, קאססע דארט.
ער עפענט זיא גיך—און טרעפט דארט א רוח,
עפעס אלטע שטיק פייפערלאך נאר,
געליימט בלייבט ער שטעהט—זאגט צו זיך אליין:
אוי, סאם באדי וואז היר בעפאר. ביט.

2.

דער שדכן וויל מיר אלס איינרעדען,
האב חתונה, מאיי דיר,

איין אלמנה וועל איך דיר רעדען,
אזא יאהר, זאגט ער, אויף מיר.
געלד האט זיא איין פערמעגען
שעהן איז זיא וויא דיא וועלט,
וואס טויג דאס טענה'ן וואס טויג דאס פרעגען
אבי שעהן און האט נאך פיעל געלד, פיעל געלד.
איך שווער איהם בייא גאט,—איך וואלט געהייראטה.
איהר שעהנקייט איהר געלד ציהט זיא פאר,
האט'ט זיא איז עהרליך פיין, נאר אז איך מיך דערמאן,
אוי, סאם באדי וואז היר בעפאר.

3.

דארט געהט א פאאר פאלק פון דער חופה,
צייגען אונשולדיג אויס
און פאראויס טאנצט דיא מומע ציפּע,
פירענדיג זיא נאך הויז.
און פלוצים, א בשורה א שרעק,
דער מאן מח פון זיין ווייב אוועק.
אין א האלב יאהר געשווינד,—קומט דער מאן געזונד,
און טרעפט נאר זיין ווייב מיט א קינד, מיט א קינד.
דער מאן בלייבט שטעהן—און רעכענט אליין,
ערשט 6 מאנאט געהייראטעט נאר,
און אזוי געשווינד זאל ווערן א קינד?
אוי, סאם באדי וואז היר בעפאר.

* * *

מיר האבען א ביישפיעל פאר יעדען
אייך דא היינט פארגישטעלט,
אז דאס ערשטע ווייב ברייגנט דעם מאן פריידען
דיא צווייטע איז פארשטעלט.
ווען עס טרעפט זיך א צווייטע א פיינע
איז טאקע א גליק פאר דעם מאן
זאל ליבען דעם מאן דיא קינדערלאך זיינע.
ווען טרעפט זיך דאס, ווען קאן דאס זיין.
איין ביישפיעל איז דא, מיט'ן דאקטאר זיין פרוי,
וויא איין פירסטען געלעבט האט זיא נאר
נאר וויא קען דאס זיין, זיא זאל ליעבען דעם מאן?
אז סאם באדי וואז היר בעפאר.

# אז מען זוכט געפינט מען.

1.

צו יעדער צייט און אויף יעדעס ארט
האב איך מיר שטענדיג מיין גליק גווארט,
אז איינער וויל ארויף קריכען צו הויך
דערלאנגען עטוואס, איז איבער זיין כח,
פרעג איך איהם: מיין פריינד וואס פעהלט דיר וואס זוכסטו?
דאס איז צו הויך פאר דיר „שלימזל" וואוהין קריכסטו?
שלימזל געהט פארט, ער ענטווערט קיין ווארט,
איך מוז, זאגט ער, דערלאנגען צו דעם ארט
ווייל אוי!.... אז מען זוכט אוי!.... געפינט מען.

2.

איך גיה א מאל שפאצירען ביי נאכט,
איך בין מיר נעגאנגען גאנץ פארטראכט,
פלוצלינג איז א מאן צו מיר צוגעגאנגען אהן רעש
און זיינע הענד האבען פערבלאנדזעט צו מיר אין טאש,
פרעג איך איהם: מיין פריינד וואס פעהלט דיר וואס זוכסטו?
צו אזא קבצן אין פאקעט, שלימזל וואוהין קריכסטו?
שלימזל ענטפערט מיר: איך בין געווען פארטראכט
דאס איז ביי מיר אזא קריינק, ניט פאר אייך געדאכט,
ווייל אוי!.... אז מען זוכט אוי!... געפינט מען.

3.

איך גיה א מאל ביי נאכט גאנץ שפעט,
זעה איך ווי א מיידעלע שטעהט און רעדט,
זיא שמייכעלט און לאכט, איך פארשטעה וואס זיא וויל,
זיא שטעהט דיא גאנצע נאכט צו ערנייכען איהר ציעל.
פרעג איך זיא: מיין פריינדין וואס פעהלט דיר וואס זוכסטו?
צו פרעמדע לייט בייא נאכט, שלימזל וואוהין קריכסטו?
שלימזל טהוט דאס איהריגע און שלעפט מיר ביי זאכט.
קום מיט מיר זאגט זיא, עס איז בעסער בייא נאכט
ווייל אוי!....אז מען זוכט אוי!.... געפינט מען.

4.

איין יונגער מאן פערליעבט זיך גאר
אין א פרוי פון 60 יאהר,
ער רעדט צו איהר צופיעל פארשטעלט
ווייל ער וויים זיא האט פיל געלט.
פרעג איך איהם: מיין פריינד, וואס פעהלט דיר וואס זוכסטו?
צו אזא אלטע שטיק צרה, שלימזל וואוהין קריכסטו?
שלימזל ענטפערט מיר, איך לאך גאר פון איהר
איך מיין נאר איהר געלט זאל קומען צו מיר
ווייל אוי!....אז מען זוכט אוי!....געפינט מען.



דר. אלמאסאדא.

# פעריאָמערט פערקלאָגט.

1.

פעריאמערט פערקלאגט
פון זיין היים פעריאגט
פאר זיינע גרויסע זינד,
אזוי אומעדום
בלאנדזעט ארום
פון גאט דאס פערשאלטענע קינד!
אז ער זאל אויף קיין ארט
ניט לאנג בלייבען דארט
נאר געהן און ניכט ווערן מיד,
דערצוא האט איהם
זיין טאטע אלקים
געשטעמפעלט מיט דעם נאמען יוד.
זיין קאפ אנצושפארען בעט ער זיך איין,
חאטשי וויין, חאטש שרייא אוי וועה!
ניין, ענטפערט מען איהם, מע לאזט ניט אריין
א יוד ביזטו, געה ווייטער געה!

2.

אויף זיין ווייטען וועג
האט ער געהאט טעג:
עמלק האט איהם שוין דערטאפט,
און דיא גרויסע שררות
מדי און פרס
האבען איהם אויך גוט געקלאפט,
אין שפאניע, אין ראם
האט מען איהם וויא א שוואם
אויסגיקוועטשט און ארויסגעשטעלט
פארברענט פון היטץ
דערשלאגען פון בליטץ
פערפרוירען פון שרעקליכער קעלט;
און וואו אין א טויער ער קלאפט נאר אן
הערט ער א גישרייא:
ווער ביזטו, וואס האסטו נאר דא צו טהאן,
נישטא קיין פלאטץ פאר דיר געה, געה.

# The wandering Jew. *)

Translated by
ALEXANDER HARKAVY.

1.

Exiled from his land
By a tyrannical hand
And scourged by nations' rod
Is wandering around
Knowing no bound
The unlucky infant of God
That he make not
Long stay in one spot
That he wander all the world through—
His Father Elohim
Hath given to him
The mysterious name of Jew.
Supporting his head he is begging for
But in vain he expresses his wo:
—"No", they reply, "keep far from the door—
A Jew thou art, go farther, go!"

2.

On his long way
He survived a day
When Amalek had got of him hold;
When the magnates great
Of the Persian state
Gave him blows untold.
In Rome and Spain
He was taught again
The wandering staff to revere;
Unprotected from heat,
From lightning's fit,
From gales and cold severe;
And wherever he's knocking on a door
He soon hears that voice unkind:
—"Whom and what art thou come for—
We know the not, stay the behind!"

*) צו זינגען מיט דער זעלבער מעלאָדיע וויא דעם יודישען טעקסט.

3.

פרעמד בין איך ניט
איהר קענט מיך גאנץ גיט
איך האב דאקומענטען א סך,
מיין פאס דעם אלטען
האלט איהר באהאלטען
אליין אין דער שאפע בייא אייך,
דיא ביבעל דיא פיינע
דיא איז דאך מיינע,
ניט אמת פיליייכט וואס איך זאג ?
און דאס תהילימיל, וואס ניין ?
לייענט איהר אליין
איבער פאר אייך אלע טאג.
יא, דאס איז אמת, דאס וויכען מיר גוט
דאס קעהר אבער צום עברעיי
דוא רופסט זיך אבער מיט דעם נאמען יוד.
דיך קענען מיר גאר ניט, געה, געה.

4.

אוי לאזט מיך אריין
איך וועל אייך ניצליך זיין
איך בין דאך פעהיג צוא אלדינג !
צום לערנען א מח
צוא מלאכה א כח
צום האנדלען א גאנץ קלוגער יונג.
דאס קענען אויך מיר
מיט דיר, אהן דיר
וויא קומסטו נאר דען דערצו,
דוא פלעגסט דאך פערצייטען
ערד בעארבייטען
שעפעלאך פאסען און פיה ?
וואו נעהם איך היינט דעם כח וואס א מאהל
שוואך בין איך קוים וואס איך שטעה
פון שלאגען און יאגען נאר אהן א צאהל !
א תירוץ איז דאס, געה, געה ?

3.

—"I need not tell,
You know me well—
I have documents a lot;
My ancient pass
Is preserved, I guess,
In your own book-case, is it not?
The bible, in fine,
Is it not mine?
Is that not true which I say?
And those sacred psalms
In which you find balms
Each hour aud every day?—
—"False is thy claim, for it is not true.—
These belong to the Hebrew race;
Thy name is Sheeney, or Bloody Jew—
We know thee not, go from this place!"

4.

—"Let me in, I pray,
To you it will pay—
I am fit for every thing;
I have braius for learning,
Hands for earning,
To traffic with soul I cling."—
—"We can carry on trade
Without thy aid
Who called thee to this field of battle?
Of yore thy toil
Was culture of soil,
Watchmanship of cattle?!"—
—"Lost is my wondrous strength of old,
I can hardly erect my body;
I am worn by whippings and chasings untold".
—"Stop thy excuses, o bloody!" . . .

5.

**וויא קען איך זעהן**
אין דער פינסטער צו געהן
איך וועל ווארטען ביז ס'וועט אויף געהן דיא זון!
בייא דער ליכטיגער שיין
קען מעגליך זיין
וועט מען דערקענען מיר אויף ווער איך בין!
איך וועל שווין, איך שווער,
ניט זינדיגען מעהר
דאס שווער איך דיר נאמט הייליג צוא
אבי גיב שוין איין
אין זינען אריין
דיא פעלקער מיר שענקען מיין רוה!
און פאר דיא מלכים בעט איך בייא דיר
זאלסט לאזען לאנג לעבען זייא
און שטארקען דאס הערץ צום גוטען אויף מיר
מען זאל מיר ניט שרייען מעהר, גנה.

5.

—"In darkness, wo!
How can I go—
For the merciful sun I must wait;
At its lustre bright
Nations might
Know me and cease to hate!
An oath I take
My sins to forsake—
My word I pledge Thee, o God!
Tend then peoples' mind
To be to me kind,
To cast their prightful rod;
And as to the gentiles I pray to Thee
To prosper and lengthen their years;
To fill their hearts with ,kindness to me
That "go" no more rend my ears!"

# דיא ליעדער פון טיסא עסלער·

## שלח מנות.

1.

דעם ערשטען שלח מנות
האט אונז גאטט משה׳ן אריין געשיקט
אז אין מצרים אהן רחמנות
האט מען אונזערע אידען געשטיקט
האט אונז משה רבינו
פון מצרים עקספעדירט
אונד מיט דער תורה׳לע דיא שיינע
קיין ירושלים אריין געפיהרט.
א לאנד מיט א תורה׳לע
א קעניג מיט א בורא׳לע
אלע וויא צוקער זיס.
כהנים, לוים און סנהדרין
אלע וויא צוקער זיס.
(קאר) אוי, אוי וויא צוקער זיס
אוי וויא צוקער זיס
אידען שיקען שלח מנות
איינער דעם אנדערן מתנות
אוי וויא צוקער זיס, אוי וויא צוקער זיס.

2.

דעם צווייטען שלח מנות
וואס גאטט האט אונז געמאכט
אז המן מיט זיינע לצנות
האט דיא אידען שיער אומגעבראכט.
האט אסתר אליין
בייא אחשורוש אין דער נויטה
אלע אידען מציל געוועזן
אונד המן געגעבען דעם טויט.
מרדכי און אסתר
א ברודער מיט א שוועסטער,
אוי וויא צוקער זיס
המן א שררה׳לע
געגאנגען א כפרה׳לע
אוי וויא צוקער זיס, א. ז. וו.

3.

דעם דריטען שלח מנות
איז אויך פון גאט גיווען,
אז דיא רוססען אהן רחמנות
האבען זיך אן אונז נוקם גיווען,
אמעריקא א לאנד איז דא
וואס דארט לעבט יעדער פרייא
אונד דער אידעלע אין א גוטע שעה
גיבט שוין אויף רוסלאנד א שפייא.
אמעריקא האט שטעדטעלעך
הייזערלעך מיט קלייטעלעך
אלע צוקער זיס,
בעל מלאכה׳לעך אידעלעך
אין אלע סטריטעלעך
אוי וויא צוקער זיס, א. ז. וו.

4.

אונד אויב דוא לעבסט יא
אזוי גוט אין דעם פרייען לאנד
וואו דער קריסט מיט דעם איד
זיינען געשלאסען האנד אין האנד,
נו לעבט זשע שוין צופריעדען
אונד פערגעסט ניכט אן גאטט׳ס מתנות
אונד שיקט זיך אלע אידען
פורים שלח מנות.
פרייעט זיך אידעלעך
קויפט אייך לידעלעך
אוי וויא צוקער זיס
דא האט איהר פאר קיינעם קיין מורא
מעהר ניט פאר דעם בורא
אוי וויא צוקער זיס, א. ז. וו.

---

## אוי! קינדער קינדער!

נוא האב איך מיר דאס פארגישטעלט
עס זאל פערגעהן אזא זינד,
אומברעננגען וועלען פון דער וועלט
דעם טאטען, ועה איז מיר, מיין אייגען קינד,
אוי! קינדער קינדער!

## 1.

וויפיעל פלאג מיא האט,
וויפיעל בעט מען נאטט,
ביז מאן דערלעבט דאס קינד צו זעהען,
און ביז דאס וואקסט אויס,
און ביז דאס ווערט גרויס,
וויפיעל צרות האט מאן ווען דאס איז קליין:
דער טאטע לויפט אין פראכט,
ער רוהט ניט טאג אונד נאכט
ביז ער פערזארגט דיא שטוב מיט ברויט,
ער קרענקט זיך און זארגט,
דא לייט ער און בארגט,
פארהיט זיין קינד פון שלעכטס און נויטה.
נוא האב איך מיר דאס פארגישטעלט.
עס זאל פערגעהען אזא זינד,
אומברענגען וועלען פון דער וועלט
דעם טאטען, וועה איז מיר, מיין איינען קינד,
אוי! קינדער קינדער

## 2.

וויפיעל בלוט פערנאסעי,
קיין גוטע שעה גענאסען,
האט דיא מוטער דורך דעם קינד.
זיא האט זיך גיעקט,
דאס לעבען געשטרעקט,
שטאטץ, דאס קינד איז ניט געזונד,
פעלד האט זיא געמאסטען,
דאס לעבען זאל זיא קאסטען,
זיא האט זיך שיעור ניט אומגעבראכט.
זכות אבות גיבעטען,
ניט אבגעטרעטען.
ביז זיא האט דאס קינד געזונד געמאכט.
נוא האב איך מיר דאס פארגישטעלט,
עס זאל פערגעהען אזא זינד,
אומברענגען וועלען פון דער וועלט,
דעם טאטען, וועה איז מיר, מיין איינען קינד,
אוי! קינדער קינדער!

## דיא ליעדער
# פון יהודית און האלאפערנעם

### דער טיגער און דאס לעמכען.

צווייא מאהל שוין האב איך געזעהן איין בילד
עס שוידערט מיך זא זעהר, מיינע אויגען טרויע איך קוים,
דאס לעמכען גאר זא זאנפט, דער טיגער זא ווילד,
אה, צייג מיר ליעבער גאט אויב דאס איזט־קיין לעערער טרוים!
דער טיגער זא ווילד—דאס לעמכען זא מילד
ענגסטליך און ציטערענד שרייט עס און וויינט:
אה, העלפט מיר!
גרויס איז דיא געפאהר אהן א שיער,
פערניכטען וויל מיך דער פיינד.
אה רעטטעט!
דער טיגער זא ווילד—דאס לעמכען זא מילד,
אה ניין! שטערבען זאלסט דוא ניכט, ניין, ניין,
דיך רעטטע איך מיט מיין לעבען, מיין לעמכען,
זיעס לעמכען מיין....

---

### חיק, חיק.

**1.**

האלאפערנוס איז א ריז, א העלד,
מען ציטערט פאר זיין בליק,
איז ער נור ניט צופריעדען געשטעלט.
אזוי מאכט ער באלד חיק!
חיק חיק, אט פליהט א קאפ,
חיק חיק, ליעגט ער מיט איין קלאפ.
נור צום גליק הייס איך מופטי
אונד מופטי איז ניט קיין נאר,
מופטי'ס קעפעל לעבט נאך,
איך האב קיין מורא דער פאר,
ווייל מופטי איז א קלוגער יונג,
מופטי איז זא שנעל אונד פלינק,
איך הייבעל איהם—איך שמייכעל איהם.
איך קעבעל איהם—איך פעבעל איהם.

ווייל מופטי איז א קלוגער יונג.
נא דיר אקסען, קעלבער, שוויינען
נא דיר אלע סארטען וויינען,
נא דיר זויפען, נא דיר פרעסען,
אבי דוא זאלסט אן מיר פארגעסען,
און אזוי טהו איך אלדינג געשיקט,
און מיין קעפעלע בלייבט מיר אום געחיקט.
האלאפערנעס איז א ריעז, דאס איז וואהר,
מופטי איז אבער אויך ניט קיין נאר,
האלאפערנעס חיקט מיט זיין שווערד,
אבער מופטי האט איהם טיעף אין דער ערד.

2.

אין אראביען געבארען בין איך,
געלעבט דארט וויא א פרינץ,
האלאפערנעס האט געבראכט דער רוח
און ער האט בעוויזען א קונץ,
מופטי, זאגט ער צו מיר;
מופטי, איך האב איין אויג אויף דיר,
אזוי האט מאן מיך גענעהמען,
און מיך אהער געבראכט,
אצונד מוז איך מיך שעהמען,
וואס מען האט פון מיר געמאכט.
זיין וועכטער בין איך איינער,
אויסער מיר דארף קיינער
איהם בעדיענען, איהם דערלאנגען,
ווערען זאל ער שוין געהאנגען,
איבערלעבען זאל איך זיינע ביינער.
איז נור ניט פערטיג וואס ער וויל,
ווערט ער באלד משוגע, דול,
מיט'ן פוס גיט ער א קלאפ,
און חיקען וויל ער מופטי'ס קאפ,
אבער מופטי מאכט אלדינג געשיקט
און מיין קעפעלע בלייבט מיר אום געחיקט.
האלאפערנעס איז א ריעז, דאס איז וואהר,
מופטי איז אבער אויך ניט קיין נאר,
האלאפערנעס חיקט מיט זיין שווערד,
אבער מופטי האט איהם טיעף אין דער ערד.

## 3.

טימורן, דעם האס איך שטארק,
ווייל ער איז א שווין,
האלאפערנוס'ן ליעגט ער איבער דען קארק
און חזר'ט אין איהם אריין.
חווא חווא, דאס איז זיין שפראך,
חווא חווא, רעדט ער א סך.
פון אונזער הערר דער עזעל
דער איז פערגלויבט אין איהם,
פערדרייט טימור דאס געזעל,
קוקט ער אויף אלע קרום,
נור פאר מיר האט טימור דאס קדחת,
ווייל איך טוה איהם אויף להכעיס,
איך זידעל איהם—איך פידעל איהם,
איך טייט אויף איהם—איך רייט אויף איהם,
ווייל ער האט פאר מיר דאס קדחת.
וויל ער דען הערר'ן וואס פארלעגען,
לויף איך פריהער איהם ענטגעגען,
איך לויף אהין—איך לויף אהער,
ביז ער האט קיין לשון מעהר
און אזוי טהו איך אלסדינג געשיקט
און מיין קעפעלע בלייבט מיר אום גערוקט.
האלאפערנעס אי' א ריעז, דאס איז וואחר,
מופטי איז אבער אויך ניט קיין נאר,
האלאפערנעס חיקט מ'ט זיין שווערד,
אבער מופטי האט איהם טיעף אין דער ערד.

## שלאפליער.

דיא גאנצע וועלט האסטו בעהערשט מ'ט דיינען שווערד,
עס ציטערט איין יעדער, ווער פון דיר נור הערט;
צערשמעטערט האסטו פיעלע לענדער,
פערניכטעט נאציאנען,
צו דיינע פיסע ליעגען קעניגליכע קראהנען,
גרויס איז נור האלאפערנעס, ווער קען נעגען דיר בעשטעהן!
דאך ווארט נור האלאפערנעס. ווארט איין מאל,
וויר ווערדען זעהן....

שלאף, אה שלאף מיין הערץ.
שלאף נאר רוהיג אהנע זארגען,
רעדען ווירד דיא וועלט
פון אונז ביידע, פון אונז מארגען,
פון דיר אונד פון מיר
ווירד מאן ריידען איבעראלל,
שלאף אונד רוהע דיך הייטע אויס,
רוה דיך אויס דערווייל;
שלאף נור איין אין א גוטער שעה,
שלאף מיין טינעריל, שלאף
שלאף נור א גוטער שעה,
א לוא, לוא, לוא!

אויף דיין גאלדענען שטול האסטו נעבען דיר אויך מיר געזעטצט,
איינע הערשערין, איינע קעניגין היים איך יעצט,
פערקויפט האב איך דאפיר מיין אייגען פאטערלאנד,
מיין פאלק דיר איבערגעבען זאל יעצט מיין איינענע האנד,
זיכער ביסט דוא האלאפערנעם דאס עס ווירד זא באלד געשעהען,
דאך ווארט נאך האלאפערנעם ווארט איין מאל מיר ווערדען זעהען.
שלאף, אה שלאף א. ז. וו.

---

# דיא ווייב.

## 1.

ווער מאכט איינעם דאס לעבען זיעס — א ווייב,
ווער מאכט איינעם דאס לעבען מיאוס — א ווייב,
ווער איז פאר א מאנן דאס גרעסטע גליק?
ווער ברענגט איהם דערצו ער זאל זיך מאכען חיק — א ווייב א ווייב
זיא האט דאך קיין מורא פאר דעם שטארקסטען העלד,
זיא איז דאס שטארקסטע חיה אויף דער וועלט.

## 2.

ווער קען לאכען אונד נישט אויפהערען — א ווייב,
ווער קען וויינען מיט פאלישע טרערען — א ווייב,
ווער קען זיין גוט און וואויל און פיין ?
ווער ווארפט דען מאנן א טאפ אין קאפ אריין — א ווייב.
זיא האט דאך קיין מורא פאר דעם שטארקסטען העלד,
זיא איז דיא שטארקסטע חיה אויף דער וועלט.

3.

ווער קען בעצויבערן מיט א קוק פון איין איינעל — א ווייב,
ווער קען דראפּען מיט דיא נענעל — א ווייב,
ווער איז מהיה זיס אונד געשמאק?
ווער איז אויף דער וועלט דער גרעסטער שלאק — א ווייב, א ווייב
זיא האט דאך קיין מורא פאר דעם שטארקסטען העלד,
זיא איז דאס שטארקסטע חיה אויף דער וועלט.

# דיא ליעדער פון אליהו הנביא.

## דער בעטלער.

1.

שענק א נדבה איין ארמען מאן,
ווער ווייסט וואס שפעטער קען מיט אייך זיין,
שענקט א נדבה איין ארמען מאן.
רייך בין איך געוועזען איין מאהל,
פערמעגען פיעל געהאבט גאר אהן צאהל.
פערלארען האבע איך עס אלעס געשווינד,
איין ארמער בעטלער בין איך אצונד.
דארום צדקה גיעב, גראס איזט אייער שכר,
דאס שיצט דיך מענש פון נויטה אונד פון צער.
שענק איין נדבה איך בין נעמיין,
דוא זאמעלסט עס מענש נור פאר דיר אליין.
געלד גיעב מיר, גיעב אהנע שיער.

1.

שענק איין נדבה איין ארמען מאן.
ווער ווייסט וואס שפעטער וועט מיט דיר זיין,
שענק א נדבה איין ארמען מאן.
רייך ביסט דוא, איין מיליאנער,
א וועה! דאס געלד איזט קיין עווינ נעוועהר.
דאס רעדעלע דרעהט זיך אויף זא ניך,
אוי! מארגען קענסט דוא אויך בעטלען וויא איך.
דאריב צדקה גיעב, גראס איזט אייער שכר,
דאס שיצט דיר מענש פון נויטה אונד צער.
שענק איין נדבה איך בין נעמיין,
דוא זאמעלסט עס מענש נור פאר דיר אליין.
געלד גיעב מיר, גיעב אהנע שיער.

3.

שענק איין נדבה איין ארמען מאן,
ווער ווייס וואס שפעטער קען מיט אייך זיין,
שענק איין נדבה איין ארמען מאן.
רייכע פאלעסטע מיט גאלד געציערט,
נערטנער דיא בעסט האבע איך איבערגעפיהרט,
מיט גאלד געוואָרפען ניט געאַכט,
יעצט מוז איך בעטלען בייא טאג אונד בייא נאכט
דארום צדקה גיעב גראס איזט אייער שכר,
דאס שיצט דיר מענש פון נויטה און פון צער,
שענק איין נדבה איך בין געמיין,
דוא זאמעלסט עס מענש נור פאר דיר אליין.
געלד גיעב מיר, גיעב אהנע שיער.

## טרערין ליעד.

1.

וויא גרויס זיינען דעם ארימענס זארגען,
אה גאט! ערבארם דיך,
מיט דאגותווארט ער אויף דעם מארגען
מיט צרות לעגט ער זיך,
א פולע שטוב מיט קליינע קינדער
ליידען הונגער, קעלט אונד נויטה,
אה פאטער! יעדער שרייט בעזונדער
גיעב אונז א שטיקעל ברויט.

2.

שענקט א נדבה, ברויט א ביסען,
דיא קינדער געהן אוים פאר קעלט,
אהן קליידלעך אלע אפגעריסען,
שענקט א בעטלער עפעס געלד
עס מעג זיין ווינטער אדער זומער
פילט דעם ארמען זיין נויטה,
צו קאלט אדער צו היים איז זיין צימער,
גיעב איהם א שטיקעל ברויט.

3.

אין דרויסען פריערט זאל גאט ערבארמען,
אין שטוב איז א גרויסע קעלט

די קינדער איז ניטא אהן צו ווארמען,
וויא פרייע שפּעלעך אויף דעם פעלד.
אין זאאלען טאנצען דאמען און העררען,
געטרונקען ווירד אונד געשפּייזט,
דעם ארעמאן וויל קיינער ניט הערען,
דיא טיהר איהם איין יעדער פערווייזט.

---

## ויהי בחצי הלילה.

### 1.

פסח איזט דיא שעהנסטע צייט
פיר אונזערע הייליגע יודען,
מאן פארגעסט אין צרות אונד אין לייד
מאן לעבט זעהר גליקליך אונד צופריעדען;
זאגאר דער ביעדערער ארמער מאנן,
וואס קאן דורכאויס קיין פסח מאכען,
ער טהוט אללעס וואס ער קאן,
דער סדר מוס ווערדען געשאפפען.
דא צערלעגט זיך דער מאן אויף דעם הסיב=בעט,
פאן יציאת מצרים ווירד נור גערעדט.
מיט פריידע ערצעהלט ער דיא הייליגע וואונדער,
וואס גאט האט איינסט בעוויזען דיא יודישע קינדער.
בייא דעםווארט „קינדער״ שפּרינגט דאס ווייבעלע אויף פֿון דעם ארט.
זיא האט זיך אויך ערמאנט אין איין פסחדיג ווארט,
זיא שרייעט, זיא געהט שלאפען, וויל זיא איזט נעביך זעהר מיעד,
וויל זיא ווייס דאך, נאך דער הגדה קומט נאך איין ליעד....
נא, נא, נא, זאגט דער מאנן: מייז ליעב ווייבעלע
פתח לנו שער,
דאס ליעד זאגט מאן דער פאר,
אז איין יוד מוס זארגען פאר קינדער איז איין נזר
נאך ויהי בחצי הלילה.

### 2.

איין גוטען יודען האט זיך נעביך איין סבה געטראפפען,
ער האט זיך מיט דער כשרער רביצען גע׳גט.
איזט געקאמען איינע עקרה צום רבין געלאפפען,
זיא זאל איהם מאכען דאס פסח׳דיגע הסיב=בעט.
דער רבי האט דיא עקרה פריינדליך אויף גענאמען,

אונד האט בייא זיך אים הארצען גאנץ שטיל געטראכט,
וואס איך האב גאנץ לאנג געזוכט האבע איך געפונען,
איך וועל שוין האבען א גוטע סדר נאכט....
בייא דעם סדר אפריכטען האט דער פראמער מאן,
אויך געוואלט צייגען דעם פובליקום וואס ער קאן,
ער האט געגעבען פערשיעדענע ביישפילע פאן דער גמרא,
ביז ער איז ארויס געקאמען אויף איינע זינדיגע עקרה.
בייא דעם ווארט „עקרה" שפרינגט דאס ווייבעלע אויף פאן דעם ארט,
זיא האט זיך דערמאנט אין דעם פסח'דיג ווארט,
בעטענדיג דעם רבי שרייט זיא, זיא איזט שאן מיעד,
ער זאל איהר איין מאל זינגען דאס פסח'דיגע ליעד....
נא, נא, נא, האט דער רבי געזאגט:
פתח לנו שער,
דוא האסט קיינע קינדער געהאבט דער פאר,
ווייל איך האב נאך ניט ארויסגעגעבען מיין גזר
נאך ויהי בחצי הלילה.

3.

נויארק איזט אין דער וועלט בעקאנט,
פיר איינע פרייע שטאדט,
האט מאן נור געלד אין דער האנד,
פינדעט מען שאן גוטע פריינד.
מאן קאן זיין א בירגער אדער ניט,
מאכט מאן זיך אויף איין ביער סאלאן,
זא לאנג מאן בעפריעדיגט דעטעקטיווס גוט,
לעבט מען שאן וויא איין באראן,
מען האלט אפפען דעם ביער סאלאן בייא טאג אונד בייא נאכט
ווען גוטע געשעפטען ווערדען געמאכט,
עס ווירד אין קארטען געשפיעלט געטרונקען געגעסען,
נור מאן האט דיא טהירען צו פערשליעסען פערגעססען.
ביי דעם ווארט „פערגעסען" שפרינגט איין דעטעקטיוו ארייז אין דעם ארט
ער האט זיך אויף דער מאנט אן דעם פסח דיגען ווארט
דיך צו וואטשען, שרייעט ער בין איך שאן מיעד,
איך זאל דיר קענען אמאל זינגען דאס פסח'דינע ליעד,
נא, נא, נא, מיין ליעבער ביער סאלאנטשיק
פתח לנו שער,
דאס קאסט פינפ-אונד-צוואנציג דאלאר,
ווייל דוא האסט אפפען געהאלטען דיא באר
נאך ויהי בחצי הלילה.

4.

איינינע נויארקער אלדערמען האבען ערלויבט,
אין בראדוויא צו לויפען איינע קאר,
האבען דיא בירגער גיזשריעגען מען האט זייא בערויבט,
דיא אלדערמען האבען געלד גענאמען דער פאר,
דא האבען דעטעקטיווס לאנג ניט געטראכט.
אונד האבען דיא זאך אין דיא הענד גענאמען,
זייא האבען ניט גערוהט בייא טאג אונד בייא נאכט,
ביז זייא זענען אויף דעם שפור געקאמען.
ווען זשעהן דער אלדערמען האט דאס געהיימנים ענדעקט,
זענען אין צווייטען צימער געוועזען דעטעקטיווס פערשטעקט.
וויא ער האט געזאגט דאס ווארט, אז ער האט געלד גענאמען,
זיינען דעטעקטיווס צו איהם צו געקאממען;
דא האבען איהם דיא וואהלע יונגען גענומען פאן דעם ארט,
זייא האבען זיך אויף דערמאנט אן דעם פסח׳דיגען ווארט,
דיר נאכצופארשען שרייען זייא זענען וויר שאן מיעד
מיר זאלען דיר אויף קענען זינגען דאס פסח׳דיגע ליעד.

נא, נא, נא, האט דער ריכטער געזאגט:
פתח לנו שער,
צעהן יאהר ארעסט פיר בראדוויא קאר,
ווייל דוא האסט גענאממען הורש פינף=אונד=צוואנציג טויזענד דאלאר
נאך ויהי בחצי הלילה.

---

# די ליעד פון שלומה׳לע עהרליך:
## חאפ לאפ.

1.

ביי אונז אין סטאמבול איז דא א ווארט
חאפ לאפ הערט מען איבעראל,
אין עסטעררייך, וויא אויף אין יעדען ארט
בענוצט זיך יעדער מיט דעם כלל (יא)
פרעגט נאר דעם רייכען מאן
וואו האט ער גענומען זיין געלד?
וועט אויך זיין ענטפער באלד זיין:
ער טהוט וויא דיא היינטיגע וועלט,
פון וואס ווערט מען רייך,

פרענט ניט קיין סך
איהר וועט אליין וויסען, איהר ניט נאר א טאפ.
דער מיט חניפות,
דער מיט רדיפות
און אם מייסטען גאנץ איינפאך, פון חאפ לאפ.

2.

דער רבי, א נא בעטראכט איהם גוט
ווען ער זיצט דארט אויבען אן,
א יא ער איז א פרומער יוד
קיין שלעכטס וועט ער ניט טהאן. (ניין)
ער גלאצט מיט דיא אויגען ארויף,
מלאכים חאפט ער אן ביים קאפ
און פלוצים חאפט ער זיך נאר אויף
און ניט זיך אין שטערען א קלאפ.
דער גבאי איז בלאט
ער שרייט עס איז ניט גלאט
וואס דער רבי האט זיך פלוצים גענעבען א חאפ.
ביי זיך ווייסט ער ניט
אז קיין אונגליק איז דא ניט
עס איז בלוי, א אנשטעל פון דעם חאפ לאפ.

3.

א פרוי האט איהר מאן זעהר ליעב
דא קען ניט זיין אהן איהם א מינוט,
קוים געהט ער אבער הערוים פון שטוב
איז איין אנדערער אויך גוט. (יא)
דער מאן געהט שווער ארבייטען דארט
אום זיין ווייב זאל צופריעדען זיין,
אין דער היים איז א צווייטער אויף זיין ארט,
זיין ווייב פארשטעלט איהם דיא שיין:
נאר דיר האב איך ליעב
ביז אין מיין גריב
דערצעהלט איהם זיין ווייב און פארדרעהט איהם דעם קאפ.
אזוי געהט ער אוועק
און דא, גאר אהן שרעק
קומט איהר געליעבטער און מען שפיעלט זיך איז חאפ לאפ.

4.

אין אמעריקא בין איך אויך געווען
דאס איז זעהר א פרייעס לאנד,
ניסים האב איך דארט געזעהן

ערצעהלען בין איך ניט אימשטאנד. (ניין)
דאס איינע וויים איך נור גוט
אז א לעבען צו מאכען איז דארט גרינג,
מיט עהרליכקייט געהט עס דארט ניט,
מיט שווינדעל מאכט מען דארט אלדינג:
א פעדלער ווערט דער
און דער ארבייט שוער,
און דער עפענט אויף מיט צעהן פיננער א שאפ.
דער ווערט א קאלעקטאר,
דער נאר א עקטאר,
און אזוי מאכט מען א לעבען פון דעם חאפ לאפ.

## א ריכטיגער סימן.

אז דוא ווערסט בענגענען א דאמעלע מיט א לאנגער שלעפ,
מיט פריזירטע האר. שעהן פערפלאכטענע צעפ
בעקעלעך וויא ראזען, צענדלעך—וויא שנייא,
און פון איהר ווערט שמעקען פערפומען, בשמים אלערלייא,
זיא ווערט דיר מאכען א חנדיל—דיר געבען א לאך!....
זאלסטו אויפהייבען דיא הענד און זאגען דעם שבח:
„געלויבט ביסטו גאטט. וואס דוא מאכסט פון אלט יונג!
„געלויבט ביסטו פעדלער, וואס דוא געטרויסט אלדינג!
„געלויבט ביסטו פאריז, וואס דוא מכסט אחור'ם פון שטאהל!
„געלויבט—דוא אפאטהעקער וואס דוא פארקויפסט פארב אהן צאהל!
„געלויבט ביסטו פריזירער, וואס דוא פארקויפסט מענשען האר!
„געלויבט ביסטו דענטיסט, וואס דוא שטעלסט צעהן אריין גאר!"
נאך דעם שבח,—ענטלויף. איין עבירה הוצאות!
ס'איז אן אלטע כלבטע! האב ניט קיין טעות!....

אז דוא ווערסט זעהן אין שטוב אריינקומען צו דיר
א פיין מענשיל, לפנים, און ווערט בלייבען שטעהן פאר דער טהיר
ער מעג זיין א הויכער, מיט א בויך א פולען,
אדער א מאגערער, נאר ער ווערט טראגען ברילען,
אדער א ליטוואקעל א קליינס מיט א בערדעלע א רויטס,
אדער א פויליש יונגעל, מיט א פנימיל א טויטס,
אדער נאר אן אלטעטשקער—וויא ס'איז אמאל געמאהלט,
מיט א גרויסער בארד, אדער אין גאנצען געגאלט,
ער ווערט בלייבען שטעהן בייא דער טהיר און זיך געבען א נייג,
ווער ער איז?—דארפסטו איהם ניט געבען א פרעג,
ער אליין ווערט ארויס נעהמען לאנגזאם א בוך!
און ווערט זיך רעקאמאנדירען: „פערפאסט עס האב איך!"
דא—וויש דיר אפ דיא ליפען און רעד ניט קיין סך,
א מחבר איז דאס!—ארויס מיט א רך (רובעל כסף).

# שלאָף ליעד.

ריפּאָסט פון פּראָפ. הורוויץ. מוזיק פון מ. אַבּראַמאָוו

געזונגען פון ב. טאָמאַשעווסקי אין דיא אָפּערע „יפת תאר"

שלאָף מיין גאָלדען ציינעלע,
שלאָף אין דיין מאַמעס וויעגעלע,
שלאָף מיין קינד שלאָף איין בשלום.
א. הא הא הא הא.

פינקטליך וויא עס שלאָגט אויס א זייגער,
ערוואכט דאָס קינד אין זיין געצעלט,
עס געפעלט איהם ניט זיין געלעגער,
מיט א געוויין קומט עס אויף דער וועלט,
וויא עס בליקט מיט דיא אייגעלאך ארויף צום הימעל,
עס לאכט, עס טראכט, עס זינגט, עס וויינט,
אָבער קיינער וויים ניט וואָס עס מיינט.
יעמאנדען זעהט עס אין זיין דרימעל,
באלד ווירד עס בלייך,
באלד ווירד עס רויטה
מיט דעם לעבען גלייך
דערזעהעב עס באלד דעם טויט.
שלאָף...... א. ז. וו.

# ענגלישער לעהרער.

א לעהר־בוך זיך אויס צו לערנען ריכטיג לעזען, רעדען און שרייבען ענגליש, אין פינף אבטהיילונגען. ערשטער טהייל לערענט דיא רעגלען פון לעזען, צווייטער טהייל ענטהאלט 2,500 ענגלישע ווערטער וועלכע זיינען איבערזעצט אין אידיש וויא דער וואָרט לעזט זיך און דיא בעדייטונג פון וואָרט, דריטער טהייל, פערשיעדענע פראזען און געשפּרעכע, פיערטער טהייל, ענגלישע געשריעבענע בוכשטאבען גרויסע און קליינע האנד זיך צו לערנען שרייבען ענגליש, פינפטער טהייל דיא ענגלישע גראמאטיק, דיא כללים פון דער ענגלישער שפּראך וויא עס דארף ווערען געשפּראָכען און געשריעבען, פון אלכסנדר הארקאַווי. פיין געבונדען.

פּרייז **30** סענט.

# פאטער ליעד.

פאן דער אָפּערא „יפת תואר“

## פערפאסט פאן פראפעסאר הורוויטץ.

I.

דיא לבנה קוקט אראפּ בלאס און קאלט
דער הימעל איז רויט אזוי וויא בלוט
שטיל וויא דער טויט הערשט אין וואלד
נאר דער ווינט זיפצט און קרעכצט אלע מינוט,
שווארצע וואָלקען טראָגען ביטערע טרערין
אין דיא הימלען קלאָגען אלע שטערין
שווארץ פערוויסט געהען מענשען דאָרט
שטיל מען הערט נור פּושקעס קלינגען
מען טראָגט מיין זאהן צום הייליגען אָרט
צדקה תציל ממות זינגען
מענשען מענשען וואָס איהר האָט קינדער צו לייטען
נאָט זאָל אייך בעהיטען פאן מיין שמערץ
ווינט און קלאגט אויף דעם אלטען טאטין
גיסט טרעהרין אויף מיין געבראכען הערץ
גיסט טרעהרין גיסט...........

II.

שעהן איז ער ביי זיין לעבען געוועזן
וויא ראָזען האָבען זיינע באקען געבליהט
דיא וועלט האָט מיך מקנא געוועזן
און דער טויט האָט איהם אויך געציעלט
אזא יונג ביימעלע זאָל פאלען פאָן א שווערד
אזא יונג צווייגעלע זאָל פוילען אין ד׳ערערד
אוועק איז פון מיר מיין שלום
מיט שמערצען איז נאר פול מיין הערץ
דעם טאטין׳ס פרייד און זיין זיסען חלום
איז פאן מיר אוועק געפלויגען
מענשע, מענשע, וואס איהר האָט קינדער צו לייטען
נאָט זאָל אייך בעהיטען פון מיין שמערץ
ווינט און קלאגט אויף דעם אלטין טאטין
גיסט טרעהרין אויף מיין געבראכען הערץ
גיסט טרעהרין גיסט...

# דיי צוועלף שבטים

פון דער אָפּער

# יפת תאר

פערפאַסט פון פראָפ. „הורוויץ"

---

**שבט ראובן.** דועט (2 וואססער טרעגער)

א נעווייך, א געשרייא, א יללה,
גאַנץ שבט ראובן האט געקלאַגט,
ווען יעקב אבינו האט דיא קללה,
„פחז כמים" הערוים געזאגט,
אללע שבטים איז דאס יעטצט צו גוט בעקאַנט,
ווייל ראובן דער בכור האט נאר אַן מוראָ,
זיין פאטער'ס עהעבעטט געמאַכט צו שאַנד,
האט מען איהם צוגענוממען דיא בכורה,
נור אין דער ברכה „מטל השמים"
האַט יעדער שבט גלייכע זכיה,
אויך דיא ברכה „מים ממקור החיים"
מיר זאַללען שעפּפען, „ממעיני הישועה",
פריש, פריש וואססער, פריש, פריש,
איזט אונזער מתנה, כלה חתן! — פריש,
אונד דאַפיר אללע מחותנים ביים טיש,
זינגט — „ושאבתם מים בששון". (טאַנץ)

**שבט שמעון ולוי.** קווארטעט (ווילדע קריעגער מיט אָקסענקעפּ)

שמעון ולוי אחים — ווייסען פון קיין רחום חאָ, חאָ, חאָ, חאָ,
יאָ נור מאָרד — עה, מען רעדט נאָך גאָר איין וואָרט,
פליהט דער קאָפּף — וועג זאָפאָרט,
שטיללע דאַן — קאָמט פּאָראַן — פּאַקעט אַן — אייער מאַנן,
אונד מאַכט איהם כשר דאַנן, חאָ, חאָ, חאָ, חאָ, חאָ, חאָ, חאָ, חאָ, חאָ.
אָהרען וועג - נאָזע אב — שעדעל וועג — אונד אַלעס אב,
מיט דעם יאַרטאַגאַן נעהט לאָז,
אונד מאַכט אייך ניכט דאַרוים, (ביז)

סאָלאָ שטעלט מען אייך דיא פרויא — איבערלעגט נענוי,
וואַר דיא דאַמע אַלט אונד גרוי — לאַסט זיא לויפען שלוי,
וואַר זיא אבער שעהן — ליעבליך אנצוזעהען,
מאַכט מיט צאָרן — מאָרד סקאַנדאַל — רעטעט דיא מאָראַל.
אָהרען וועג נאָזע אב א. ז. וו.

קאָהר  עס קומט וויעדער נור אריה יהודה,
סאָלא  זייט אונז ווילקאָממען צו דער סעודה.

## שבט יהודה קווינטעט (איין קעניג, 2 ווײַן מערכען, 2 מילך קינדער)

פון דעם טאַטען האב איך דיא הבטחה,
„לא יסיר שבט מיהודה“, א ברכה,
אין ווײַן זאָללען מיר אונזערע קליידער וואַשען,
מיט ווייסע צעהנדליך דיא מילך נאַשען,
יעצט שטעהט פאַר דיר דיא גאַנצע מִשפחה,
געקוממען זינד וויר יעצטצט צו דיר צו דיין סעודה,
מיר ברייננגען חלק פון אונזער ברכה
וואס יעקב אבינו האט געבענטשט שבט יהודה,
יאַ וויא איין יונגער לעווע איין ווילדער,
זאָ ערהעבען וויר אונזערע שטיממען,
מיט קלאַנג געזאַנג מיט טאַנץ אונד געפּילדער,
רופט עס לעבע דער שבט שמעון (ביז)

## שבט זבלון (דרייא מאַטראָזען)

מיר ווינשען דיר אללע היער, פריידען שטראַלל—אללע מאהל,
צו יעדער צייט—ווינשען וויר אללע היער
דאס דיין הערץ—זאָלל פאַר שמערץ—בעפרייעט שטעטס!
שבט זבלון פון ווייטע מעערן,
ברייננגען מתנות, שבט שמעון דיר,
דיין גליק זאָלל לייכטען וויא דיא שטערן
דאס איזט אונזער שבח—דאס איזט אונזער שיר. (מאַנץ)

## שבט יששכר דועט (2 אנגענעססענע פּוילע)

מיר בעטען מחילה—מיר בעטען סליחה, אה
אונזערע קנאָכען זענען הארט וויא ביים עזעל, אח
וואס לעבט צווישען דער טשערעדע במנוחה, אה
וואס זוכט נעביך נור א גרעזעל, אה
מנוחה מיט א פעט קעזעלע—מנוחה מיט א גלעזעלע,
נישט פיעל ארום צו טאַנצען אויף דיא פיס,
דאס שמעקט אונז זעהר זיעס. (טאַנץ)

## שבט גד, אשר, דן, נפתלי.

קוואַרטעט (איין קרינער, איין בויער, איין דיין, איין זיעגער)

מיר שטעלען זיך דאָ פאַר אלס דיא פיר שטענדע,
וואס זאָרגען זיך פאַר דער וועלט, א, א,
וויר ארבייטען מיט פאָללע הענדע,

בחינם בל"ם גאָר אָהן געלד     הפצוי
דן, פון שבט דן א יוד א קלוגער     הפצוי
גד, שבט גד איין סאָלדאַט איין קריעגער  הפצוי
אשר, פון אשר וואס האט ברויט צו פערקויפען הפצוי
נפתלי פון נפתלי סתם א יוד צום לויפען  הפצוי
וואס ווילסטו, וואס ווילסטו, וואס ווילסטו, אונד דוא?
דן, איך משפט אונד בין קליעגער פון דיא שלאַנגען  הפצוי
וואר קען מען פון א דיין מעהר פערלאַנגען  הפצוי
לישועתך קויתי ד' (ביז)  הפצוי
גד, אונד דיא שונאים געה איך נעהמען א נקמה  הפצוי
שטענדיג אין געפאַהר איז מיין נשמה  הפצוי
גד גדוד יגודנו (ביז)  הפצוי
אשר, מיט דער ארבייט פון מיין שוויים מאַך איך אייך פרעהליך,
בייא מיר קריעגט איהר פעט ברויט מיט מעדני מלך,
מאשר שמנה לחמו (ביז)  הפצוי
נפתלי האַ! א נייע מעלה, איך קען וויא איין אינדען שפרינגען,
אונד דאַבייא אויך שעהנע ליעדליך זינגען,
נפתלי אילה שלוחה (ביז)  הפצוי

## שבט יוסף בנימין רופט (איין הירט, איין יעגער)

יוסף, איך בין יוסף דעם טאַטענס מעפיניקעל,
בנימין אונד איך בנימין דעם טאַטענס מעזיניקעל,
יוסף, בן פורת יוסף וואס וואקסט בייא דיא קוואַלען,
בין איך אַללע מיידליך שטארק געפעללען,
דיא טעכטער זיינען געטרעטען אויף דיא הייזער,
צו זעהן מצרים'ס נייעם קייזער,
יוסף הצדיק אַזוי ווער איך גענאַנט,
אונד וואר קעניג פון עניפּטען לאַנד,
בנימין וויא איין וואָלף וועלכער דאס לעמעלע פערציקט,
איז שטענדיג געווען מיין לויב
מאָרגענס האב איך דיא שונאים ערשטיקט,
בייא דער נאַכט געטהיילט זייער רויב,
ווען יעקב אבינו וואר אויף דער רייזע,
צו נעהן נאַך דעם לאַנד כנען,
בין איך געבוירען געוואָרען איין ווייזע,
בעפאָר מען געהט קיין אפרת אריין,
מיר ווינשען אייך דעם טאַטענס ברכה מיט פיעל הצלחת,
זיינט אַללע אמן, אמן,

קאָהר, אמן.

בנימין ערהויבט אייערע שטיממען
פיר שבט שמעון (א ז. וו.)

# ∴ דאס ∴ ליעבעלע ∴

(פון דער עקידה),

פאן פראפ. הורוויטץ.

---

1.

טרויעריג בין איך קיינמאהל געוועהן
זאל דאס אפשר זיין דיא ליעבע,
ווען איך וויל זינגען קומט מיר אן א געוויין
און דאס זאגט מען ס׳איז פון ליעבע,
אט דא אין הערצען — פיהל איך עפּעס שמערצען
זאל דאס אפשר זיין דיא ליעבע,
איך קען ניט רוהען, איך קען נאר ניט טאהן
און דאס זאגען אלע עס איז ליעבע.
און דאך! שמעקט מיר דאס ליעבעלע
אין הערצענס גריבעלע,
און איינעם זיין — מיט דעם מאן
אין א קליין שטיבעלע,
דאס איז דיא וואהרע וועלט,
וואס טויג מיר כבוד געלד
דאס איז דומהייט, דומהייט, נור ליעב, ליעב, ליעב.

2.

איינע האט איהר הערץ אוועק געגעבען
זאגט א יעדער פאר ליעבע,
איינע וויל זיך נעהמען דאס לעבען
אלעס נור דורך ליעבע,
דער הענגט זיך און דער טרענקט זיך
זאל דאס אלעס זיין דורך ליעבע,
און דיא קלוגע ווערט נור משוגע,
און דאס אלעס נור דורך ליעבע. (ביס).

---

# דער קוטער.

1.

פון דעם קוטער האב איך זעהר פיעל
געליטען און געהאט,
נאשען פלעגט ער אין דער שטיל
קיינמאהל געווען זאט,

בינד איך צו דיא אויגען איהם
און טראג איהם ווייט אוועק
איך בין צופוס צוריק אהיים
געקומען מיעד א שרעק.
און דער קוטער איז דא
ער קומט צוריק אין'ם אויגענבליק
דער קוטער איז דא
וואס טהו איך מיט איהם נאַ?
אז דער קוטער איז דא
ער קומט צוריק אין'ם אויגענבליק
דער קוטער איז דא
ער איז דא, אין א גוטער שעה!

2.

איך רוף א יונגעל, ניט קיין נארר
און זאג איהם נעהם דעם קוטער
און טייך ווארף איהם איך בעצאהל דערפאר
איך וויל ווערן זיינער פטור,
דאס יונגעל בינדט איהם אן א שטיין,
און לויפט צום טייך געשווינד
ער ווארפט דעם קוטער און פאלט אליין
און דערטראַנקען ווערט דאס'קינד. (ביס)

3.

אין א שטיינ צווישען הינד א סך
ווארף איך אריין דעם קוטער
זייא צערייסען איהם וויא וועלף אויף פראך
איך ווער שוין זיינער פטור
יעצט נאכט שיי קיינער ניט ביי מיר
דאס עסען שטעהט פרייא אפען
וויא איך עפען אויף דיא שאפע טהיר
און האב דאס שמאלץ דארט ניט געטראפען. (ביס)

4.

דיא יודעלעך ווערען אויך געדריקט,
דורך הונגער מאנגעל נויטה,
דא געקוילעט דארט געשטיקט
דער שונא מאכט זיי טויט,
וויא נור א יוד זא טויט מאן איהם
און וואסער אזוש פערטריבען,

ניטא קיין יודעלעך אימעדום
קיין שפיר איז פון זייא געבליבען.
און דאס יודעל איז דא
וואס טהוט מען מיט איהם נא
אז דאס יודעלע איז דאך דא
ער קומט צוריק אין׳ם אויגענבליק
דאס יודעלע איז דא, ער איז דא אין א גוטער שעה!

---

# קעהר אברהמעלע קעהר.

## פון דיא פיעסע „דיא שלעכטע צייטען“, פון פראפ. הורוויטץ

.1

קעהר קעהר אברהמעלע קעהר,
עס דערקענט דיך שוין קיינער ווער דוא ביזט ווער
מוזט קעהרן דיא גאסען פון א פרעמדען הערר
אז גאט זיצט אין הימעל, געוואלד וואס שווייגט ער?
דערמאן דיך דיא צייטען פון דיין אייגען לאנד,
וויא דיא זאנע פון וויימען האסטו אמאל געשיינט
דיינע גאסען געפלאסטערט, וויא זילבער זא ריין
ווען דוא פלעגסט א מאל אין׳ם בית המקדש געהן
יעצט פארנעם, פארנעם ווער דוא ביזט געווען,
ביז גאט אחד, אחד וועט דיך אויפרעכטען אליין. (בים)

.2

אין דיינע אלטע צייטען ווער עס דיך געקענט
אקסען און לעמער האסטו א מאל פערשענקט,
יעצט בעטסטו אליין א שטיקעל ברויט ארוים
אברהמעלעס קינדער געהן פאר הונגער אוים,
אין פארגעס. פארגעס ווער דוא ביזט געווען
ביז גאט אחד, אחד וועט דיך אויפרעכטען אליין. (בים)

.3

דאך גם זו לטובה. זאג אברהמעל דערפאר,
דערמאן דיך וואס דוא האסט געליטען ביים צאר
געשניטען דיין פלייש. פערגאסען דיין בלוט,
דא ביסטו חאטשע פריי נעהם עס אן פאר גוט,
פארגעס, פארגעס ווער דוא ביזט געווען,
ביז גאט אחד וועט דיך אויפרעכטען אליין. (בים)

# ביזנעס.

## ־פאַסט פון דעם בעריהמטען אַרטיסט רודאָלף מאָקס.

צו זינגען מיט דער מעלאָדיע פון דייזע בעל.

1.

ביי היינטיגע צייטען מוז מען פערשטעהן
ביזנעס, ביזנעס,
מען מוז קענען שאַבערן, שווינדלען, דרעהן
פאר ביזנעס, יעס ביזנעס יוא נויא,
גליקט איינעם אָפּ, איז ער נור רייך
הייסט ער א שעהנער בעל הבית,
בעזונדער און פריינדע האט ער א סך
מען שעצט איהם הויך, ווייסט איהר פאר וואָס?
ביזנעס, ביזנעס הייסט עס אין יעדען פאַך,
איבערהויפּט אמעריקא האט ביזנעס לייט א סך
דער הייסט דא א ראַבינער, — און דער א דאָקטאָר א ווינעו
דער א סוחר, דער א מוכר
איט׳ס ביזנעס יעס ביזנעס, יוא נויא.

2.

וואָרום הייראַטה א מעדכען איין אלטען מאַן,
ביזנעס, ביזנעס,
וואָרום שווערט זיא איהם עוויג נור טריי צו זיין,
איט׳ס ביזנעס, יעס ביזנעס יוא נויא.
זיא נעהמט ביי איהם צו וויפיעל געלד ער האט
און געזעגענט זיך מיט דיא ווענד,
זיא ענטלויפט פון דעם אלטען מיט א סאָלדאַט,
און ער בלייבט מיט ליידיגע הענד. (ביס).

3.

וואס הייסט עלעקשען אין נויאָרק סטייט,
ביזנעס, ביזנעס,
מען זוכט אלע מיטעל ניט צו וואוטען סטרייט,
איט׳ס ביזנעס, יעס ביזנעס יוא נויא,
מעק־קין האט א לאַנגע צייט געטראַכט,
רעפּובּליקאַנס פערניכטען נור.
דיא וואָרלד האט זיין שווינדעל בעקאַנט געמאַכט
יעצט איז אין סינג סינג אויף 6 יאהר. (ביס).

# דיא ליעדער פון ווארט נוא.

## פערפאַסט פון א. גאָלדפאַדען.

דאס וואָרט נוא נוא איז פראָסט און קליין
אין לעבען שפּיעלט דאס איין גרויסע ראָלע,
וויא צו זעצען דעם טאָן דארף מען פערשטעהן,
זאָ קענען שוין דאס לעזען אלע.
דאס וואָרט נוא איז איבעראל בעקאנט
מען הערט עס זאגען אין א יעדעס לאנד
צום ביישפּיעל ווען איינער פרעגט נוא ?
איז דיא אנטוואָרט נוא נוא.

2.

קליינערהייט לערנען דיא עלטערן דאס קינד
דאס וואָרט נוא מעהר פון אלע זאכען
וויא פריילין ווערן זיי אז ס׳נעמט איבער געשווינד,
און דאס קינד קען שוין ביים געזעלע נוא נוא מאכען
און אז עס ווערט עלטער מיט יאהרען א סך
קומט עס אויס מיט דעם נוא א גאנצע שפּראַך,
ווען א יונגער מאן זאגט צו איהר נוא ?
איז דיא אנטוואָרט נוא נוא.

3.

אז א חתן שטעהט שלעבט מיט׳ן שווער׳ס נדן,
און דא קלאַפּען שוין דיא פויקען און טאַצען
מיט א רחמנות פנים רוימט איהם דער חתן איין,
נוא שווער לעבען מכוח אכצען און דרייצעהן,
איך זאָל דיך אזוי פיהרען אונטער דער חופּה אין א גוטער שעה
וויא עס ווערט ניט פעהלען קיין קרייצער, דאס געלד איז דא.
נאך דער חופּה פרעגט דער חתן נוא ?
דער שווער נוא נוא.

4.

א מיידעל האט זיך אין א שאָלטיס פערליעבט
ער קניעט און שווערט זיך פאר איהר,
דוא דארפסט מיין לעבען ניט זיין בעטריעבט,
איך וועל זיכער חתונה האבען מיט דיר,
און וויא עס נעהט אוועק א קורץ שטיקעל צייט
יוערט זיא געבעך דיק און ברייט
דיא לויפט איהם נאך און בעט איהם נוא ?
ער — נוא נוא.

5.

צום רבין פאָהרען פרויען כסדר,
אם מייסטען דיא וואס ווילען האָבען קינדער
פון א פדיון פיהרען, דאָס ווייסט א יעדער,
און ער נעהמט צו, פון יעדען בעזונדער,
איינע פאָהרט שוין אָבער צו איהם איבער 10 יאָהר
און ער נעהמט און זאגט ניט איין וואָרט וואָהר
אם ענדע פרעגט זיא דעם רבין נו?
דער רבי — נוא נוא.

6.

דאָס פובליקום רופט מיך ארויס
און פערלאנגען איך זאָל זינגען מעהר,
איך דאנק אייך פריהער פאר דעם אפלויז
נור זינגען נאָך איז מיר שווער,
איהר זעהט איך גיב מיר דיא גרעסטע מיהע
אָבער איך קען דאָך ניט זינגען ביז אין דער פריה,
און אז איהר שרייט בראַוואָ נוא,
מוז איך אייך ענטפערן נוא נוא.

---

# ליעד פון משיח

פערפאסט און געזונגען פון ארטיסט פיליפ פריעדמאן

לאמיר זיך מאכען אללע איין האנד
איבעראל אין א יעדען לאנד
און אין אללע מדינות
אז מען זאל ריידען
מיט א יעדען
מיט דעם ניגון פון דיא קינות
דהיינו! אז איינער וועט וועללען פרעגען וויא ביסטו ניוועט
וואס האט מען דיך אזא לאנגע צייט ניט געזעהן
אזוי זאל יאקיל צו בערלין ברימען
און דער ענטפער זאל זיין מיט אזא קול
איך האב שוין פערשפארט דאס קעלביל אין שטאל
ועט משיח מוזען קומען

דארט נעהם זיך א הארבאטע
פערוויקעלט מיט א שמאטע
און טראגט א קיישעל באבקים אייז קאלט
ער צולאזט זיך שטארק
איבער דעם מארק
און ער שרייט נאר נאגיוואלט
אט אט דעם דארף מען צווינגען
ער זאל אויך אזוי זינגען
מיט דעם ניגון מיט דעם פרימען
ער זאל שרייען האפט האפט יודען מיט דיא לאפקעליך
קויפט קויפט הייסע באבקעליך
ועט משיח מוזען קומען

און א מלמד א הויט שינדער
ער זאל אויך מיט זיינע קינדער
אזוי לערנען מיט דעם ניגון
און אין חדר
זאל ער זיך בסדר
מיט דער רביצין אזוי קריענען
ער זאל איהר זאגען דיא שיכורטע דיא צרה
ווערען זאלסטו דיא כפרה
וויא איז דער בראנפען אהין נעקומען
און זיא זאל איהם ענטפערן מיט א געוויין
א שיכור ביסטי אליין עס זאלל דיר ארויס דיא ציין
ועט משיח מוזען קומען.

# דער שפּיעגעל פון בויערי טרעמפּף

## פון אַרטיסט מאַרקס.

נעזונגען פון ארטיסט פּילים פּריעדמאַן.

איך בין א גרויסער דאַמען פריינד
איך שמייכעל זיי, אָב נוט אָב שלעכט
אויף אַללעס זאָגע איך נעווער מיינד
איך שמינק און פּודער איז מיר רעכט
זאָלל דיא נאָזע זיין נאַכמאַלס זאָ ברייט
דיא אָהרען גרויס וויא איין פּאַאר פליענעל
ווילקאָמען זיינען זיי מיר צו יעדער צייט
אַלעס זיהט שעהן אוים אים שפּיעגעל
אבער וויא אויף פליענעל וויא אויף פליענעל
פליהט צו מיר א יעדעס וויב
נור דער שפּיעגעל נור דער שפּיעגעל
איז דער דאַמעס ציים פערטרייב.

כ. ם.

ווען איינע דאַמע געהט צום באַלל
מאכט זיא דיא טואַלעטטע שעהן
פּאסירט אבער איינער איין אונגליקס פאלל
זיא פערגעסט צו הויזע איהרע ציין
זיא לויפט צום שפּיעגעל הינטען הערארם
און זוכט ביי איהם זיך צו שטערקען
דער שפּיעגעל זאגט איהר מאך זיך שטום
ווירד מאן דאס גאר ניט מערקען
אָבער וויא אויף פליענעל..... א. ז. וו.

איין מעדכען העסליך וויא דער טאָדט
אבער געלד האט זיא זעהר פיעל
ס'איז נעביך אויף איהר איינע גרויסע נאָטה
קיין יונגערמאַן זיא נעהמען וויל
דער שפּיעגעל זאגט איהר דאָ העלפט קיין זאף
צוצאָהלען מוזטו זעהר פיעל געלט
זיא לויפט צום שפּיעגעל און גיבט נאך א סך
איז זיא געוואָרען שעהן וויא דיא וועלט
אָבער וויא אויף פליענעל.... א. ז. וו.

# אלע ליעדער פון בת כהן

(פאן פראָפ. הארוויץ הלוי).

## דער פאסטוך.

אך מיין שעפעלע, וועסט מיך ניע פערלאסען, זאג ניין.
אך מיין לעמעלע, מיין הערץ געהערט נור דיר אליין.
אך מיין שעפעלע, אָהן דיר בין איך עלענד וויא א שטיין,
אך מיין לעמעלע, איך בעט דיך לאז מיך ניט אליין.

---

בייא נאכט אויף מיין געלעגער
פרעג איך מיין ביטער הערץ,
ווען וועט שוין שלאגען דער זייגער
דיא לעצטע מינוט פון מיין שמערץ.
אויף דעם פעלד אליין צווישען דיא שאָף
ליעג איך דורך דיא נעכט און טראכט,
אוועקגעפלויגען איז פון מיר דער שלאָף
נור דיין פנים אין דער לבנה מיר לייכט.
אך מיין שעפעלע....... א. ז. ח.

## קראך טראך.

חלקיהו. נור נאט'ס שליח — געוועזען בין איך,
פעריאגט דעם פיינד, — פון'ם לאנד — מיט שאנד
קאהר. שרייט הידד הידד, ביזט צוגעשיקט פון גאט.
חלקיהו. יא, אין גאטעס נאמען, — מיט דיא ברידער צוזאמען
פערטיליגט דעם פיינד מיט דיא זאממען.

**קאהר.** זייא נעגריסט דוא גרויסער העלד.

**חלקיהו.** יא, קראַך טראַך האט מען נור געהערט פון דיא שלעק א שרעק,
קעפ פיס געפלויגען, וויא פייל פון בויגען.
קראַך טראַך האט מען נור געהערט פון מיין האַנד און שווערד,
מיט דיא הענד — אייזען וועגד — חרוב געמאַכט אין שלאַכט.
קראַך טראַך האט מען נור געהערט פון דיא שלעק, א שרעק,
קעפ פיס געפלויגען, וויא פייל פון בויגען.
קראַך טראַך האט מען נור געהערט, פון מיין האנד און שווערד,
איך זאג עס גאנץ פרייא, גאט וואר דערביי, איהם דאנק זייא.
דער העלד וועלכער האט מיך אויסגעלאַכט, בים
וויא קליין ער האט מיך בעטראַכט, „
געזעהען האט ער דעם העברעער'ס מאכט, „
ווען איך האב פון איהם א תל געמאַכט. „
קראַך טראַך האט מען נור געהערט פון דיא שלעק, א שרעק,
קעפ פיס געפלויגען, וויא פייל פון בויגען.
קראַך טראַך האט מען נור געהערט, פון מיין האנד און שווערד
איך זאג עס גאנץ פרייא, גאט וואר דערביי, איהם דאנק זייא.

**קאהר.** בראַוואָ, בראַוואָ, מיר זיינען שטאלץ מיט דיר העלד.

**חלקיהו.** ווען מען העלפט נאך אין דער שלאַכט, קאהר. א יוד.
ווער האט דעם פיינד אויסגעלאַכט, „ א יוד.
דארום האט אכט — פאר דיא יודען מאכט,
דיא אהנע שלאַכט — דעם פיינד שוואַכט.

**קאהר.** יא, יא, דעם פיינד געשוואַכט.

**חלקיהו.** דער ערשטער העלד ווער וואר ער, ווער? קאהר. א יוד.
המכבי דער העברעער. „ א יוד.
אין איינער נאכט — א תל געמאכט — אויסגעלאכט. ח ה ח!

**קאהר.** ח ח ח!

**חלקיהו.** קראַך טראַך האט מען נור געהערט פון דיא שלעק, א שרעק,
קעפ פיס געפלויגען, וויא פייל פון בויגען.
קראַך טראַך האט מען נור געהערט, פון מיין האנד און שווערד,
איך זאג עס גאנץ פרייא, גאט וואר דערביי, איהם דאנק זייא.

**קאהר.** זיי וויא דיא טייפעל פעריאַגט. בים

**חלקיהו.** וויא דיא טייפעל פעריאגט. „

קאהר. א יוד, א יוד, א יוד, א יוד.
חלקיהו. יוד, א...... קראך טראך!

# די לידער פון יהודא הגלילי

(פערפאסט פאן פראפ. הורוויטץ הלוי.)

## דער קום.

1.

וויא שעהן פאסט דאס פאר יונגע לייט,
ווען מען מאכט צפ. צפ. צפ....
ווען מען הערט זיי שטילערהייט אויף א זייט,
וויא זיי מאכען מצ. מצ....
און ווען זיי געהען שוין הייראטען,
די מאטע מאמע זאגען אך.
וואס קען עס קינדער שאטען,
און ביז אין יאהר קימט עפעס נאך.
דאן קושען זייא דאס ביידע, צפ צפ....
די באבע מיט'ן זיידען צפ צפ....
דאס פיצעלע וועט מאכען קווא, קווא, קווא,
און די מאטע מאמע לאכען חא חא חא.
דאן קושען זיי דאסביידע צפ צפ...
די באבע מיט'ן זיידען, צפ צפ....
די עלטערן חא חא חא,
דאס פיצעלע קווא קווא, — קווא קווא....

2.

א ווייבעלע צו ליעבען איז זעהר גוט,
ווער שמועכט נאך צפ צפ....
וואס מהוט מען אבער אז זיא וויל נימ
און מאכט נאר הם הם....
איך ברייננ אויף איהר אויס מיין געלר,
זיא נעמט בייא מיר וויא א בלינד פערד,

ביז איך בין שוין אויסגעשטעלט,
אוי ליעג איך ביי איהר אין דער ערד.
(זיא שרייט) האסטו שוין קיין געלד ביי דיר הם הם הם....
זא קריגסטו מעהר ניט פון מיר צפ צפ....
איך האב איין אנדערען מיוחס, הע הע הע,
און דוא געה צו אלדע רוחות פע פע....
האסטו שוין קיין געלד ביי דיר צ צ צ....
זא קריגסטו מעהר ניט פון מיר צפ צפ....
האסטו געלד צפ צפ....
האסטו ניט, טפו טפו, — טפו טפו....

3.

דיא גליקען קען איך אויך גוט אליין
פון דעם צפ צפ....
נאך דער חתונה זאלסטו אבער זעהען,
וויא עס ווערט גאר טפו טפו...
אוי שניידט זיא זיך א קריעה,
ווען קינדערליך האט זיא שוין פיער,
און ער ליעבט נאר איין אנדער בריאה,
און ער שפייט שוין קלעק אויף איהר.
פאר דער חתונה מאכט מען צפ צפ....
נאך דער חתונה ווערט עס טפו....
מיט דער געליעבטער זיצט ער צפ צפ....
און אויף זיין ווייב און קינדער טפו טפו....
פאר דער חתונה מאכט מען צפ צפ....
נאך דער חתונה ווערט עס טפו טפו....
מיט דער געליעבטער צפ צפ....
אויף ווייב און קינדער טפו טפו, — טפו טפו....

4.

יען דוא ווערסט מיינע פרינצעסין זיין,
וועט מען שרייען הורראָ, הורראָ....
קוים ביסטו אבער איין ארים מאן,
וועט זיין דיר וועה וועה....

אז מיר וועלען חתונה האבען
און קינדערלאך וועט זיין א סך.
אוי וועל איך דיך בעגראבען,
אז דוא וועסט ניט זיין רייך.
דיא קינדער וועלען שרייען מא מא מא,
מיר ווילען אלע קייען פא פא פא,
וועל איך זיי געבען עסען האם האם האם,
ווען ניט זאלען זיי פרעסען סם סם סם
דיא קינדער וועלען שרייען מא מא מא,
מיר ווילען אלע קייען פא פא פא.
וועלען עסען האם האם,
זאלען פרעסען סם סם, — סם סם....

# וויל איך אויך.

1.

פאר דעם פאטערלאנד זיך געהן קריגען,
וויל איך אויך, — איך אויך,
און דעם טיראן דעם שונא בעזיעגען,
וויל איך אויך, — איך אויך.
אבער אין קריעג דאס לעבען פערליערען,
אלס קאליקע מיך אהיים צו פיהרען,
צוהרגעט צושלאגען דאס פנים צו בלוט,
דאס וויל איך ניט, — איך ניט.

2.

ווען איינער עסט און טרינקט גאנץ גוט,
וויל איך אויך, — א ך אויך,
דערצו נאך א שעהן ווייבל דערנערין מוטה,
וויל איך אויך, — איך אויך.
און אז איינער האט ניט וואס צו עסען
און זיין ווייב האט אן איהם פערגעסען,
זיא שלאגט איהם יאגט איהם ער שטארבט נאך איהרע טריט.
אזא שוטה בין איך ניט, — איך ניט.

3.

ווען איינער איז געזונד און שטארק,
דאס וויל איך אויך, — איך אויך,
צו האבען א פיפיק מיט א רויטען קארק,
וויל איך אויך, — איך אויך.
אבער ווען איינער ליעגט קראנק אין בעט,
אויסגעדארט וויא איין סקעלעט,
און דער מלאך המות מאכט איהם א וויזיט,
דאס וויל איך ניט, — איך ניט.

4.

דער רייכסטער מאן צו זיין אויף דער וועלט,
וויל איך אויך, — איך אויך,
מען גנבעט, בעשווינדעלט אבי מאכען געלד,
מוז איך אויך, — איך אויך.
אבער צו זיין א גנב א נאר,
און גנבענען אן עפעל. א באר,
און מען חאפט איהם, מען שמייסט איהם מיט אן אייזערנעם ריט,
דאס וויל איך ניט, — איך ניט.

# איידירידי בומדירידי בומדיריסא סא!

1.

א פרויא וואס וואנט צו שלאגען איהר מאן,
דיא איז א איידירידי......
זיא מוז מיט איהר מאן לעבען עהרליך און פיין,
ווען ניט איז זיא א איידירידי......
דער מאן איז אוועק פון אזא צרה,
ווייל זיא ליעבט גאר פרעמדע איז א סברה,
זיא פערליערט איהר ווערטה — און ליעגט אין דער ערד,
אי דער שלאגט מיט איהר א כפרה.
פאר וואס? — פאר דאס!
ווייל זיא האט געליעבט עטוואס.
ניט וואהר, — יא וואהר (בים)
שטיל דוא ביזט א נארר.

פראזע.) מיילא זא לאנג איהר זענט נאך יונג זענט איהר נאך צום
דער ליידען, אבער אז איהר ווערט עלטער לויפען אייך נאך
דיא יונגליך אין דיא גאסען און טייטען אייך נאך מיט דיא
פינגער און שרייען:

זעהט נור זעהט, — ווער דארטען געהט,
א אירירידי......
ווייל זיא איז פערשארט געוועזען א ווא,
איז זיא געבליעבען א איידירידי......

2.

או ווען א פרויא איז שוין געטרייא איהר מאן,
איז אלס איידירידי......
אין דער היים זיצט זיא און ער מוז ערגעץ זיין
ביי א איידירידי......
שיכור פאלט ער אין דיא גאסען,
וויא קען אזא מאן פאר איהר פאסען,
זיא לויפט ארום און זוכט אומעדום,
איעדער לאכט און טהוט זיא נאך האסען.
פאר וואס? — פאר דאס!
ווייל איהר מאן ליעבט א דאס.
נים וואהר, — יא וואהר (בים)
שטיל דוא ביכט א נארר.

(פראזע.) איהר זאלט אייך אנקוקען ווען איהר געהט אהם שיכור
און דיא יונגליך ליפען אייך נאך און שרייען:
זעהט נור זעהט ווער דארטען געהט,
א איידירידי......
זיא שטארבט פאר הונגער און מוז נאך שווייגען שא,
ווען נים איז איידירידי......

3.

זיא) ווען מיין מאן וועט נור א שלעכטער זיין,
וועל איך איהם איידירידי......
ער) ווען מיין פרויא וועט קוקען אויף א פרעמדען מאן,
וועל איך זיא איידירידי......

דיא) דאס בעסטע מוז דאס ווייב עסען.
ער) אין אן דעם מאן האסטו גאר פערגעסען.
איך קען אזא מויד, — איז זיא ביז'ן טויט,
איין אלטע באלעריע פארזעסען.
פאר וואס? — פאר דאס!
וייל זיא האט געוואלט זיין בעל הבית.
ניט וואהר, — יא וואהר, (ביס)
שטיל דוא ביסט א נאר.
(פראָזע.) עס איז נאך ווייניג וואס זייא קריעגען זיך אין דער היים, רייסען זייא זיך נאך אויף דער גאס, קומט צו א שמש און פיהרט זייא, דוא ווייסט שוין וואוהין, און דיא יונגליך לויפען זיי נאך און שרייען:
זעהט נור זעהט וואס דארט פארגעהט,
וויא מען וועט איידירידי......
מען לאכט זייא, יאגט זייא, מען שרייט הורראַ,
אזא ווייב מעג א רוח אין איהר איידירידי בומדירידי בומדירי סא פּאַ......

---

# דאס ווינטעלע.

(פון דער אפערא „קרח'ס אוצרות“ פון יאזעף לאטיינער.)

1.

דאס זינגט דער יצר טוב.

דער מענש ער לויפט, ער יאָגט, ער שטרעבט,
ער האט קיין מאל קיין צייט זא לאנג ער לעבט,
ניע ווערט ער מיער צו זאמלען פיעל געלד,
ער איז ניט צופריעדען וויפיעל ער האט,
קורח'ס אוצרות מאכט איהם ניט זאט,
צו ווייניג איז איהם דיא גאנצע וועלט.
פלוצלונג קומט א ווינטעלע
אונד ניעבט א בלאָז, — אדיע!
צוריק אהין פון וואנען דוא קומסט,
געה מענשעלע, געה!

פלוצלינג קוממ א ווינטעלע
אונד גיעבט א בלאָז, — אדיע!
צוריק אהין פון וואנען דוא קוםסט
— נעה מענשעלע, נעה!

2.

שטאלץ איז דער עושר מיט זיין קאפיטאל,
ער בויט פעסט אויף דאס גאלדענע מעטאל,
דאס גאלדענע קאלב, דאס איז זיין גאָט,
אנשטאט אין הערץ, איז בייא איהם איין שטיין,
אונד זוינגט דאס בלוט פון גרויס אונד קליין,
געשיצט גליבט ער זיך פון ארמוטה אונד נויטה.
פלוצלינג בלאָזט א ווינטעלע,
דאס רעדעלע טהוט זיך א דרעה,
א נדבה בעטען פון טיהר צו טיהר,
נעה מענשעלע, נעה!
פלוצלינג בלאזט א ווינטעלע,
דאס רעדעלע טהוט זיך א דרעה,
א נדבה בעטען פון טיהר צו טיהר,
נעה מענשעלע, נעה!

---

# ראמאנסע.

(פון דער אפערא „אלכסנדר" פון יאזעף לאטיינער.)

דאס זינגט דער פרינץ.

וויא געפלויגען קום איך ווידער,
דיך מיין ליעבכען היער צו זעהען;
זער זיך צו, צו מיינע ליעדער,
געווידמעט נור דיר אליין! צווייא מאל.
נור דוא אליין ליעגסט אין מיין הערצען,
נור דוא ביזט מיין לוסט;
אך פון זעהנזוכט אונד ליעבעס־שמערצען,
איזט פאָלל מיין ברוסט.
צו מיין זינגען, צו מיין זינגען הער זיך צו.

אָה קאָמם! אָה קאָמם! איך װארט אויף דיר!
דיא טענער קלינגען, דיא מעלאָדיע,
אָה קאָמם! איך װארט אויף דיר!
אך נור דוא אליין ליעגסט אין מיין הערצען,
נור דוא ביזט מיין לוסט;
אך פון זעהנזוכט אונד ליעבעס־שמערצען,
איזט פאָלל מיין ברוסט!
װיא געפלויגען קום איך װיעדער,
דיך מיין ליעבכען היער צו זעהען; א. ז. װ.

---

# טייפעלס ליעד.

(פון דער אפערא „בת שבע" פון יאזעף לאטיינער.)

1.

גערענקשע נום מיין תורה,
קיממערן זאל דיך גאר נישט,
זינדיג, האב נישט מורא,
טהו אלעס װאס מען טאָר נישט,
נור נישט זייא קיין באָבע,
זיך שרעקען פאר א זינד,
א כפרה דיא עולם הבא,
אבי זייא דוא געזונד.
חא, חא חא, חלעבין דאס איז רעכט!
הא, חא, חא, דער פלאן איז גאר נ׳ט שלעכט!
חא, חא, חא, נור געלעבט און נור געלאכט!

2.

האט מען דיר פערבאָטען,
װאס דיין הערץ בענעהרט,
חלעבין עס װעט ניט שאמען,
װען דוא טהוסט פערקעהרט!
װאס טויג דיר א גן עדן,
מיט א יענער װעלט?

דאס גן עדן שענק דעם זיידען
און דוא נעהם דיר אָט דיא וועלט.
חא, חא, חא,.... א. ז. וו.

3.

שווינדלען און בעטריגען,
דארויף בעשטעהט דיא וועלט,
פאלשקייט, נאר אין ליגען,
און געלד, און געלד, און געלד!
דער וואס איז איין עושר,
נור דער האט א ווערטה,
דער אמת און דער יושר,
דיא ליעגען טיעף אין דער ערד!
חא, חא, חא,.... א. ז. וו.

## באמץ טארא־ראם!

1.

נאר צו לוסטיג לעבט זיך איינער,
ווארפט מיט געלד־הין אונד תער,
דאך דעם סוד ווייס ניט קיינער,
אז ביים פאלען האלט שוין ער,
ביז דער שעריף קומט צוגעהן,
און רוימט איהם איין א סוד גאנץ שעהן,
ליעבער מיסטער גיעב ארויס,
וואס דוא האסט ביי דיר אין הויז!
א דאללאר, א ביורא, באמץ — טא — רא!
א שעהנער שרדה, באמץ — טא — רא!
א גרויסע צרה, באמץ — טא — רא!
מיין כפרה, באמץ — טא — רא!
טא — רא — רא, באמץ — טא — רא!
טא — רא — רא, באמץ — טא — רא!

2.

א שעהן מיידיל פון טהעאטער,
נעהט אליין זיך צו הויז,

א יונגער דודעל דערזעהט איהר,
לויפט איהר נאך וויא דיא קאטץ דיא מויז;
אה, גוד-איווניננ, מייא דאלע!
נאר אליין? און נאך צו פוס?
ווילסט דוא זיין מיינע א כלה,
גיב־זשע מיר נאר איין קוס!
נא דיר איינס, באמץ — טא — רא!
נא דיר צווייא, באמץ — טא — רא!
טא — רא — רא, באמץ — טא — רא! א. ז. וו.

3.

איינער איז נאר עולה לגדולה,
וויל זיין כלה איז זעהר שעהן,
שרה הייסט זיא אט דיא בתולה,
מיט שוואַרצע לאָקען און ווייסע ציין,
נאך דער חופה אז ער דערזעהט,
דיא מציאה וואס ער האט געחאפט,
אז זיא איז פון א שטיקעל ברויט,
צוהאמען געשטעלט, צוזאמען געקלאפט,
אוי דיא שרה, באמץ — טא — רא!
דיא מיאוסע צרה, באמץ — טא — רא!
מיין כפרה, באמץ — טא — רא!
טא — רא — רא, באמץ — טא — רא! א. ז. וו.

4.

עס לויפען צוויי פאר פרעזידענטען,
יעדער וויל זיין אויפ'ן פערד,
דאך דער וואס גיעבט קיינע פרעזענטען,
איז מיט'ן קאפ טיעף אין דער ערד!
עלעקטעט ווערט נאר דער געשייטער,
וואס האט געצאהלט במזומנים,
דער אנדערער בלייבט דער נעפייטער,
און קריגט א לאנגע נאז אין מיטען פנים,
איי פון הינטען, באמץ — טא — רא!
און פון הינטען, באמץ — טא — רא!
טא — רא — רא, באמץ — טא — רא! א. ז. וו.

# פּור אָלד מען.

(פון דאס לעבענשטיק „דאס קינד אין וואלד“ פון מ. זייפּפּערט).

1.

עס וויל זיך א מאן עטוואס אפּשפּאָרען,
ער זאל האבען אויף דיא עלטערע יאהרען,
און סייפט אין דער באנק וויא וויט ער קען—
אוי, פּור אָלד מען!
מיט איינמאל דיא באנק זיא געהט קאפּוט,
פערלארען זיין געלד, זיין שוויים און בלוט,
אומזאנסט געהונגערט און דורסטיג געוועזן—
אוי פּור אָלד מען! אוי פּור אָלד מען!

2.

מיינער א פריינד, וואס האט שוין ווייסע האָר,
פערליעבט זיך אין א מיידעלע פון זיבעצעהן יאהר,
זיא קאָסט איהם אפּ וויעפיעל אנדערע צעהן —
אוי פּור אָלד מען!
און אז ער האט שוין נישט וואס צו געבען איהר,
שרייט זיא איהם וויזענדיג אויף דער טהיר:
„געה, אלטער, וואו דוא ביזט פריהער געוועזן!“
אוי פּור אָלד מען! אוי פּור אָלד מען!

3.

איינער א מאן אין דיא עלטערע יאהרען,
זיין ווייב האט איהם אלע יאהר געבארען
שטיק פאר שטיק גאנצע צעהן —
אוי פּור אָלד מען!
פּלוצלינג גאר ניט נעגארט און געווארט,
א נייעם צווילינג האט ער דערהארט,
מיידעלאך צוויי, — א פרייד אנצוזעהען —
אוי פּור אָלד מען! אוי פּור אָלד מען!

---

# דאס קוויטעל.

1.

קיין טאנץ נעהט ניט פאר קיין עסען,
דאס איז א ווערטיל נאר א פיינס,
און איך האב עכ נאך ניט פערגעסען
און האב אין זינען נעהאט מיינס,
הונגעריג, איך לאז דיא נשמה,
צו עסען האב איך גאר קיין מיטעל,
איך וואלט געלעגען אין דער אדמה,
ווען ניט אָט דאס קוויטעל. (ביס)

2.

גוטער ברודער ענטפער מיר געשווינד,
וואס איז מיט דיר אזוינס געשעהן?
דוא האסט א ווייבעלע א שלאק א ווינד,
איך קען דאס גאר ניט פערשטעהן!
ניט אומזיסט וואהן איך מיט דער צרת,
דאס שווער איך ביי טלית און קיטעל,
זיא וואלט שוין לאנג געווען דיא כפרה,
ווען ניט אָט דאס קוויטעל. (ביס)

3.

א סוחר טהוט א סחורה פערקויפען,
וויל ער האט זיך אין קאנקורס געשטעלט,
דיא בעלי חובות קומען זיך צו ליפען,
און פערלאנגען ביי איהם דאס געלד.
געווען אין דער שטאדט דער גביר דער שעהנסטער,
אנזעטצער האט ער בעקומען דעם טיטעל,
ער וואלט געזעסען אין דיא הויכע פענסטער,
ווען ניט אם דאס קוויטעל. (ביס)

# שלאף מיין קינד.

## פון גאלדפאדען.



1.

שלאף אין פריידען
דוא ווייסט קיין ליידען
שלאף־זשע שלאף מיין קינד
שלאף מיין פייגעלע
מאך צו דאס אייגעלע
שלאף־זשע שלאף געזינד.

2.

דער שלאף דער גיטער
וויא א היטער
שטעהט ביי דיר ביז פריה.
מיט זיין פליגעלע
אויף דיין וויגעלע
דעקט ער שטיל דיך צי׳א.

3.

ווערסט נאך אויך געפעללען
צווישען אלע מאמזעלען
ווערסט זיך דרעהען אהער און אהין

פון דיין ווינדעלע
מיין קליין קינדעלע
וועט ווערין א באסעיל א קרינילן.

4

ווענסט ארויס פון דער וויג
האט מען ארבייט גענוג
פאר דיר אנגעגרייט אצונד,
צוא לייענען ביכעלאך
צוא שטיקען טיכעלאך
דער ווייל שלאף זיך אוים מיין קינד.

5

א סך מענשען פיינע
צוא דיא עלטערען דיינע
וועלען קומען אין שטוב אריין,
„דאס איז א דימענטעלע
א גוטעטשקע, א בריליאנטעלע!"
אזויא ווער זייער שמועס זיין.

6

צווישען דיא יונגע לייט
ווענסטו זעהען אן א זייט
איינעם רייך, געבילדעט און שיין.
ווען א רויט פלעקעלע
ווערין אויף דיין בעקעלע....
ווער ווער פארשמיין דיין מיין?

7

אז דיינע עלטערן וועלען
זאגען, עס איז געפעלען
אט דער איז דיר באשערט [illegible]
דענסטמאל ווענסטו טעכטעריל
טהון א געלעבטעריל
עס וועט הייסען אזוי פיעל וויא יא.

8

אז מיווער דיא מחותנים
לייגען מזומנים
צום קנס-מאהל אויף דעם טיש

רענסטמאהל וועסטו כלה'לע
אין דיין מיילעלע
חאפין דעם ערשטען קוש.

9

אויף דעם גרויסען באלל
מיט דעם טאנצען אין זאל
אז מיוועט אָן מאכען א ווינד,
דענסמאל וועסטו חאסעלע
ווערין א דאמעלע....
שלאָף זשע שלאָף נעזונר.

10

אז דוא וועסט האבען א קלייניגעם
א פייניגעם א שייניגעם
זאָלסטו אויסקושין וויא איך דיר אצונר
איטלעכעם גלידעלע
און זינגען דאס לידעלע
„שלאָף זשע שלאָף מיין קינר"

# דעם רבינס חכמות.

נעזונגען פון אקטיאָר פרידמאן.

1

וואס פארשטייען דיא פילאזאָפען
מיט זייערע נארישע הסברות
זייא שרייען אז זייער מוח איז זייא אָפען
און טוינגען אויף כפרות
זיצט א מאהל ביים רבינס טיש
ווען ער זיצט ביחידות
וויא עס קוועלט אין איהם דיא חכמות פריש
און ער עסט דערבייא שלוש סעודות.

2

איינער מאכט א לופט באלאָן
און פליהט אין דער הויך טאקע
אבער וואס דער רבי קאן
קאנען זייא א מכת

ויא קאנען זייא וויסען וואס דער רבי טהוט
ווען ער זיצט ביחידות
אין איין מינוט אין הימעל אריין פליהט
און עסט דערבייא שלוש סעודות.

3

א דאמפף־שיף מאכט א פילאָזאָף
און נעהמט זיך דער מיט איבער
דער רבי שפרייט דעם קאפּטען אויף
נעהען מיר א־דען אריבער
האט ער חשק דער גוטע קאַפּף
אנדערש אום צו פיהרען
חאפּט ער זיין שטעקין און ניט א סלאַפּ
נייען מיר אריבער שפּאצירען.

4

א טעלעגראַף האבען זייא אויסגעטראכט
מען זאל פון דערווייטען הערען
דאס האבען זייא אונז נאך געמאכט
דאס קאן איך אייך היילג שווערען
דעם אמת ווילען זייא אייך ניט זאגען
ווייל עס פּאסט זייא ניט צום רומיל
ווען מיר דאָ אונטען הושענות שלאגען
דערהערט דאס גאָטט אין הימיל.

5

זייא שניידען זיך אפּ צו האלבע פּאָלעס
א יעדער צו דרייא איילען
און זייא לערנען אין דיא שקאָלעס
רעכענען און ציילען
דער רבי קאן דאס פון זיך אליין
גאר אָן זייער חקירה
דער חשבון איז תמיד בייא איהם ריין
ווען ער ציילט דיא ספירה.



# הנה לא ינום ולא ישן שומר ישראל.

.1

(פאן דער אָפּערעטא „אָסתּר'קע“).

ער שלאָפט נים, דרימטעלט נים דער יודישער גאָטט,
אונז בעוואכט אימטער זיין בליק,
מיט איין האנד שטראפט ער, מאכט אונז צו שפאָט,
מיט דער צווייטער שענקט ער אונז גליק
ער בעוואכט אונז וויא א פאטער זיין קינד
און העלפט אונז אין יערען געפאהר.
אין יעדער נאָטה ערשיינט ער געשווינד
און רעטעט אונז פון שמערץ אונד צער.
הנה לא ינום ולא ישן שומר ישראל.

.2

אתזערע יאהרען אונד אונזערע טעג
זיינען אין צרות אוועק.
מען האט אונז פערפאָלגט נאר אהן א ברעג
געוואלט פון אונז מאכען אנ'עק.
מען האט אונזער לייב אין פייער געברענט
געקוועלט מיט שאנד אונד מיט שפאָט
נור אונז צו טייטען האט קיינער געקענט,
ווייל מיט אונז איז אונזער גאָטט.
הנה לא ינום ולא ישן שומר ישראל.

.3

אויף הייטע הערט מאן אָפט א געשריי!
מאכט פון דיא יודען א תל.
קיין מיטלייד זאלט איהר האבען מיט זיי,
מאכט דאָך א סוף פון זיי שנעל.
אנטיסעמיטען אויף יעדער טריט
זוכען נור אונזער טאדט,
נור זייערע געוואלטען ווירקען נאר נים
ווייל אונז בעוואכט אונזער גאָטט.
הנה לא ינום ולא ישן שומר

דיא ליעדער פאָן

# דיא פערבלאָנדזעטע נשמה

פערפאַסט פאָן יאָזעף לאַטיינער.

## איין חכם פאָן דער מה נשתנה.

(דאס זינגט שבתי גולם.)

1.

שבתי ביזט חלעבען ניט קיין גולם
גדול מענסטו זיין בייא דיר
אין מיינע הענד ליעגט דער גאַנצער עולם
אָנקומען מוז מען נור צו מיר
יעדער שיקט מיך איין אנדער גאַנג
אונד איך פאָלג איהם אָהן א שום טענה
ווייל איך בין קיין ע״ה אזוי לאַנג
א חכם פאָן דער מה נשתנה
חכם, חכם, א חכם פאָן דער מה נשתנה.

2.

א ווייבעלע פיעסטעט זיך בייא איהר מאַן
ווייל ער האט זיא אזוי ליעב
ער גיט זיך איהר איבער אין דיא הענד אריין
דער ספּאַדיק ווערט זיא שאָן אין שטוב
אונד באַלד האָפּט ער שאָן פּעטש פאָן איהר
פאָן זיין טהייער ווייבעניא בראַנע
ווייל ער איז געראָטען אין מיר
א חכם פאָן דער מה נשתנה
חכם......

3.

איינער האט חתונה אויף כתעות
געזוכט האט ער צו ווערען רייך
מיין ווייב זאָגט ער מעג זיין אָן א נאָז
אבי זיא האט געלד א סאַך
א ווייב געפונען האט שאָהן דער מזיק

אין אבגעשלאָגענע הושענות
אונד קיין געלד האט זיא אויך ניט אוי ר' איידס
א חכם פאן דער מה נשתנה
חכם......

4.

דיין דיענסט מיידעל האט איינער ליעב
צו וויססען טהון וויל ער דאס איהר
ער זאָגט עס איהר ווען ס'איז פינסטער אין שטיב
א כפרה מיין ווייב פאר דיר
פלוצים קריעגט ער א קנאק אין דיא צעהן
אוי ביטערע צרות זיינע
זיין, אייגענע פלונת'טע איז דאס געוועהן
אוי א חכם פאן דער מה נשתנה
חכם......

## נס פון פורים.

1.

דיך גאָטט לויבען מיר היינט מיט הייליגע ליערלאך
לכבוד פורים טאנצען אונד זיך פרייען
א דאנק דיר גאָטעניו. געבען דיינע יודעלעך
פאר דעם גרויסען נס וואס אונז איז א מאהל געשעהן
דיין הייליג פאָלק ווען איז מיר
הפקר זיינען זייא געוועהן פאר דעם שונא'ס שווערד
המן ימח שמו האט שאָהן שיער
אלע יודען אבגעווישט אין גאנצען פאן דער ערד
ארויסגעראטעוועט פאן דער גרויסער צרה
האט אונז דער צדיק מרדכי זכור לטוב
המן איז פאר אונז געוואָרען דיא כפרה
אויף אלע שונאים, טאטע זאָ סוף.

2.

אויך אין יעדער דור היינט אויך וויא א מאהל
שונאים האבען מיר נור אזויא וויא הינד
איף צרת גאָטעניו. אין דיין פאָלק ישראל
העלף אונז טאטעניו פאר דיא המן'ס אויך אצינד
מיליאָנען פון יודעלאך שרייען אוי

אין יענער מדינה וויא זייא ווערען אָהן רחמנות געדריקט
אוי פון א שיכר'ן קאָזאַק ימח שמו
שיק איהם גאָטטוניו דאָרט אהין וואו דוא האסט זיין טאַטען געשיקט
הער צו מיין תפילה אוי רבונו של עולם
דעם נס פאן פורים ווייז אונז נאך אמאהל היינט
אוי שיק א באמבע דעם קאזאטשקען גולם
אונד אויך אלע זיינע גוטע פריינד.

אללע ליעדער פאן

# גלות רוססלאנד.

## דאס פינטעלע יוד.

1.

יעקב. טיעף אין הערצען בייא מיר פערבאָרגען
ברענט א פונק און הערט ניט אויף;
שטענדיג גליהט ער, נאכט און מאָרגען
און דונערט עווינג אָהן א סוף.
דעם פונק אין הערצען, טיעף בייא מיר
פיהל איך פון מיין קינדהייט נאך;
ווינטען בלאָזען אויף איהם אָהן א שיער—
און ער ברענט, ער ברענט זיך דאָך.
קינדער. אוי דאס יודישע הערץ, אוי דאס פינטעלע יוד,
אויסלעשען קען מען דאס קיין מאהל ניט;

2.

יעקב. איינער האט שוין לאנג פערגעסען
אן זיין פאָלק, זיין נאציאָן:
דעם יודענס אלע זיינע אינטערעסען
פערלייקענט פון לאנג האט דאס שוין.
קומט אבער א צרה אויף דעם כלל ישראל,
פון איין רוססישען צאר, א אנטיסעמיט,
ערוועקט זיך אויך אין איהם דאס פינטעלע פון אמאהל
און ער שרייט: אוי וועה, איך בין א יוד!
קינדער. אוי דאס יודישע הערץ......

2.

יעקב. דער באראָן הירש דער מיליאָנער,
זיין נאמען קען פון גרויס ביז קליין,
אלס פילאנטראָפּ וויא בעריהמט איז ער,
—זאָ איין מאן איז נאך ניע געוועזן!
מאנארכען זיינען זיינע פריינד,—
דאָך מיט זיין פאָלק שעהמט ער זיך ניט,
פאר זיינע ברידער איז אויסגעשטרעקט זיין האנד
און ער צייגט דער וועלט, אז ער איז א יוד.
קינדער. אי דאס יודישע הערץ......

## זמירות.

1.

מיכל. מנוחה ושמחה אור ליהודים,
יום שבתון, יום מחמדים. ביז.
קינדער. אוי מנוחה, אוי ושמחה,
אוי מנוחה, אוי ושמחה, אור ליהודים,
מיכל. אוי א מתנה שעהן. האט נאָטטעניו אליין,
צו פערזיסען אונזער לעבען,
דם שבת קדש אונז געגעבען;
אוי זונגט־זשע אידעלאך, לוסטיג ליעדעלאך,
פערגעסט אן אייערע צרות אלע,
לכבוד שבת אונזער כלה,
קינדער. אוי מנוחה......

2.

מיכל. אין דער אלטער צייט אמאהל, ווען נאך ארץ ישראל
האט צו אונז יודעלאך געהערט,
בעלי בתים׳לאך גאנץ שעהן, זיינען מיר געוועזן
אויף אונזער אייגענע ערד.
קינדער. איז געוועזן מנוחה......
מיכל. אוי היינט קוקט דעם יודען אן, ווי מען האט מיט איהם צו טאן
דער אמאָהלדיגער העלד,
איבעריג איז ער נעביך אויף דער וועלט,
אוי דא טרייבט מען איהם ארויס,
דאָרט לאָזט מען ניט אריין.

„אָנ־זשע נאָט דעם סוד מיר אויס,
וואס וועט דער תכלית פון אונז זיין?

**קינדער.** ווען וועט זיין מנוחה......

3.

**מיכל.** המן איז געווען א הונד, מיט שארפע ציין,
אונז בייסען האט ער געוואָלט א מאהל—
איז א נס געשעהען געוואָרען, איז ער אליין
דיא כפרה פאר כל ישראל!

**קינדער.** איז געווען מנוחה......

**מיכל.** אָוי דער המן פון אצונד, אוי איז דאס א הונד,
ער טרינקט אזוי פיעל יודיש בלוט
— און קיין באָמבע טרעפט איהם אלץ נאך ניט.
אוי נא זאָג־זשע, גוטער גאָט,
ביז ווען זאָל דער דעספאָט
אונז מוטשען אָהן א שיער?
נעהם איהם, גאָטטוניו, שוין צו צו דיר.

**קינדער.** וועט דאך זיין מנוחה......

## קידוש.

**יעקב.** יום הששי, האט גאָט זיין ווערק פאָלגעבראכט.
דעם זיבענטען געהייליגט, צום רוהע טאג איהם געמאכט;
דעם שבת קדש פאר א מתנה
האָסטו געגעבען דיין פאָלק ישראל.
כי בנו בחרת!

**קינדער.** כי בנו בחרת!

**יעקב.** אויסערוועהלט וועגען צרות
האסטו דיין געליעבטעס קינד,
אונז שטיקען, אונז דריקען
אוי אזוי פיעל שונאים וויא דיא הינד.....

**קינדער.** כי בנו בחרת.

**יעקב.** אזוי פיעל צרות אויסצוהאלטען,
האבען מיר שוין מעהר קיין כח,
אוי מען יאָגט אונז, אוי מען שלאָגט אונז
אין דער וואָכען, און אום שבת אויך.

**קינדער.** כי בנו בחרת.

**יעקב.** שענק אונז א מאהל דעם אמת'ן שבת,
רוהע פון אונזער עלענד און נאָטה,
מאך איין ענדע צו אונזער גלות,
נענוג שוין צו זיין נע ונד!

**קינדער.** אוי! שענק אונז א מאהל......

יעקב. דאמאלס ווערדען וויר אלע דיינע יודעלעך צוזאמען
פרייליך לויבען דיין היילינגען נאמען.
קינדערע. ברוך הוא וברוך שמו!
יעקב. מקדש השבת.
קינדערע. אמן!

## נעמט מען זיך ניט אונטער.

1.

פייויל. א מאכער, א קהל'ער, געפינט זיך איבעראל—
און ער קען ניט;
ער שרייט און לארמט לטובת הכלל—
און ער ווייסט ניט:
זיין גאנצער גוואלד איז צוליעב א דאללאר—
דאס טויג נים;
אויף ערב יום כפור אזא מין קהל'ער—
דאס שאט נים.
ביידע. אז דו האסט ניט און דו טויגסט ניט—
מאך א שווייג, איז פיעל געזינטער;
אז דוא קענסט ניט און דוא ווייסט ניט—
נא נעם זשע דיך ניט אונטער.

2.

מיכל. אזוי מתוס מען פיעלעס אויף דער וועלט—
און מען האט ניט;
מען ריזיקירט דאס לעבען צו ליעב דאס געלד—
און מען האט ניט;
וויל איינער אבער מיט גוואלד—
דאס טויג ניט;
אזוי איינער קען ניט ווערען אלט—
דאס שאט נים.
ביידע. אז דו האסט נים......

8.

פייוויל. איין קאסירער וויל זיך לעבען גרוים—
און האט נים;
ער פרופט זיך בארגען בייא יענעם אוים—
און קריעגט נים;
ער שטעקט זיין האנד אין דער קאסע אריין—
דאס טויג נים;
מען האפט איהם און מען וועצט איהם איין—
דאס שאט נים.
ביידע. אז דו האסט נים......

4.

**סיכל.** איין שווער זאגט צו צום חתן נדן—
און האט ניט;
דיא חתונה דארף שוין באלד דאָ זיין—
און קרינט ניט;
דער חתן בעט איהם מיט גוטען מוטה—
דאס טויג ניט;
ער רייסט איהם אויס דיא בארד גאנץ גוט—
דאס שאַט ניט.

**ביידע.** אז דו האָסט ניט......

5.

**פייוויל.** איין מעדכען רעד זיך זעהר פיעל איין—
און האט ניט;
איהר מאן מוז איין דאָקטאָר זיין—
און קריגט ניט;
זיא זיצט און ווארט ביז 40 יאהר—
עס העלפט ניט;
אם ענדע וויל זיא קיין שוסטער נאר—
דאס שאַט ניט.

**ביידע.** אז דו האסט ניט......

6.

**מיכל.** א ווייבעל פאהרט צום רבי'ן און קלאגט—
זיא האט ניט
דער רבי האט איהר שוין צוגעזאגט—
און זיא קריעגט ניט;
פאר דעם רבין'ס ברכה גיט זיא אלעס—
דאס טויג ניט;
בייא איהם בלייבט דיא ברכה, ביי איהר דער דלות—
דאס שאַט ניט.

**ביידע.** אז דו האָסט ניט......

7.

**פייוויל.** אין א רעסטאוראנט עסט איינער גוט—
און האט ניט;
ער בעט ביי'ם קעלנער אויף קרעדיט—
און קריעגט ניט;
פאר א משכן וויל ער לאזען זיין שמאָק—
דאס טויג ניט;
מען נעמט פון איהם אראב דעם ראָק—
דאס שאַט ניט.

# קאמרטדס.

נטע ברידערלאך, חברימלאך,
שטרעבט ניט זאָ נאך דעם געלט,
ער פרעסט אייך אויף דיא גידערימלאך,
ביז איהר נעהט יונג פון דער וועלט.
נאך'ן טוידט וועט מען געוויס בעגראָבען,
ביים לעבען הינט חאָטש אָפּ זיך.
נור הולען און זינגען, פרעסען און טרינקען,
— מיט חברים'לאך.

1.

בעטראכטעט דעם קארגען דאָרט,
וויא ער לעבט זיך אָפּ זיין וועלט.
א מענשען יאָגט ער פאן זיך פאָרט,
און ציטערט פאר דעם געלט.
ער קריינקט זיך דעסין,
וואס איהם קאָסט דער עסין,
נעהט נאקעט און באָרפוס קלייבט דאָלערלאך.
פלוצים קראַפּיט ער, און אללעס פערליערט ער,
זיין געלט בלייבט איבער דעם רוח.
ערשט נאך'ן טוידט שרייט ער פון'ם קבר ארויס,
נוטע ברידערלאך, חברים'לאך......א. ו.

2.

איינער ליעבט זיין פרויא א שרעק.
ער הארעוועט נאָר אָהן א שיעור.
זיין געלט ניט ער איהר אוועק.
ווייל ער איז פארליעבט אין איהר.
זיא ליעבט איהם וויא א פרינצעסין,
פון טרינקען אונד עססען.
זיא ליעבט נאָר פרעמדע און נעהט שיר אויס.
דעם מאנן פערהאסט זיא,
און שרייט איהם געלד האסטו,

אז נים מהף שאן ארוים.
(אוי שרייט ער נעביך דאמאלס מיט געוויין)
גוטע ברידער׳לאך, חברים׳לאך,
געבען אייך וויל איך זיין,
איך וויל קיין ווייב קיין ליארעמלאך,
מיט אייך ביים א גלעזעל וויין.
א ווייב האב איך שוין גענומען,
געליעבט האט זיא דיא טאלער׳לאך,
איז ניט בעסער צו זינגען, עססען און טרינקען,
מיט חברים׳לאך.

3.

איינער אפפערט גאר זיין לעבען,
פאר זיינע קינדער נור.
זייא א גוטע ערציהונג צו געבען,
און שפארט פאר זייא טויזענדער גאר
אז ער דערלעבט דיא גדולה,
ער מאכט חתונה זיין עילוי.
זיין פערמעגען גיעבט ער איהם אוועק מיט ליעב
נאך דער חתונה אוי הערט ער,
פאן זיין שניר מנינים ווערטער,
„וואס טהוט נאך דער אלטער אין שטוב״
(דאס הייסט א ווייבאג, אבגעהארעוועט דעם גאנצען לעבען, ניט דערשלאפען, ניט דערעססען, און יעצט פרעגט מען איהם גאר וואס ער טהוט דא? אוי שרייט ער
גוטע ברידער׳לאך, חברים׳לאך,
פערשפיעלט האב איך מיר מיין וועלט,
מיט מיין ווייב געלעבט וויא חזרים׳לאך,
געזאממעלט פאר קינדער געלד.
יעצט ווילען זייא מוך וויא ניך בעגראבען,
ביים זייא שלאפען מוז איך אין קיך.
איז ניט בעסער צוא זינגען, עססען און טרינקען,
מיט חברים׳לאך

# טענה ניט (פון טיטוס).

1.

איינער ליעבט א פרויא.
דער צווייטער ליעבט זיא זיא.
דער שרייט ביז מיך,
מוזט מיינע זיין.
דער צווייטער טענהט ניין,
דיא פרויא מוז צו מיר געהן,
ווייל זיא קאָסט מיך איין עשרות אלין.
דער ערשטער שרייט זיא איז מיין,
דער צווייטער שרייט זיא איז זיין.
(און איך שטעה און קוק זייא ביידען אן וויא משוגע.
וואס שפּארט איהר אייך דאָ? סך הכל)
איז זיא דיינע ניט, און זיינע ניט,
זיא איז נאָר...... טענה ניט. (בים)

2.

איינער פערקויפט מיר סחורה,
בילליג נאָר א מורא.
איך נעהם אויף באָרג,
און בעצאהל איהם ניט.
ווייל דאס איז גניבות,
גיעבט ער דאס אויף חובות.
„און דאס געלד בּאהאַלט איך מיר גוט"
און ווען ער קלאגט מיך אן,
וואס זאגט דער ריכטער דעם מאן.
(„אמת יונגער מאַנן, ער האט בּייא דיר גענומען סחורה, דאַרף ער
דיר בעצאהלען, נור דעם אמת וויים איך דאָך אַז")
דיא סחורה איז דיינע ניט, זיא איז זיינע ניט.
זיא איז נאָר...... טענה ניט. (בים).

3.

א כלה רעדט מען מיר,
שעהן איז זיא אָהן א שיעור.

און איהר משפחה איז רייך נאך דערצו.
פון גרויס ביז קליין,
איז מיך מקנא געוועהן,
נאָר א גרויסען פעהלער האט זיא
איינער שרייט מזל טוב מיר,
און איז מיך מקנא אָהן א שיעור,
זאָג איך זייא ,,נאראָנים וואס איהר זייט, וואס זייט איהר מיך מקנא.
אמת זיא איז א שעהן מיידעל, א רייכע פון א שיינע משפחה" נור
זייא מיך מקנא ניט, זיא איז נאָך מיינע ניט,
זיא איז גאָר......טענה ניט. (ביס)

4.

איינער זעהט אין א ווינקעל
איז געוועהן גאנץ דונקעל,
א בתולהכען האט ער דאָרט דערזעהען.
ער שרייט איהר ,,מיין שעהנע ברײנע"
און זיא זאגט ,,איך הייס גאָר טריינע"
און דאָך איז ער אין איהר פערליעבט געווען.
און וויא דער טאָג האט געגעבען א שיין,
וואס האט דערזעהען דער יונגער מאנן.
אוי וועה אזא טעות,
ס'איז גאָר ברײנע ניט, ס'איז גאָר טריינע ניט,
ס'איז גאָר איין אלטע......אוי טענה ניט.

# אל רחום.

(פאָן יוסף אונד זיינע ברידער)

1.

נעה בעפעהל גאָט דער נשמה,
ווען ער שיקט זיא אויף דער ערד אראָפּ,
נעה זאגט ער איהר נחמה.
דאָרט וואָרט ביז איך נעהם דיר אָפּ,
און אז דיר וועט שלעכט געהן דאָרט —

פערצווייפעל ניט מיין קינד,
נעדענק נור גוט מיין וואָרט,
וואס איך גיב דיר מיט אצונד. (בים)
אל רחום, אל רחום, איז מיין נאמען מערק דיר גוט,
אל רחום, אל רחום, איז מיין נאמען פערגעס ניט,
פערגעס דאס ניט, פערגעס דאס ניט, פערגעס דאס ניט!

# א קעניג לעבט.

(פאן יוסף אונד זיינע ברידער)

א קעניג לעבט אין עגיפטען לאנד,
אין עגיפטען לאנד, לא לא לא......
בעריהמט איז ער דורך זיין פערשטאנד,
דורך זיין פערשטאנד, לא לא לא......
זיין נאמען זאָגט מיר טרעפט געשווינד,
טרעפט געשווינד, לא לא לא......
אָט דאס איז יוסף דיין אייגענד קינד,
דיין אייגענד קינד, דיין אייגענד קינד,
אָ......אָט דאס איז דיין יוסף אליין
קאָהר. באלד וועסטו איהם פאטער ווידער זעהן.
בנימין. אָ, אָ, אָ,......
איין קעניג לעבט......א. ז. וו. ביז פאטער ווידער זעהן.
אָ, אָ, אָ......

קאָהר מיט בנימין.
דאס איז דיין יוסף אליין,
באלד וועסטו איהם פאטער זעהן.
דאס איז דיין יוסף אליין,
באלד וועסטו איהם פא....טער זעהן

# כי לא ידע.

דאס זינגט חאצקעל דער משרת בייא דעם בעל תשובה (2 יתומים)

1.

דער משרת מוז א געשעפט פארשטיין,
ער מוז אללעס אננעהמען פאר ליעב,
יזען ניט קען ער לייזען א קנאק אין דיא ציין.

און קרינגען א שטויס וואָן פון דער שטוב,
ער מעג זעהען דיא ערגסטע זאכען,
מוז ער זיך מאכען כי לא ידע,
בייא זיך אליין דארף ער רעכט מאכען,
מסתמא איז היינט אזא מאָדע.

2.

ווען דיא בעלהבתטע איז ניט פרום,
זיא איז פשוט שטארק פערשייט,
זיא האט א מאנן, און הינטען ארום,
קוסט זיא זיך מיט פרעמדע יונגע לייט,
דארף דער משרת אלעס זעהן און הערן,
און מוז זיך מאכען, כי לא ידע,
ער דארף בייא זיך אליין קלעהרען,
מסתמא איז היינט אזא מאָדע.

3.

ווען דער בעל הבית האט זיך נאריש געמאכט,
און האט געגעבען דער נעם א גלעט.
אָדער ער האט פערבלאָנדזעט שפעט בייא נאכט,
ניט ווילענדיג צו דער קעכנעס בעט,
מוז דער משרת זעהן וואס ער טהוט,
און הארף זיך מאכען, כי לא ידע,
ער דארף קלערען, דאס איז קיין עולה ניט,
מסתמא איז היינט אזא מאָדע,

4.

און ווען דיא בעלהבתטע האט שאָן ניט קיין חן,
זיא איז מיאוס פשוט וויא דער טוידט,
זיא וויל נאך אויסוויזען יונג און שעהן,
און פארבט דיא פערקנייטשטע בעקעלאך מיט רייט,
מוז דער משרת דיא פארב צו טראגען,
און דארף זיך מאכען כי לא ידע.
ער קאן צו זיך אליין זאגען,
מסתמא איז דאס אויך אזא מאָדע.

# דאס חסידישע מיליטער.

פערפאסט פאָן א. גאָלדפאַדען.



.1

דער יענעראל ס׳האט געקרעהט דער האָן,
גיבער טהוט אייך אָן,
ר׳ עחר, לעזער, נעטציל, מיכאל!
עס פייפט דער טראמפייט!
דיא מלחמה איז שוין גרייט!
גבורי ישראל! *)
גאָ טהוט זשע אייך א ריר!
וואס מאכט איהר פאר א שיהות?—

*) „ישראלי׳ מיינט מען דיא חסידים פון ר׳ ישראל בעש״ט.

1 סאָלדאַט. איך מוז דאַוונען פריהער,

2 סאָלדאַט. אונד איך מוז ערשט האָבען נקיות!....

אוררא, אוררא, אוררא!

רבש"ע אוררא!

2.

דער יענעראַל. אויף דיא פערד אַרויף,

גיכער זעצט אייך אויף,

ר' עוזר' לעזר' נעטציל, מיכאל

מיט דיא בייטשען-שלאַנט,

דעם שונא דעריאָגט,

גבורי ישראל!—

נאָ זעטצט דיך אויף נעשווינד!

1 סאָלדאַט. איך וועל אַראָפּפאַלען געווים......

דער יענעראַל. וואס האָסטו מורא מיין קינד?

1 סאָלדאַט. ס'דריעגט מיר דיא פּיס! —

אוררא, אוררא, אוררא!

רבש"ע אוררא! —

3.

דער יענעראַל. צו דער פעסטונג, דער

גיכער לויפט אהער,

ר' עוזר, לעזר, נעטציל, מיכאל

צולאָזט דיא הענד,

קלעטערט אויף דיא ווענד,

גבורי ישראל!

1 סאָלדאַט. נאָ קריך זשע דוא פריר!

2 סאָלדאַט. ניין קריך פריר דוא!

דער יענעראַל. נאָ טהו זשע זיך אַ ריר!

1 סאָלדאַט. נאָ האלט זשע מיך צו

אוררא, אוררא, אוררא

רבש"ע אוררא!

4.

דער יענעראַל. אדאָס דאָרף נעהמט אַן;

גיכער לויפט אריין

ר׳ עוזר׳ לעזר, נעטציל, מיכאל!

אויף דעם טויער ארויף,
ניכער ברעכט איהם אויף
גבורי ישראל!

1 סאָלדאט. נאָ נעה זשע דוא צו;
2 סאָלדאט. ניין נעה פריר דוא!
דער יענעראל. וואס האסטו מורא מיין קינד?
1 סאָלדאט. פאר דעם פריץ הונד!......

אורראַ, אורראַ, אורראַ!
רבש״ע אורראַ!—

.5

דער יענעראל. צו דער קאנאָנע דער,
ניכער קומט אהער
ר׳ עוזר, לעזר, נעטציל, מיכאל!
דארט וויא ס׳איז הויל
ווארפט אריין א קויל . . .
גבורי ישראל!

1 סאָלדאט. אונ אז דיא קויל וועט ארוים
וועט דאך זיין א שרעק;
2 סאָלדאט. אָט שיעסט זיא אוים,
לאמיר ניך אוועק! . . .

אורראַ, אורראַ, אורראַ!
רבש״ע אורראַ! —

.6

סאָלדאטען. מיט גליק, מיט גליק,
פון דער מלחמה צוריק,
ר׳ עוזר, לעזר, נעטציל, מיכאל!

דער יענעראל. ווער נעהמט זיך אָן,
צו טראגען דיא פאָהן?
גבורי ישראל!—

סאָלדאטען. ס׳איז אבער שבת א צונד

את דער ערוב איז צערריםסען·
אבער מיר האבען געזונד
דעם שונא אנגעשמיססען . . .
אורראָ, אורראָ, אורראָ!
רבש"ע אורראָ!

# ס'איז שלעכט אהן געלד.

פון בעל תשובה.

1.

שלעכט אוי שלעכט, ביטער וויא דער טוידט,
איז דעם אָרימען זיין לעבען.
צוליעב דעם וויסטען שטיקעלע ברויט,
מוז ער זיין עהרע אבגעבען.
בעססער איז אין קבר צו זיין
נים זעהן דיא ליכטיגע וועלט
איידער צו זיין אן ארימער מאן
און בעטען בייא לייטען געלט.

.2

ביטער וויא גאל איז דעם ארימאן
דאס וועט אייך יעדער מענש זאגען.
פון יעדען אָקס פון יעדען בולוואן
מוז ער פיעל שמערצען פערטראגען.
דא העלפט קיין שכל קיין טאלענט
אהן געלד איז דאס לעבען פערשטערט.
האסט דוא פריינד קיין געלד אין דיא הענט
ביזט דוא סיין פפעניג ניט ווערטה.

.3

א נאר איז דער דאס ווייס איך גוט
וואס זוכט זיך אנאממען ערווערבען.
קוים האט ער קיין געלד אין כיאש ניט
קאן ער פון הונגער גיך שטערבען.
דער גרויסער מאן וואס זיצט אהן ברויט
קאן פון איין זאך נור אנקוועלען
אז העט שפעטער א צייט נאך זיין נויט
וועט מאן אמאגומענט איהם שטעלען. . . .

# איהר זעהט דאך.

1.

מען נעהמט מיר אפט ארויס דיא אויגען
מיט ליעגען אז עס איז א שרעק
ס'איז נישט געשטוינען נישט געפלוינען
קיין אנהויב אונד קיין עק
וויא קוממען מלאכים וויא קוממען טייפלען
ארום צו לויפען אויף דער ערד?
וואס? איהר ווילט חלילה צווייפלען,
ענטפערט מען מיר הערט נאר הערט!
וויא דאס קוממט, אונד וויא קוממט דאס
הערט איין אפיקורס איך בעט אייך
נוא, נוא, לאז זיין אזוי — — — איהר זעהט דאך!

II.

ווען קין האט דערהרגט זיין ברודער
הבל ביים גן עדן
איז געוואָרען א גרויס גערודער
אונד פאר מורא פאר'ן זיידען
איז ער אנטלאָפען ווייט גאנץ ווייט
ביז ער איז געבליעבען אהן שטיוועל
אונד דאָרטען האט ער חתונה געהאט
אזוי עפּעס שטעהט אין דער ביבעל — אוי
וויא דאס קוממט, אונד וויא קוממט דאס?
איהר זייט דאך א מבין אונד פערשטעהט דאך,
נוא, נוא, לאז זיין אזוי — וויא אזוי? איהר זעהט דאך!

III.

איין אלטער מאן פון 60 יאהר
האט חתונה אויף'ס נייא
מיט א מיידעל פון 19 גאר
יעצט הערט מען איין געשרייא
אז פונקט צום יאהר האט איהם בעשעהרט
זיין ווייבעלע צווייא קינדער
וואו האט מען נאך אזוינס געהערט?
פון אזא אלטען זינדער, אוי
יייא קוממט דאס, אונד וויא דאס קוממט
איהר זייט דאך א מבין אונד פערשטעהט
נוא, נוא, לאז זיין אזוי — — — איהר

IV.

איך קען איינע ראַסטע היער
וואס איז מיר א גרויס וואונדער
זיא האט קיין מאַן וואס זאָרגט פאַר איהר
אונד נישט פיר איהרע קינדער
איך פרעג איהר וואו זיא נעהמט דיא זאַכען
אונד דאס געלד דערצו!
אלע וואָך זיך נייעס מאַכען
אזוי ענטפערט זיא — אהו!
וויא קוממט דאס אונד וויא דאס קוממט
מאַכט נאָר א שווייג איך בעט אייך
וא, נוא, נוא — איהר זעהט דאָך!

V.

דיא פאַמיליע מייער קריגען א קינד
צו מזל אונד צו ברכה
אז קינדער, עלטערן עהנליך זינד
זעהט מען אין יעדער משפחה
אבער, דער טאַטע שוואַרץ, דיא מאַמע שוואַרץ
אונד דאס קינד איז רויט וויא פייער
דאס גיט שוין א צופּ ביים האַרץ
וויא קוממט עס צו אייך ר' מייער — אוי
וויא דאס קוממט, אונד וויא קוממט דאס?
פרעגט ניט קיין שאלות אוי איך בעט אייך
נוא, נוא. לאַז זיין אזוי — וויא אזוי? איהר זעהט דאָך

---

# איך אויך

I.

בורקאַס׳ — הער צו מאַנדאַלענע, וואס איך זאג דיר קליינע,
אז איך שלאָף דיא גאַנצע נאַכט.
מאַנדאַלענע׳ — איך אויך, נאָר איך האב איין פעהלער, זא אָפט
אין נעה אין קעלער האב איך קיין אויג ניט צוגעמאַכט
בורקאַס׳ — איך אויך, צו זיטצען לאַנגזאַם זופּפּען, ביז דער וויין
העבט אָן צו שטופּפּען אוי קוממט מיר צו א שטיק געזונד
מאַנדאַלענע׳ — מיר אויך, אבער אין דער פריה, ניט ער ביים הערץ
א בריה אונד דער קאָפּ דרעהט זיך מיר וויא דער ווינד.

„בורקאָר" — מיר אבער ניט.

„ביידע" — נן נעהם דיר ד' ס אין מות, אתר נורענק האס הקרם איך אויף.

אזוי וועלט, מיר לעבען אויף גאָטט'ס כח
אונד וי אס עס וועט זיין מארגען, לאָז זיך נאָר דער הערר גאָטט זאָרגען.
מיר וועלען לעבען, לאכען, אז ס'זאָל אוש געהן א רויף.

II.

„בור.—אלע דאמען הייטע, מאכט עס גרויסע פריידע, זיך צו פוטצען וויא א טאָק

„מאג"—איך אויף, ווייל עבען דיא מעננער, ליעבען נור וואס שענער א יא דו קאפעלסט מיט'ן שאָק

„בור."—איך אויף, נישט דאס פוטצען הארט מיך, איך האב זעהר פיינט אז מען נארט מיך, דאס שמירען האט דאך נאָר קיין צוועק

„מאג."—איך אויף? דוא מיינסט דען פאלשען צויבער, פון אויבען אלעס זויבער אונד צו הויז שווימט מען זאָ וויים אין — שמוץ

„בור."—דוא אבער נים.

רעפריין......

III.

„בור."—זאָל איך עפעס בענעהרען, אונד דוא זאָלסט מיך נים הערען, האב איך א טבע אז איך שלאָג

„מאג."—איך אויף, זאָלסט אבער נישט מיינען, אז איך וועל מיך שעהמען, דיך צו דישען ביז אין טאָג

„בור."—איך אויף, בלייבסט דוא ליעב אונד פיין, וויא איינע גוטע פרוי דארף זיין, ועסטו מיך קיין מאל זעהען אין כעס

„מאג."—איך אויף, אונד איך וועל דיך שטאָפען, מיט מאכלים אונד וויין א טראָפען, זאָלסט מיר ויערען דיק וויא א פאס

„בור."—דוא אבער אויך. רעפריין......

IV.

„בור."—אונד האבען מיר אָבנעזונגען, אונד ס'איז אונז געלונגען, רופט מען מיך וויעדער הערוים

„מאג."—מיך אויך. קענסט זייא אלע פרעגען, איך האב נישט דאגעגען, אז מיר נעהערט נאָר דער אפלאוז

„בור."—מיר אויך. נו זאגט אדרבע, דעם רבי'ן צו דעם גבאי קומט דער כבוד זאָגט נאָר ניך

„מאג."—מיר אויך. וואס ביסטו אים ליעדעל? א שמיטשיק אָהן א פידעל, דיא תורפטזאף בין יא דאָך נאָר איך

„בור."—איך אבער אויך. רעפריין......

# הימעל, ערד און שווינדעל!

I.

קומט איינער שנעל צו לויפען
אייך מציאות צו פערקויפען, אוי וועה גלויבט נישט!
זאָגט איינער אייך א סוד
אונד שווערט בייא ווייב אונד קינד אונד גאָטט, אוי וועה גלויבט נישט
וויל ער דיר דאמיט צייגען
אז ער האלט וואָרט אונד קען שווייגען, אוי וועה גלויבט נישט!
זאָגט ער ועסט ניסט בערייען
ער ליעבט דיך מעהר וויא זיך אליין
דאַן גלויבט ס'איז א שווינדעל.
רעפריין
אויף שווינדעל — — איז אלסדינג געשטעלט
אויף שווינדעל — — שטעהט דיא גאנצע וועלט
יא שווינדעל פון דעם גרייז ביז צו דעם קינד דאָרט אין דיא וויגעל
אוי! הימעל ערד אונד שווינדעל.

II.

ווען ס'ווייגט א פרוי מיט טרערען
אז מען קען צוגאָסען ווערען, אוי וועה גלויבט נישט!
שרייט זיא, זיא בלייבט חלשות
וויל דער מאנטעל נישט פון פלוש איז, אוי וועה גלויבט נישט!
קוים נאָר פאר ליעבשאפט זאגט זיא
אז ביים הערצען עפעס נאָגט זיא, אוי וועה גלויבט נים!
זיא איז דיר טרייא אונד גוט
אבער זיא וויל קיין נייען הוט
דאַן גלויבט איהר אז עס איז א שווינדעל. (רעפריין)

III.

אונד מיינט איהר ליעבע פרויען
אז דיא מעננער דארף מען טרויען? אוי וועה גלויבט נישט!
ווען ער קוממט שפעט א היים
אונד זאָגט, בעשעפטינט שטארק געוועזן, אוי וועה לויבט נישט!
איין שוועבעלע צו זוכען
פאַר ער אין קיך ארום קריכען? אוי וועה גלויבט נישט!
שרייט איין מאַן עס איז א חורבן
וויל זיין שווינגער איז געשטאָרבען,
דאַן גלויבט איהם ס'איז א שווינדעל. (רעפריין)

IV.

ווען איהר מיינט איך מאך דיא לידעלעך
נאר פאר כבוד ליעבע אידלעך? אוי וועה גלויבט נישט
איהר קענט הערען פון אונז אללע
אז נעלט שפיעלט בייא אונז קיין ראללע, אבער גלויבט נישט!
זאגט מען אייך אז דער אקטער
איז באלד א מיליאנער, אוי וועה גלויבט נישט!
ווען איז דאס יאהר פאראיבער
אונד מיר צעהלען זיך אלע איבער
דאן זעהט מען ערשט דעם שווינדעל (רעפריין)

V.

ועהט איהר דיא בערג דיא שטיינער
אונד דיא פרישע גרינע בוימער? אוי וועה גלויבט נישט!
א מלאך קוממט נעפלויגען
פון דעם קאפ ביז דיא פיס מיט אויגען, אוי וועה גלויבט נישט!
אונד דארטען דער מיוחס
אויבען אן דארט אין דיא רוחות, אוי גלויבט נישט!
אונד זעהט מען דיא ברילליאנטען
גאלד אונד זילבער אונד דימאנטען
דאן ווייס מען ערשט דעם שווינדעל. (רעפריין)

---

# נאך נישט.

I.

האט איינער שוין א מאל דערצעהלט
אדוואס אויף יענער וועלט נאך פעהלט? נאך נישט.
האט מען שוין איבערהויפט געהערט
אז טויטע שטעהען אויף פון דער ערד? נאך נישט
גיבט עס איין דאקטאר היינטיגע צייט
וואס ווינשט געזונדהייט אללע לייט? נאך נישט.
איז איין אפאטהעקער שוין געוועזן
וואס וויל נישט ליעבער קראנקע זעהען? נאך נישט.
רעפריין......
אפשר ביא דיא טערקען, אדער נאר ביא דיא בינעזען,
אבער ביא אונז איז אזוינס נאך נישט געוועזען.

II.

האט מען צווייא יודען שוין געזעהען
זייא זאלען נישט האבען דרייא אידעען! נאך נישט.
האט מען געהערט אז אלטע מיידען
זאלען פון חתנים ניט רעדען? נאך נישט.
אונד גיבט עס שוין אויף דער וועלט
איין מענש וואס האסט דאס ליעבע געלד? נאך נישט
אונד האט מען שוין א פרוי געזעהען
זאל דעם מאן נישט איבער דיא קעשענעס געהען? נאך נישט
רעפריין....

III.

האט מען שוין איינען מאן געזעהען
וואס ליעבט נאר זיין פרוי אליין? נאך נישט.
האט מען שוין פון איין רבי'ן געהערט
וואס נעהמט נישט וויא א בלינדעס פערד? נאך נישט.
האט מען געהערט אז מאן אונד ווייב
זיך ניט פאטשען א מאל צום צייט פערטרייב? נאך נישט
האט מען שוין א מאל דיא פאליצייא
געטראפען ביא א שלעגערייא? נאך נישט. נאך נישט
רעפריין....

IV.

האט מען געזעהען א קאפיטאליסט
זאל אויך זיין איין אנארכיסט? נאך נישט.
האט מען געהערט א יודישער עקטער

זאָל ווערען א באנק דירעקטאָר ? נאָך נישט.
האט מען זיך שוין געהערט בעקלאָגען
אדוואָקאטען זאָלען דעם אמת זאגען ? נאָך נישט.
אונד האט מען שוין געהערט אים לעבען
דיא אַבטע שטראססע זאל צדקה געבען ? נאָך נישט. נאָך נישט. נאָך נישט
רעפריין....

V.

האט מען—ענטשולדיגט מיר איך בעט אייך
איין מאַטינעע געזעהען אָהן רעטעך ? נאָך נישט.
האט מען געזעהען שוין איין קאסיער
ער זאָל נישט מאכען האלב מיר, האלב דיר ? נאָך נישט.
אונד איז עס שוין א מאָל פּאסירט
מ׳האט אָשערס פאר דיא לעקסאָו געפיהרט ? נאָך נישט. נאָך נישט. נאָך נישט
רעפריין....

VI.

האט מען שוין א מאל געטראָפען
איין קופּלעט מיט זאָפיעל שטראָפען ? נאָך נישט.
גיבט עס דאָ איינער ביז הערויף
וואס ווינשט צו הערען שוין דען סוף ? נאָך נישט ?
אונד איז שוין א מאָל פּאסירט
מ׳האט מיין קופּלעט נישט אַפּלאָדירט ? נאָך נישט.
אבער מיינט איהר מען האט מיך אָנגעדונגען
דיא גאַנצע נאַכט דאָ שטעהען אונד זינגען ? נאָך נישט. נאָך נישט. נאָך נישט
רעפריין....

---

# מלקות.

I.

ווער עס פאָלגט נישט טאַטע מאַמע
ווער עס בעליידיגט איינע דאמע
אַט דעם מוז מען געבען 39 מלקות.
ווער עס דאווענט אין צווייא פּאאר תפילין
אונד בעננב׳ט אייך אין שטיללען
אַט דעם מוז מען געבען 39 מלקות.
ווער עס ברענגט צו אייך רכילות
דער טראָגט עס צוריק געפּיהלט!
אַט דער פערדיענט דאָך גאַנץ געוויס דיא מלקות.

אונד ווער עס וועט אייך זאגען
איהר זאָלט אין שול אייך מלקות שלאגען
אַט דער מוז קריעגען גאָר דיא מייסטען מלקות.
רעפריין"—מלקות, מלקות, אמת'דיגע מלקות, וויא אין פסוק שטעהט.
מלקות, מלקות, פייערדיגע מלקות, ביז מען דיא צייכען זעהט.
אבער ניט קיין קינדער שפיעל, וויא דאָרטען אין שול
אוי...... וועה, אוי אמת'דיגע כשר'דיגע מלקות.

II.

ווער עס לויפט אין שול כסדר
נור צו צייגען איהרע קליידער
אַט דער מוז מען געבען 39 מלקות.
ווער עס רעדט פון איהרע שכנים
אונד זיא אליין וואָהנט עפּעס מיט איינעם
אַט דער קומט 39 מלקות.
ווער עס טראָגט א הוט מיט רויזען
אונד פעררינכט נישט דעם מאן דיא — וועסטע
אַט דיא פערדיענט דאָך גאנץ געוויס דיא מלקות.
ווער בייא דיא קינדער לאָזט דעם פאטער
אונד זיא אליין לויפט אין טהעאטער
אַט דיא מוז קריגען גאָר דיא מייסטען מלקות.
רעפריין......

III,

ווער עס האָלט שבת פערמאכט
אונד שפּיעלט פינאקעל ביז שבת צו נאַכט
אַט דעם מוז מען געבען 39 מלקות.
ווער עס וויל אונז אבער צווינגען
אום יום כפור טאנצען שפּרינגען
אַט דעם מוז מען געבען 39 מלקות.
ווער אין קאפּפּעע הויז קען זיטצען
זעקס, זיעבען שטונדען טעגליך שוויטצען
אַט דער פערדיענט דאָך גאנץ געוויס דיא מלקות.
אונד ווען 5 טויזענד סאָציאליסטען
זיך לאָזען שלאגען פון 3 פּאליציסטען
א מהען קריעגען גאר דיא מייסטען מלקות.
רעפריין......

IV

ווער עס וואוט פאר צווייא פּארטייען
אונד לאזט זיך צאהלען אָפּט פון דריי...
אַט דעם מוז מען געבען 39 מלקות

ווער עס האט א ווייב א צרה
אונד שלאגט נים מיט איהר א כפרה
דער איז פערזארגט דאס גאנצע יאהר מיט מלקות
ווער עס זאגט אז יערע שווינער
איז זאָ בעז וויא א ווילדער טיגער
אָט דער פערדיענט דאָך גאנץ געוויס דיא מלקות.
אונד ווען אינספעקטאָר וויללִיאמס מיינט
מען דארף קיין יוד מעהר גלויבען היינט
זאָ זאג איך, ווארט נאר וויללִיאמס דוא קריגסט נאָך דיינע מלקות
רעפריין......

V.

ווער פון אייך זאגט ליעבע יודען
אז מיר שטעלען אייך נים צופריעדען
אָט דעם מוז מען געבען 39 מלקות.
ווער עס איז היינט דא נים געוועזן
מיך נים געהערט אונד נים געזעהען
אָט דעם מוז מען געבען 3.) מלקות.
ווער עס ברענגט מיט קליינע קינדער
וואס עס שטערט אייך יעדען בעזונדער
אָט דער פערדיענט דאָך גאנץ געוויס דיא מלקות.
אונד ווער פון אייך קען נישט בעגרייפען
אוי וויא מיאוס עס קלינגט דאס פייפען
אָט דער מוז קריעגען נאר דיא מייסטען מלקות.
רעפריין......

# גוטע נאַכט.

I.

איין פערכען נאָך יונג דאָך פאָלל האָפפנונגען רייך
בליקען פראָה אין דיא צוקונפט היניין
איין טעכטערליין ליעב זאָ מילד אונד זאָ ווייך
וויא איין ענגעל אין הימעל זאָ ריין
צווייא אויגעלעך בלוי וויא דיא שטערנע זאָ קלאָהר
פאָלל אנמוטה נעהם זיא זאָ איינהער
דיא זאָנגענגלאַנץ שיממערט איהר גאָלדענעס האָאר
צום ענטציקען דער מענשהייט נאָך מעהר — זכרו

ארף איינמאל וואס איז דארט געשעהען?
וואס בעדייטעט דיא מענגע דארט שטעהען?
מען לויפט וויא פערווירט, קאמט דאקטאר קורירט
שרייט דיא מוטער „איך צאהל וואס מען וויל‟
מען שנייד'ט דיא קעהלע, עס שווינד'ט דיא זעעלע
דיא אויגען פערדרעהט, נאך איין קום איין געבעט
דאן איזט אלעס ווידער גאנץ שטילל
גוט נאכט, גוט נאכט, דאס ווערק איז פאללבראכט
גוטע נאכט, שלאפע וואהל, גוטע נאכט.

II.

עס פינקלען דיא שטערנע אן הימעל זא העלל
עס שלאפט אלעס רוהיג אונד זאכט.
איין שיפליין עס פליהט וויא א בליטץ נאר זא שנעלל
אויף דעם שטורמייען מעער דורך דיא נאכט
אויב פאטער, אויב מוטער, אויב קינד מען קען זעהען
אלעס טרוימט נור פון גליקזעלינקייט
אונד יעדער מאלט בילדער אים טרוים זיך זא שעהן
פון דער צוקונפט דיא ניכט מעהר זעהר ווייט — אך
אויף איין מאל דא הערט מען א קראך
אלעס אם שיף ווירד גלייך וואך
ציטטערנד פערלאזט, פון שרעק אונד פון פראסט
דיין ליעבסטעס ווער רעטען זיך וויל
דארט הערט מען שטיממען
שפרינגט! ווער עס קען שווימען.
דאס שיף אונטערגעהט, נאך איין קום איין געבעט
דאן איזט אלעס ווידער גאנץ שטילל
גוטע נאכט, גוטע נאכט, דאס ווערק איז פאללבראכט
גוטע נאכט, שלאפעט וואהל, גוטע נאכט.

# דם צפרדע.

פאָן דען בעריהמטען ארטיסט אונד מיוזיקער
העררן מאקס אבראמאָוויטש.

.1

דער ווינטער איז פיר אללען דינגען
שוין אוועק גאנץ זיכערליך,
אונד וואס דער זומער ווירד אונז ברייננען —
א דאס פרעגט א יעדער זיך.
דען, דיא וועלט ווירד אימער שלימער און דיא צרות זיינען אזוי גרויס
וואס פון דעם ווינטער איז אונז איבערגעבליבען.
דם, צפרדע... ערוב, דבר, שחין, ברד, ארבה, חושך, מכת בכורות.

.2

אין יעדער זאכע מוז מען האבען
גליק, זאָגאר ביים גנב'נען נעהן,
זאָנסט ווערט מען זעהר לייכט בעגראבען;
אז מען קען שוין נישט אויף שטעהן.
ווען דער גנב וויל פערקויפען זיינע גיגנב'טע פעקליך סחורות —
וואס מיינט איהר קען ער דער פאר קריגען?
דם, צפרדע... און א 6—7 יאהר מכות בכורות.

.3

עס גיבט געשעפטע יעצט א מאסע,
זינד זיא גרויס אָדער גאנץ קליין.
איבעראל שטימט איינע קאססע;
אייזענשטארק און עקסטרא פיין.
אוי, איך גלייב ניט אין דיא זאכען ווייל איך בין א גרויסער אפיקורס,
איך דענק עס ליגט אין מאנכער קאססע
דם, צפרדע... ערוב, דבר, שחין, ברד, ארבה, חושך, מכת בכורות

.4

דיא ארבייט מאכט זיס דאס לעבען,
האט לעננסט א שפריכווארט אונז בעלעהרט;

אָבער, ווענזען דאס זיסע ווירד גענעבען—
האט נאך אונז קיינער ערקלערט.
קוקט אן אָט דעם גניד, וויא עס לייכטען ביי איהם דיא זילבערנע מנורות
און וואס בלייבט דעם שקלאפע פאר זיין ארבייט?
דם, צפרדע. . . ערוב, דבר, שחין, ברד, ארבה, חושך, מכת בכורות.

.5

איין אלטער שכור טהוט א נדר
אז ער זאָל ניט טרינקען מעהר;
אָבער וויא עס קומט צום סדר—
קלעמט עס איהם ביים הארץ זאָ זעהר.
אוי, דיא ארבע כוסות! שרייט ער, איז דאך פון דור דורות
און שכורת זיך אן צו ליעב דער מצוה, פון
דם, צפרדע. . . ערוב, דבר, שחין, ברד, ארבה, חושך, מכת בכורות.

---

# יארעניש און קווארעניש.

דועט פערפאסט פאן

הערדן מאקס אבראמאוויטש.

.1

ער: יא הייראטען איז גאר ניט שלעכט
זיא: א יאָ איך בין גערעכט
ער: אָבער דאס איז ניט דאס גאנצע גליק
זיא: אז דוא האסט מיך ליעב איז מיר גענוג
ער: מיט דער ליעבע קען מען שנאָרען געהן
זיא: ניין דאס וועט ניע געשעהן
ער: און ווען דאס אָבער יא געשעהט?
זיא: דאן דערמאָן דיך אן דעם ליעד.
סע: אוי וועלען מיר האבען א קאָפּ דאר־דאר־דאר־דאר־דארעניש.
קווארקווארקווארקווארעניש.
צוזאַ: דארעניש און קווארעניש, אז עס וועט אונז פארגעהן דער לוסט
מען: פון דער ליעבע, (אנשטאט ליעבע קריגט מען היעבע).

.2

ער: דער רייכער מאן לאַכט פון דער וועלט
זיא: ער קען טהון וואס איהם געפעלט
ער: אום דיא ליידענדע וואס פרעגט ער וואס!
זיא: אז ער לעבט אין איבערפלוס
ער: נאר באַלעווען דעם גאַנצען טאָג
זיא: איז זיין בעשעפטיגונג
ער: און ווילט איהר וויסען וואו ער נעמט
זיא: אזוי פיעל וואס ער ספענט.
דאס איז דעם אַרבייטערס קאָפּ דארענייש.
קוואַר קוואַר קוואַר קוואַרענייש.
אז יענער זאָל קריגען מיליאָנען
אונד ער אליין האט ניט וואו צו וואָהנען.

.3

ער: שעהן זיננען איז דאָך ווירקליך שעהן
זיא: דאס מוז איך אויך נעשטעהן
ער: און טאַנצען נאָך דאצו
זיא: געבען מיר אונז דיא גרעסטע מיה
ער: אָבער מאַכען דאס לידעל פלינק
זיא: דאס איז שוין ניט גרינג
ער: טראַכטען דענקען יאהר איין יאהר אויס
זיא: וויא צו קריעגען דעם אפּלויז.
דאס איז מיין קאָפּ דארענייש,
קוואַר קוואַר קוואַר קוואַרענייש.
אז מיר זאָללען אייך צופריעדען שטעלען
אז עס זאָל אייך נאָר געפעלען.

---

# תורת לשון אנגלי.

**פון אלכסנדר הארקאווי, א ענגליש־העברעאישע מעטהאָדע צו לערנען פון העברעאיש דיא ענגלישע שפראַך.**

פרייז 25 סענט.

# דער אונטערשיער.

דועט פאן

## הערדן מאקס אבראמאוויטש.

.1

מיר האבען א גרויסען גאָטט
און משה האט אויך איינעם —
א יעדער שרייט זיין גאָטט איז גרויס,
ווייל יעדער גלויבט אין זיינעם.
משה'ס גאָטט בעצאהלט מיט מכות
און אונזערער קען דאס ניט —
— אוי! אוי! אוי אוי! אוי!
און דאס איז צווישעןביידע דער גאנצער אונטערש״עד.

.2

אז א דיקע פליישינע יודענע
פאלט אריין אין א מילכיגען פאס —
און זיא מאכט זיך נאך דאבייא
דעם גאנצען קערפער נאס.
קען מען דיא יודענע נוצען,
דיא פאס אָבער ניט
— אוי! אוי! אוי! אוי!
און דאס איז צוויסען ביידע דער גאנצער אונטערשיעד.

.3

דיא יודען זיינען געשאפען
מיט אויגען, מיט נעז אויערן,
גראד וויא אללע מענשען
ווערען זייא געבוירען.
אָבער אין וואס קען מען זייא דערקענען,

אריב דאס איז א מצרי אָדער א יוד?
אוי! אוי! אוי! אוי!
און דאס איז צווישעןביידע דער גאנצער אונטערשיער.

.4

א פרויא איז אין דיא בעדער געפאהרען,
דאן שרייבט זיא צו איהר מאן:
מיין מאן איך האב א יונגעלע געהאט
און פיהל מיך גוט און פיין.
דער מאן שרייבט, ער האָט געהאט א מיידעל
און פיהלט זיך אויך גאנץ גוט —
אוי! אוי! אוי! אוי!
און דאס איז צווישען ביידע דער גאנצער אונטערשיער.

# דאס פוילישע אינגעל

## אין אמעריקא.

### פאן א. שיינקער.

.1

איך בין א אינגעלע פון פוילען,
נאָך אמעריקא געקומען,
מיט מיין קעפעלע דעם וואָהלען,
דיא שפראכע איבערנומען.
עס איז קיין שווערע זאכע,
מען קען עס ניט פערגעסען;
דאדעל־דוא א שפראכע
און פייא איזט איין עססען.
און האנדלען, איז פעדדלען בייא זייא
מיט א באסקעט פון עוורי טהינג;
צען שרייט: דהי אָלל בלעססער דיי,
וויל יו ביי, וויל יו ביי, וויל יו ביי סאָמטהינג.

.2

איך בין אין דער סטריט געלאָפען,
מיט מיין פּאַק אָלל רייט,
האָט מיר א לויפער אנגעטראָפען,
פרעגט מיך: דו יו וואָנט טו פייט
אי אסק איהם: וואס איז דאס?
טעלל מי איף יו פּליעס —
האָט ער מיר דערלאנגט א פּאָנטש אין נאָז
האָב איך באַלד פערשטאנען וואס דאס איז
איך האָב געמיינט איך בין פערביי,
הי בראָקעד אין מי עווריטהינג —
איך בין אַנטלאָפען מיט איין געשריי
וויל יו ביי, וויל יו ביי, וויל יו ביי סאָמטהינג.

.3

איך האָב אללעס פיר ליעב גענומען
איך בין געלאָפען דיא קאָפּ אראָפּ,
איז א פּאָליסמאן פון הינטען געקומען
און הי קיקט מי וויטה היז קלאָב.
עס האָט מיך געטהאָן ווייא;
איך פרעג איהם: וואט שאַלל איי דו?
נים ער אויף מיר א געשריי,
תעוו יו לייסענס דוירטי דזשוא.
פאר אללע סטאָרס פערביי,
האָט ער מיך געפיהרט אויפ'ן סטרינג.
איך האָב געבעטען, פּאָליסמאן לעט מי פריי.
טעהק אווייא, טהעק אווייא עווריטהינג.

.4

איך בין פון דזשייל ארויסגעקומען,
עס איז געוועזן ווינטער אין שטאדט,
האָט מיר א מיסעס אין באָרד גענומען,
וואָס זיא האָט קיין קינדער נים געהאָט.

אי טעל יו אי חעד א פלעזשור —
א ביוטיפול צייט פערטרייב;
דערנאך אָבער צרות אויפ׳ן מעזשור,
ער איז געווארען דזשעלעס אויף זיין ווייב.
דא האָב איך מכות געקריגען,
איך האָב שוין געשריען גענוג,
פעטש זיינען געפלויגען וויא פליגען
און הי טהוק אוויי, הי טוק אוויי עווריטהינג.

.5

איך בין אָבער א איננעלע פון פוילען
איך האָב קיין באסקעט מעהר,
בין איך געפאלען אויף א פלאן א וואוילען,
און בין געוואָרען איין אקטיאָר.
דאס איז דיא בעסטע זאכע,
מען האָט פיעל גוטע בריעדער.
פאָן מיינע פיינדע נעהם איך ראכע;
איך קריטיקער זיי אין מיינע ליעדער.
נו קומט זשע אָפטער צו געהן,
ברייננט נאָר מיט עווריטהינג —
ועל איך ניט ברויכען צו שרייען:
וויל יו ביי, וויל יו ביי, וויל יו ביי סאָמטהינג.

---

# עפטער דיא פעיר.

(נאך דיא טשיגאגאָער אויסשטעלונג)

צו זינגען מיט דער ענגלישער מעלאָדיע פאָן
עפטער דיא באָלל.

פערפאסט פאָן יצחק ריינגאָלד.

.1

עס האָבען זיך מענשען גליסען פאָרנעשטעלט.
ביי דער אויסשטעלונג מאכען פיעל געלד.
שיקאגאָ איז פרייליך עס קאָכט איבעראל,
מען קוקט ניט וויא טייער, מען שפרייט קאפיטאל.

עס יאָגען זיך מענשען פאָן יעטוועדער שטעלל,
דיא פעיר איז שוין אָפען, קינדער לויפט שנעל!
מען האַנדעלט מען וואַנדעלט אַ הין און א הער,
דאָך וואס איז געוואָרען, עפטער דיא פיער?

קאָהר:

עפטער דיא פעיר איז אָווער, דאס פריילִיכקייט איז אוועק,
לייט נעמען געלד איבערצעהלען, „וועה אונז" וואס איז פאר א שרעק?
עס האָט אונז געקאָסט א'ן אוצר, דאצו נאָך געארבייט שווער.
גיוואלד! אונז קומט אויס באנקראָטירען, עפטער דיא פעיר.

.2

דאָרט אויפ'ן קאָרנער דער זעכציגסטער סטריט,
נעמט זיך אָן איינער, צו מאַכען פראָפיט.
ער לייעט א פערמעגען, און בויט איין האָטעל,
פראָצענט ניט ער דאָפּילט, מע רייסט איהם א פעל.
נור ער איז זיכער, עס לוינט זיך דאָס געשעפט;
דאָך וואס איז איצטער? אנו נאָר טרעפט?
דער האָטעל שטייט ליידיג, דיא ביזנעס געהן שווער,
נו וואָס איז איהם געבליבען, עפטער דיא פעיר

קאָהר:

עפטער דיא פעיר איז אָווער, האט ער דערשפירט דיא נויט —
קרעדיטער פאָן אללע זייטען, רייסען פון איהם דיא הויט!
ער זעהט אז ער איז פערלאָרען, דאָ זיין קען ער ניט מעהר.
אנטלויפט ער קוים מיט דער נשמה, עפטער דיא פעיר.

.3

פון נויאָרק קומט איינער, און בריינגט מיט זיך מיט
א כלה א רייכע, וואס שטאַרבט נאָך זיינע טריט.
דאָך ער איז בעסער פערליעבט אין איהר געלט...
ער האלט פון דעם ווערטעל: „געלט איז דיא וועלט",
א פלאַן איז ביי איהם, שוין פאַרטיג געגרייט,
ער זאָגט איהר „מיין לעבען, יעצט איז דיא צייט
א סטאָרקע צו מאַכען; גיב דיין געלד אהער —
הייראַטען וועלען מיר עפטער דיא פעיר.

קאָהר:

עפּטער דיא פּעיר איז אָווער, קיין ביזנעס האָט ער געמאַכט
און איז מיט איהר געלט פערשוואונדען אזוי וויא א זומער נאַכט.
זיא וואָלט איהם געוואָלט נאָכלויפען, זיא האָט אָבער קיין געלט מעהר,
אוי! בלייבט זיא אויף גרויסע צרות — עפּטער דיא פּעיר.

4.

צווישען דעם פּובליק, אויף דער וואָרלד׳ס פּעיר,
מערקט נור דאָרט יענעם, ער לויפט הין און הער,
ער גייט מיט א סטאָוו פּייפּ, דיא העמד אויסגעהעפט;
א קעט מיט א זייגער, נור וואס איז זיין געשעפט?
אזוי איהר ווילט וויסען? דען קוקט זיך גוט איין,
וויא זיין האנד בלאָנדזשעט אין יענעמ׳ס טאַש אריין.
דאַ קומט א פּאָליסמאַן און זאגט אים: „מיין העררי“
דיך דאַרף איך נייטיג, אויף עפּטער דיא פּעיר.

קאָהר:

עפּטער דיא פּעיר איז אָווער, האָט מען איהם אין קאָרט געבראַכט,
„איך קען דיר דאָ טהון א טובה“ זאָגט איהם דער דזאָדש און לאַכט.
דו זיי נאָר ניט הארטלייביג . . . דיא אפּותיקי גיב אהער,
וועסט דוא פרייא בלייבען א גנב. . . עפּטער דיא פּעיר.

---

# דיא בויערי אין נויאַרק.

## געזונגען מיט דער ענגלישער מעלאָדיע.

אָריגינאַל פערפאַסט

פאַן יצחק ריינגאָלד.

1.

נויאָרק איז א שטאַדט, אָ וויא שיין און וויא גרויס.
איבערהויפּט דיא בויערי, צייכענט זיך אויס.
מיט שווינדלער, גנבים, גאָר אָהן א צאהל,
וואָס מע טרעפט מאַססענווייז דאָרט אללע מאָל.

ווען איך בין אלס גרינער אין דער בויערי אריין,
האָב איך געטוואָרען, מעהר דאָרט ניט צו זיין.
עס מענ מיר דאָרטען דאָס גרעסטע גליק שטיין,
אָ קום איך אהין שוין ניט מיין.
וויל, דיא בויערי, דיא בויערי,
האָט מיר געמאכט קריינקען,
איך וועל לאנג גידיינקען
דיא בויערי, דיא בויערי,
אָ מעהר וועל איך אהין ניט געהן.

.2

איך וועל אייך דערצעלען, מיין אונגליק מיין פּלאָג,
ווען איך האב געפּעדעלט, מיט מעטשעס א טאג,
און בין אָפּ געלאָפען א צעהן, צוועלף בלאָקס,
שרייענדיג: „מעטשעס א ניקל א באָקס"!
טרעפט מיך אָן פלוצלינג, א לויפער א שרעק!
און נעמט ביי מיר סחורה און לאָזט זיך אוועק.
איך שריי: „בעצאָהל מיר"! נאָר ער ענטפערט פליין,
„געה!" זאָנסט קריגסטו אין דיא ציין"...
דיא בויערי, דיא בויערי,
איז פול מיט גנבים,
מיט שווינדלער, מיט כלבים,
דיא בויערי, דיא בויערי,
אָ מעהר וועל איך אהין ניט גיין.

.3

וויא נור איך געה פון איהם אפּ א פּאָר טריט,
חאפּט מיך א באנדע אריין אין דער מיט...
נור איך ר' חיים, בין חלעבין קיין נאָר,
און וויל מיך נוקם זיין אין זיי דערפאַר.
וויא איך גיב איינעם בעקום איך באַלד דריי,
איך גיב א קוק אז איך בין דאָ פערביי.
אוי! האָט מען מיר געבראָכען א ביין...
אַז איך בין אוועק מיט געוויין.
דיא בויערי, דיא בויערי,

רוצחים באנדיטען,
גאָט זאל שוין היטען.
דיא בויערי, דיא בויערי,
אָ מעהר וועל איך אהין ניט גיין.

.4

אזוי וויא איך געה מיר פארביי דאָרט א שאָה,
טרעפט מיך אָן איינער און זאגט מיר האַללאָה!
און מיט צוויי ווערטער באקענט ער זיך מיט מיר,
און רופט מיך אין א פּלאטץ טרינקען א ביער.
איך טרינק דעם ביער אויס, ער לאָזט מיך ניט א היים
און פרעגט מיך אויף ענגליש „וויל יו פליי א גיים?"
און איידער איך האב מיך ארום געזעהן,
איז מיין געלד געבליבען בייא עם...
דיא בויערי, דיא בויערי,
א קבצן, בלייבט חיים,
חאָטש שריי חי וקים,
דיא בויערי, דיא בויערי,
אָ מעהר וועל איך א הין ניט געהן.

.5

איך הייב מיך שוין אויף, זיך לאָזען אהיים,
פלוצלינג! אָ ברידער, וואָס זאָגט איהר צו דעם?
א רעש פון פּאָליס האָב איך זאָ גלייך דערהערט,
„אין קאָרטען שפּיעלען איז היער שטארק פאַווערט"
אין קאָרט הויז, פיהרט מען מיך גאָר אָן געוואלד,
און מען שטראָפירט מיר א צענעריל באלד.
עס העלפט ניט וואס איך שריי, „איך בין געמיין"
מען פיהרט מיך אין חדר אריין.......
דיא בויערי, דיא בויערי,
אין דזשייל דעם ריינעם —
צו זיין ווינש איך קיינעם.
דיא בויערי, דיא בויערי,
אָ יטעהוי וועל איך אהין ניט געהן.

# גוואלד עס איז א שלעכטע צייט

פון דיא טהעאטער־שטיק

## דער גרינער שוסטער.

געזונגען מיט דער מעלאָדיע פון דיא בעוואוסטע ענגלישע ליעד
„קלאמינג אָף דיא גאָלדען סטעז“.

פערפאַסט פאָן א. ש י נ ק מ א ן.

1

א וועלט איז היינט געוואָרען,
פאָן שווינדעל זיך ערנערען.
אויף שווינדעל שטעהט דיא וועלט.
דער עהרליכער ווערט פערפיהרט,
און דער שווינדעל עקסעטטירט,
ווייל ער שווינדעלט אויס דאס געלד.
ער לעבט זיך גליקליך צופרידען,
ווייל ער איז קלוג און געשייט,
און ווען איהר ועט מיט איהם ריידען,
זאגט ער, געוואלד עס איז א שלעכטע צייט.

2

א געשריי א געוואלד,
מען ארבייט פאר האלב געהאלט,
דיא צייט איז זעהר שווער.
יעדערער וויל נאר קוקען,
דעם ארבייטער צו אונטערדריקען,

מען זאָל וועהן א מיליאָנער.
דער באָס לעבט פריי אָן קומער,
ער שפּיעלט זיין ראָלע געשיים,
אבער דער ארבייטער קרעכצט נעבעך אימער.
אוי, געוואָלד עס איז א שלעכטע צייט.

3

און אז דעם באָס ווערט שווער,
ער האט קיין ארבייט מעהר,
ער האט שוין פול זיין סמאַק,
שיקט ער זיין פּיסקאל,
אויפהעצען דעם ארבייטער איבעראל,
זיי זאָלען מאכען א סטרייק.
זיי זיינען וואוילע יונגען,
געגען דיא ארמע ארבייטס לייט,
דער באַנקראָט איז זיי געלונגען
און זיי שרייען, עס איז א שלעכט צייט.

4

א יונגער מאַן געהט מיט א מיידעל,
ער בעהאנדעלט זיא ניט איידעל,
זיא שרייט עס איז ניט שיין.
דוא זאָלסט דיין וואָרט ניט ברעכען,
דוא זאלסט נאר האלטען דיין פערשפּרעכען,
ווארום איך קאָן שוין אויף דער גאס ניט ניין.
ער פיהרט זיא ביז צום לעצט,
ער האלט שוין נאר ניט ווייט,
היירא̇טען זאגט ער קאָן איך ניט יעצט.
ווארום גוואלד עס איז א שלעכטע צייט.

5

א יונגער מאַן א העלד
ער פערדינט א סך געלד,
נעבילדעט נאָר א שרעק.
זיין ווייב האט פון איהם קיין נוצען,
ווייל ער האט דאָרט אן אנדערע זיצען
און טראָגט אלעס־דינג אוועק.
מיט דיימענטענע רינגען אויף דיא פינגער,
וויא אלע רייכע לייט,
ווייב און קינדער שטאַרבען פאר הונגער,
ער רעט זיי איין, אז עס איז א שלעכטע צייט.

6

אן אלטער מאַן האט א שעהן ווייבעל,
ער האלט זיא וויא איין טייבעל,
אבער זיא האָט איהם גאר ניט ליעב.
דא וויל פון איהם גאר ניט וויסען,
ער קאן פון איהר גאר ניט געניסען....
ווייל זיא האט א יונגען באָרדער אין שטוב.
זיא פערברייננט נאָר מיט דעם באָרדער אליין,
זיי זיינען ביידע אָלל־רייט.
און ווען דער מאַן קומט צו איהר צו געהן,
שרייט זיא, ביי מיר איז היינט דיא שלעכטע צייט.

7

און אויף דיא לוסטיגע אקטאָרען
ווער קאן דאס נאָר קלערען,
אז זיי ליידען מאנגעל און נויט.
און פריילעך זיינען זיי איטער,

וואוינען אין שעהנע מעבלירטע צימער
אין טראגען דעם הויכען צילענדער הוט.
זיי געהען אויף דער ביהנע שפיעלען
מיט פערגניגען און פרייד,
אבער נעהט הערט וויא זיי קרעכצען אין שטילען.
אוי! גוואלד עס איז א שלעכטע צייט.

8

הערט אויס פריינד געשווינד
א מיטעל האב איך אצונד
איך האָפפע דאס איז זעהר גוט.
דיא צייט זאָל אוועק ניכער
זאָלט איהר קומען לעזען ביכער
אין 35 לודלאָוו סטריט.
פערשידענע ביכער וועט איהר קריגען,
האָלט נאר דעפּאזיט גרייט,
וועט איהר האבען פערגנעניגען
און וועט ניט וויסען פון קיין שלעכטע צייט.

ע נ ד ע

# דער יתום.

(דאס ליעד פֿאן קאטאָרושניק).

1.

יס בלאָנדזשעט אַרום אַ מענטש אין דער וועלט
ער געהט פֿאָן לאַנד צו לאַנד,
ער ליידט נעבאַך שטענדיג הונגער און קעלט
און איז צו שפּאָט און צו שאַנד.
קיינער האָט מיט איהם קיין מיטלייד ניט,
קיינער האָט איהם ניט ליעב
סיא דריקט איהם סיא שטיקט איהם אויף יעדען טריט
סיא לאָזט איהם נישט אין קיין שטוב!
ווער ביזטו עלענדער? פֿרעגט מען איהם —
פֿאַר וואָס האָסטו קיין בערוהטע שעה?
איין תירוץ ענטפֿערט ער אום אונד אום:
„איך בין אַ יתום מיין פֿאָטער איז נישטאָ“.

2.

מיט אללע מאָהל בין איך עלענד געווען
ביז שטענדיג האָב איך אונגליק געפֿיהלט,
פֿיר יאָהרען צוריק ווען איהר וואָלט מיך געזעהן
וואָס פֿאַר אַ ראָליע איך האָב געשפּילט.
מיין פֿאַטער האָט מיך צערטליך געליבט
אין גאָלד האָט ער מיך בעקליידט.
ווען יעמאַנד האָט מיך נאָר בעטריבט
און מיין שטראַפֿפֿע געווען שאָן גרייט.
ווי אַ שיינע בלומע האָב איך געבליהט
איך האָב ניט געהאַט קיין שלעכטע שעה

דיינס פֿערגיססט מאַן ווי וואַססער מיין בלוט,
ווייל איך בין אַ יתום מיין פֿאָטער איז ניטאָ.

3.

אַ נאָמען האָב איך גיהאַט אין דער וועלט
פֿאַר מיר האָבען זיך פֿירסטין געבויגין
ווי שענסטע מיידלאַך מיט מיליאָנען געלט
האָבען מיר צו זיך געצויגען.
אין גאָלדענע פּאַלאַצין האָב איך געוויינט
אַללע האָבען מיר חניפֿות גיגעבין
אין אַ קעניגליכע קרוין וואַר איך בעקרוינט
איך האָב פֿערבראַכט אַ גליקליך לעבין.
דער גליקליכסטער בין איך [illegible] געווען
איך בין דיקער געוואָרען יעדע שעה,
היינט מוטשעט מיך ווער נאָר קען
ווייל איך בין אַ יתום מיין פֿאָטער איז ניטאָ.

4.

פֿעהרענד דיא וועלט איז נאָך געווען בליטי
אַללע ווינען אין דער פֿינסטער געזעססין,
ווערענד מיא האָט צו אָקסין געדינט
און איינער האָט דעם צווייטען געגעסין.
בין איך שאָן דאַמאַלס העכסט קלוג געווען
און האָב ערקענט דעם גרויסין גאָטט,
וועלכער פֿיהרט דיא וועלט גאַנץ אַליין
און שאַפֿט איבער לעבין און טאָדט.
איך האָב אַללע צופֿערשטעהן געגעבין
אַז גאָטט הערשט אין הימעל און דאָ,

יעצט פערוויסטען אַללע מיין לעבין
חייל איך בין אַ יתום מיין פֿאָטער איז ניטאָ.

ו.

האָט רחמנות מענטשען! האָט מיטליד מיט מיר!
געגוג שאָן טרינקען מיין בלוט,
עפֿינט שאָן אויף פֿאַר מיר דיא טיהר
לאָזט מיך אין שטוב, פלאַגט מיר שאָן ניט,
בעטראַכט זיך נור מיט אַ ריינעם פֿערשטאַנד
פֿאַרוואָס טרייבט איהר מיך פֿון זיך אַוועק,
שטרעקט מיר אויס פֿריינדליך דיא האַנד
און מאַכט צו מיינע צרות אַ-נ-עק.
איך וויל אַרבייטען פֿערדינען מיין ברויט
לאָזט מיך האָבין חאָטש איין גוטע שעה,
האָט רחמנות! איך בין שאָן האַלב טויט
אָ! איך בין אַ יתום מיין פֿאַטער איז ניטאָ!....

---

# דאָס איז פֿאַרין רובל.

1.

אַן אָרים יודעלע בין איך,
אויס געראַרט און ניט געוונר,
אין פּאַקעט געפֿינט זיך אַ רות,
און דער צו נאָך ווייב און קינד,
געפֿין איך מיר אַ מיטעל,
פֿאַרין פּריץ דאַס היטעל,
נאָ האָט מיר קיין פֿאַר איבעל,
דאָס איז פֿאַרין רובעל.

2.

גענלאַנט שטאַרק בין איך תמיד,
ווער איך בין ווייס מען נים,
ווער איך אַ חזן ביים עמוד,
האָטשע זינגען קען איך נים,
דער עולם איז פון אייזען,
נאַ דיר גאָר אַ חזן,
נאָ האָט מיר קיין פאַר איבעל,
דאָס איז אַלץ פאַרין רובעל.

3.

אַ שניידער ווער איך גאָר גרינג,
האָטשי איך האַלט קיין נאָדעל אין האַנט,
אַ ווייוועסקי, איך בין אַ וואָהלער יונג,
איך שנייד שאָן צו געוואַנט,
און פרעגט וואָס קען איך,
אַז איך פרעס פאַרברען איך,
נאָ האָט מיר קיין פאַר איבעל,
דאָס איז אַלץ פאַרין רובעל.

4.

אַן אַדוואָקאַט ווער איך גאָר אָן קונץ,
אַבי דאַס ביכעל אין דער האַנט,
מע טראָגט מיר פון אַלע זייטען מיט,
איך ווער איבעראַלל בעקאַנט,
דאָס פראָצעס פערשפיעלט ער,
און געלד נעהמט ער.
נאָ האָט מיר קיין פאַר איבעל
דאָס איז פאַרין רובעל.

6.

פלוצלונג נעהם איך מיר אַ ווייבעל,
דעם גרן הייס איך מיר געבען באַלד,
יעדער מיינט זיא איז שעהן וויא אַ טייבעל,
צום סוף איז זיא גראָה און אַלט,
פרעגט מיר מיין טאַטע—אַזאַ אַלטע שמאַטע
נאָ האָט ניט קיין פאַראיבעל,
דאָס איז אַלץ פאַרין רובעל.

---

# דאס קען מען ניט פערלאנגען.

1.

פאַלש איז היינט דיא וועלט,
קאָמפלימענטען הערט מאן כסדר
דאַרויף איז היינט דיא וועלט געשטעללט,
דאָס מאַכען קאָן אַיעדער,
נאָר ליעבע טרייע איז איבעראַלל,
אָן דעם האָט זיך ניט אָנגעפאַנגען,
נאָר וויא עס קומט נאָר צו דעם פאַלל!.....
דאס קען מען ניט פערלאנגען.

2.

ווען איינער דאַרף בייא אייך נעהמען געלד,
ווערט ער אייך אַ גוטער פריינד,
ער ליעבט אייך איינס נאָר אין דער וועלט,
דאס ווייסען אַללע היינט,
ווען ער דאַרף דאס געלד בייא אייך נעהמען אַריין
וואָלט ער זיך פאַר אייך געהאַנגען,
נאָר ביים אָפּגעבען, צוא איז ער אויך אַזוי,
נאָ, דאָס קען מען ניט פערלאנגען.

3.

שפּאַצירען אַ דאַמע האָב איך געזעהן,
געבליבען בין איך אויסען,
ווייס וויא שנייא איז זיא געוועזן,
דיא געקלאַך וויא רויזען,
פֿאַר שעהנקייט יערער נאָך איהר שטאַרבט,
מיך האָט זיא אויך אין איהר נעץ געפֿאַנגען,
נאָר צו דיא באַקען וענען ניט געפֿאַרבט?
דאס קען מען ניט פֿערלאַנגען.

4.

צום רבין מענשען זעה איך פֿיעל,
מיט פּדיונות זיך יאגען,
יעדער האָט דאַבייא אַ ציעל,
דער רבי זאָלל איהם צו זאגען,
דאָס געלד נעהמט ער בייא אַללע צו,
דיא וואָס וענען צו איהם געגאַנגען,
נאָר צו עס ווערט מקויים דאס וואס ער זאגט?
אַ דאָס קען מען ניט פֿערלאַנגען.

5.

דעם פּובליקום בין איך טרייא,
פֿינעם גאַנצען הערץ איבערגעבען,
וואָס איהר פֿערלאַנגט שטעהט אייך פֿרייא
אָב געפֿעהלין איז מיין שטרעבין,
איך ושאַלעווע ניט פֿאַר אייך מיין מית,
און איך בין זיננען ארויף געגאַנגען,
נאָר איך זאָל אייך זיננען ביז אין דער פֿרית?
דאָס קענט איהר ניט פֿערלאַנגען.

# א געלעכטער.

(פאָן קאַפּצענזאָהן עט הונגערמאַן)

1.

יעדער מענש אויף דער וועלט
וואָס טהוט דען ניט אין אַ נויט
דער טהוט עס צוליעב דעם געלט
דער, צו ליעב אַ שטיקיל ברויט
אפילו דער גרעסטער עושר
געהט פון דער ראָללע נישט ארויס
דער שווינדעלט דער נאַרט אויס
דער טהוט עס כלומערשט מיט יושר
דער שווינדעלט דער נאַרט אויס
ס'איז אויך קיין פלאַן קיין שלעכטער
איך קאַך אויס פאַר געלעכטער ח ח ח ח ח ח

2.

דאָרט זעהט, איין אַדוואָקאַט
איינס נאָר אין דער וועלט
נאָר אין אַ קורצער צייט
לאָרט ער אויך דאָס געלד
ער לאָרט עס באמת אויס
ביים סוחר ביז אין איין פרוטה
ער שטעלט אָבער אויך ארויס
דעם קליענט אַ פייג אַ גוטע א. ז. וו.

3.

אַ שרייבער אַ גיטיינער
ניהאַלט נעמט ער גאָר ווייניג
וויא קומט עס פרעגט נישט קיינער
וואָס ער לעבט זיך וויא אַ קעניג
ווייל מיט דער רעכטער האַנד דער פריטער
ווען ער תאַלט דיא פעדער

מאַכט ער מיט דער לינקער

אָט אזוי גסדר א. ז. ח.

4.

איינער האָט א מאַגאַזין

שיין גאָר אָט צו מאַתלען

וואָס טהוט ער אַז צום טערמין

האָט ער נישט צו באַצאָהלען

ער צינדט עס אונטער אָם ענדע

און מאַכט אַ גוט געשעפט

און מאָנט בייא דער אַנענדרע

ראָפּעלט וואָס דאָס באַטרעפט. א. ז. ח.

5.

פאַר ליעבט אין אַ יונגען מאַן

אין איין אַלטע דאַמע

עס וואָלט איהר גיכער געפּאַסט צו זיין

פאַר איהם אלליין אַ מאַמע

זיא גיט איהם עשירות

ביז אין דער לעצטער קלינגער

און ער נעמט בייא איהר דיא לירעס

און שענקט אַוועק אַ יונגער, א. ז. ח.

6.

איין אַלטער אַלטן דאָרט

נעמט נאָך גאָר אַ יונג ווייבייל

זיא שווערט איהם אויך איהר וואָרט

אַז זיא ליעבט איהם וויא אַ טייבעל

ער בריינגט זיך אויס דער אַלטער

און טהוט זיך כל העצות

און זיא קושט זיך מיט דעם בוכהאַלטער

הינטער ווינע פּליצעס. א. ז. ח.

# דאס בלימעלע.

אויף דער פעלד אלליין,
ועה איך דארט שטעהן,
א בלימעלע געפאַלין בייא זיך,
עס ברענט דאס דיא זינן,
און דיא בלעטלאַך דערפין,
וענין אַזש טריקען און בלייך,
און דיא ערד איז אַזוי האַרט,
דאס קערענדיל איז פאר דאַרט,
וייל קיין רעגין קיין טויא אויף דעם פאלם,
און דער ווינט פלאַגט דאס אויך,
שוין איבער דעם כח,
פאַר דאָרשט פאַלט עס צו דער ערד שוין באלד,
דאָרט ועה איך גיסט,
אַזוי שטאַרק און פליסט,
אַ רעגין מיט אַ זין אזוי פיין,
איך לויף צו צו דעם אָרט,
ועה איך אַז דאָרט,
וואַקסט גאר אַ פראָסטער בוריאַן,
וויהין לויפסטו דוא רעגין,
וואס קענסטו איהם טויגין,
איך וייס נישט צו וואס דוא איהם ניצסט,
איז ער דען נישט וויא פריער,
אַלץ בייא דעם קאָליר,
פון דער גראָבהייט האָסטו איהם גאר ניט געפיצט,
און פון דעם בלומעלע דער ריח,
ניט מענשען צו כח,
פאַר דעם ביסטו רעגין נישטעלט,
און מיט דעם בלומעלע שטאָלצירט,

ראַמען קאַוואַלירען,
מיט איהר שיינהייט בעשיינט ויא דיא וועלט.
וויא איך האָב גיגעבין א בליק,
אויף דעם בלימעלע אַ קיק,
אין מיינע צרות האָב איך מיך דערמאנט,
וויא דאַס שטעקעלע איז הייל,
דיא בלעטעליך וויא קויל,
ווענין פֿערשפערט, פֿערברענט,
און אזוי בין איך יעצט גיפֿאַללען גיזעצט,
ווייל דיא אַרמוטה ברענט מיך אָן אַ שיער,
מיינע רויזין אָנגיוואָהרין,
מיין שענהקייט פֿארלוירין,
ווייל דאס גליק איז וויים אוועק פֿון מיר,
דאָרט זעהט נאָר זעהט,
וויהין דאַס גליק גייט,
צום פראָסטין, צו דעם גראָביאַן,
וואָס ער האָט אויף זיין לעבין,
קיין נדבה גיגעבין,
אַ מענשענפיינד אַ שלעכטער טיראַן,
ווער שיקט דיך אַהין,
וואָס האסטו דאָרט צו טהין,
פֿיין מאַכין ווילסטו איהם נאָר,
וואס ער חיבט אָהן רחמנות,
יתומים, אלמנות,
בייא דעם בלייבט ער, דאס איז זיין נאַטור,
נוא קום ושע קוס דוא-גליק,
צו דעם בלימעלע צוריק,
דא פאסטו, דא חיבט מען קיין געלד,
און פֿון מיר, פֿון מיין ביסען,

קענען אָרמע געניסען,
איך ווילל גאָטס טהאָן אויף דער וועלט.

# חד גדיא.

1.

דאס יודעלע ראַשט זיך מיט דעם פסח, ער לויפט און קויפט סאַ געוואַלד,
ער מעג יא האבען, און מעג ניט האבען, עס ווערט באַשאַפין באַלד,
עס איז גאָר אַ תענוג מיט אונזערע יודין,
ווען עס קומט דיא סדר נאַכט,
אָן אַללע צרות פערגעסט ער און ער איז צופריערען,
ער קוועלט גאָר, טייעט און לאַכט,
וויא אַ מלך זיצט ער זיך אויפין העסע בעט,
און נעהמט אַרום דיא אשתה וויא אַ מלך און ניט איהר אַ גלעט,
און ליגט צו שפּריט, און זינגט זיך ברייט, חד גדיא,
אונד דיא אשתה זיא, פלעסקעט צו, חד גדיא.

2.

דער רבי איז פערטראָגען אין זיינע דרכים, וואס ווייסט ער פון אַ וועלט,
צו ליגען אין הימעל און האָפין מלאכים, דער צו איז ער נישטעלט,
עס איז גאָר אַ תענוג מיט אונזערע יודען,
אַז עס קומט דיא סדר נאַכט,
אין דיא מלאכים פערגעסט ער, און איז צופריערען,
ער קוועלט גאָר און טייעט און לאַכט,
אויפגיליינט ועצט ער זיך אויפין עסעבעט,
און בגניבה האַפט ער ביא דיא רביצין אַ גלעט,
און ליגט צו שפּרייט, און זינגט זיך ברייט, חד גדיא,
מיט אַ רוינעם מוח, זינגט ער הויך, הד גדיא,
ווער איז איהם גלייך, ער איז דאָך רייך, חד גדיא,
און דיא רביצין זיא פלעסקעט צו, חד גדיא.

3.

ראס ווייבעל געהט אין ספאָדוק און דער מאַנן איז בייא איהר אַציגעלע גאָר,
ער ברענגט איהר מתנות און זיא איהם נישט אַ גאַנץ יאהר,
עס איז גאָר אַ תענוג מיט אונזערע יודען,
אַז עס קאָמט דיא סדר נאַכט,
זיא הערט אויף צו שרייען, זיא איז צופריעדען,
אין קוועלט גאָר און טייעט און לאַכט,
אָט טהוט ער אָן דעם ספּאָדיק אויפין העסע בעט,
און זיא ווערט גאָר אַ דימענט און גיט איהם אַ גלעט,
אוי לעמעשקי, ליגט ער צו שפּרייט און זינגט זיך ברייט, חד גדיאָ,
מיט אַ ריינעם מוח, זינגט ער הויך, חד גדיאָ,
ווער איז איהם גלייך, ער איז גרויס און רייך, חד גדיא,
און דער ספּאָדיק זיא, פּלעסקעט צו, חד גדיא.

4.

דער בעל עגלה אַ גאַנץ יאַהר האָרעוועט גלייך מיטין פערד,
ער ליידעט זיך אָן פון היץ און קעלט, וויא אַ באַרג ליגט ער אין דער ערד,
עס איז אַבער דאָך אַ תענוג מיט אונזערע יודען,
אַז עס קאָמט דיא סדר נאַכט,
אָן דיא פערד פערגעסט ער און איז צופריעדען,
ער קוועלט גאָר און טייעט און לאַכט,
האָפּ, מיט דיא שטיוואַלעס אַרויף אויפין העסעבעט,
און נעמט אַרום דיא שזינקע און גיט איהר אַ גלעט,
און ליגט צו שפּרייט, אונד זינגט זיך ברייט, וויאָ! חד גדיאָ,
מיט אַ ריינעם מוח, זינגט ער הויך, וויאָ! חד גדיאָ,
ווער איז איהם גלייך, ער איז גרויס און רייך, חד גדיאָ,
און דיא שזינקע זיא פּלעסקעט צו, וויאָ! חד גדיאָ.

5.

און ווער עס האט נאָר ליעב דעם פּסח, האט ער איהם אַלע מאָהל,
אין ירשין טעאטער זאָללט איהר קומען יודעלאך אָן אַ צאָהל.

װעט איהר װיסען פֿאָן תענוג אונזערע יורען,
פונקט װיא אין אַ סדר נאַכט,
אָן אַללע צרות פערגעסט איהר, איהר װענט צופֿריעדען,
איהר קװעלט גאָר און טײעט און לאַכט,
דיא קאַססע איז דא דיא העסבעט,
װען איהר באַװאָרינט אײך פֿריער מיט אַ גוטען בילעט,
ליגט איהר צושפרייט און זינגט נאך ברייט, חד גדיאָ,
מיט אַ ריינעם מוח זינגט איהר הויך, חד גדיא,
דאָ איז אַללע גלייך, אַרעם אונד רייך, חד גדיא,
און דאַס מיידעלע זיא, זינגט אויך צו, חד גדיאָ.

---

## מע מיינט נישט דיא הגדה, מע מיינט נאר דיא קניידלאך.

1.

אַ רעש, אַ גוואַלד אין אללע גאַסין,
עפּעס רעדין הער איך דאָרט,
דאס קען זיך צו יערען פּאַסין,
ס'איז אויך זעהר אַ װיכטיג װאָרט,
אויך דאס צו הערין איז זייער שיין,
הערט דאס איצט פֿין מיר אַלליין,
דאס רעדין יורין, װייבער, יונגלאַך אונד מיידלאַך — ביס
אַז מע מיינט נישט דיא הגדה, נאָר דיא קניידלאַך. —

2.

דאָרט געהט אַ באַבע אויף דעם שפּאַציר,
מיט אַ יונגען קאַװאַליער,
עס דאַכט זיך איהר, דער אַלטער צרה,
אַז דער יונגער מאַנן איז נאָך איהר דיא כפּרה,
איז דען דער יונגער מאַנן אַראָפּ פֿון זינען?
קען ער דען קיין יונגע נים געפֿינען?

נאָר ער זאָגט זיא וועט ער נישט פאַרבייטין פאַר דיא יונגע מיידלאַך, ביס
נאָר ער מיינט ניט דיא הגרת (די אַלטע) נאָר די קניידלאַך (דאס געלי)—

3.

איין אַלטין מאַנן ועה איך מתנות גיבען,
א מיידיל זאָלל איהם חאָטש אביסיל ליבען,
דאס מיידעל האָט דוקא גיהאַט שכל,
אונד האַט דעם אַלטין גוט פֿעה רייט דאס מוחיל,
דיא נאַרט נאָר דאס געהט ביים אַלטין אויס,
עפֿינט זיא דיא טיער אונד וואַרפֿט איהם אַרויס,
נוא איצט איז איהם געבראכען דיא אָקס מיט דיא רעדליך, ביס
ער איז גיבליבין אָן הגרה (געלט) און אָן קניידליך (אָן דעם מיידיל) —

4.

דער אַקטיאָר נעהט אויף דער ביהנע שפילען,
אין פאַקעט מעג ניט זיין אפילו א גילין,
אַבי דאַס פובליקום אפלאָדירט איהם ניט,
שפילט ער נאָך מיט מעהר אפעטיט,
נאָכין שפילען זוכט ער דאָס ביסעלע מעות,
ער ווילל עססען, אונד האַט ניט וואָס,
אין דען דער אַפלאָוס פיר איהם ניט שענדליך, ביס
וואָס טויג אים דיא הגדה (דאָס פלעסקין) אז ער דאַרף קניידלאך (עסין) —

# אז מען גיט נעמט מאַן.

1.

מיין ווידע האט מיך פֿאַר זייז טוים
בוזאגט אין אויער אריין,
אַז דוא ווילסט זיין קינד, פֿאַר היט פֿאַן מיט
זאלסטו פֿאָלגען, קינד, מיין פלאַן,
לייען זאָללסטו נור און באָרטען,
און צאַהלען ווען עס ווערט זיין.

אַיי ווּא בעלי חובות וועלען זאָרגען ?

דוא שיק זייא אין באָר אַריין.

פֿרעג איך איהם, שטייטש ויידענו, איך האָב דאָך גענאָמען געלד וויא בעצאהלט מען ניט ? זאָגט ער מיר, נאַר, איך וועל דיר גע-בען אַמיטעל, וואס דוא וועסט פֿרייא ווערען פֿאָן דיא חובות: אַז מיוועט דיך קאָמען מאָנען, זאלסטו דיך געבען אַשנאָל, און צו לאָזען אויף אַקול, אוי וועה געוואַלד ! אַז מען גיט נעמט מען אַפילו דער רב און דער חזן און דער שמש האַלטען איך פֿון דעם פסוק, אַז מע גיט נעמט מען.

2.

אַ יונגער מאַן פֿון אַכטצעהן יאהר,
פֿערליעבט זיך אויף דער גאַסס
אין אַ מויד פֿון אַלרע שוואַרצע יאָהר,
און זיא מאַכט מיט איהם נור שפּאַס,
ער גנבעט געלד בייא זיין פֿאָטער,
און טראגט עס איהר ארויס,
און זיא איז גערן זיינער פּטור,
נור דאס געלד נאַרט זיא בייא איהם אויס.

דער פֿאַטער זעהט אַלץ וויא עס פֿעהלט איהם געלד פֿון דער קאַססע און ער וויים ניט ווער עס גנבעט דאס געלד, קורץ ער האט גיקעטשט דעם בחור בייא דער קאַססע, האט איהם דער בחור איינער אלליין דער ציילט, אַז ער גנבעט בייא איהם געלד אונד ער טראגט עס דער מויד אַרויס, דער פֿאטער האט איינגע-קלאגט דיא מויד, און מיהאָט זיא געבראַכט אין דער קאָרט, זאָללט איהר גיוועז זעהן וויא דיא מויד האט זיך גענעבען אַשנאָל, און צולאָזט אויף אַקול, אוי וועה געוואַלד אוי, אַז מען גיט נעמט מען, אפילו דער רב און דער חזן און דער שמש האלטען אויך פֿון דעם פסוק, אַז מען גיט נעמט מען.

3.

פּלוצים זעה איך טענשען אַ מאַסע,
פֿיהרען אַ גנב דאָרט,

אויף געבראָכען האט ער אַ קאַסט,
מעפּיהרט איהם אין דער קאָרט,
ער גנבעט שוין דאס דריטע מאָל,
און פּלעג זיך אַלץ אויס דרייען,
יעצט פּיהרען איהם מענשען אָן אַ צאָל,
דער גנב קען שוין ניט גישעהן.

מיהאט דעם גנב גיבראַכט אין דער קאָרט, און איך בין נאָך ניטאַנגנען זעהן וואס קען דער גנב זאגען, מיילע דיא מויר האט גיזאגט אַז מען גיט נעמט מען, האט זיא זעהר גוט גיטהון, דער שוטה האט גענעבען און זיא האט גענאָמען, אבער וואס וועסטו גנב זאגען? אין קורצען, זאָללט איהר גיווען זעהן, וויא דער גנב האט זיך גיגע-בען אַשנאָל, און צו לאָזט אויף אַ קול, אוי וועה געוואַלד, אוי, אַז עס ליגט נעמט מען, אפילו דער רב און דער חזן און דער שמש האלטען אויך פאָן דעם פסוק, אַז עס ליגט נעמט מען.

---

# מיט דעם רבינ'ס כח.

1.

מער עס וויל באַקומען כבוד געלד נאָר צום רבין פאָהרט,
ער בענשט אַ יעדען אין דער וועלט סייא ווער צום רבין פאָהרט.
וויפיל האָבין גיפאָלגט און אַזוי געטהון,
מיט פדיונות צום רבין געיאָגט,
האָט ער זיך נאָר איין קנייטש געטהון,
און זייא באַלד צו געזאָגט,
פאהרט מיט מיין ברכה מיטן רבינס כח,
וועט איהר האָבין הצלחה מיטן רבינס כח,
דאָס זאָג איך אייך,
איהר וועט זיין רייך — מיטן רבינס כח,
דאָס האָב איך אלליין גיזעהן מיטן רבינס כח.
פינים רבין אלליין — מיטן רבינס כח,

ער האָט צו גינומען דיא מזומנים } איי איי מיטן ריי
און זייא וענין געבליבין קבצנים }

2.

וויא דער גנב ווילל זיין גישעפּט ואָל געהן ער איוך צום רבין פֿאָהרט.
דער רבי נעהמט איהם אויף גאַניץ שעהן — וייל ער צום רבין פֿאָהרט,
און ווען דער גנב גיט איהם אַ פּדיון נאָך,
אָט דאָס גיט איהם אַ בריה.
גיט ער זיך באַלד פֿאַר איהם אַ בראָך,
און ווינשט איהם אויך באַלד צו:
געה געה אָהן מורא מיטן רבינס כח,
אָהן מרה שחורה מיטן רבינס כח,
מען וועט דיך ניט שטערין — מיטן רבינס כח,
וויא אַהין דוא וועסט זיך קעהרין — מיטין רבינכ כח.
דאָס האָב איך אלליין גיזעהן — מיטן רבינס כח,
פֿין דעם גנב אַלליין מיטן רבינס כח,
אַז מען האָט איהם געחאַפּט } איי איי מיטן רבינס כח.
האָט מען איהם געקלאַפּט }

3.

וויפֿיל קאַליקעס מאַכט ער געזונד — סייא ווער צום רביז פֿאָהרט,
סע מעג זיין אַ אַלטער סייא אַ קינד — אַביא צום רבין פֿאָהרט,
וויפֿיל קרומע האָט ער שוין גלייך גימאַכט,
אָהן מיטטעל, אָהן מעריצין,
ער האָט זיך נאָר אַווי פֿארטראַכט,
און אַ יעשרעה געטהון:
לייגט אַוועק דעם שטעקין — מיטן רבינס כח,
דאָס זאָג איך אייך,
איהר מוזט געהן גלייך -- מיטן רבינס כח,
דאס האב איך אלליין גיזעהן — מיטן רבינס כח
וויא דער קרומער אלליין — מיטן רבינס כח,

האט ניך דעם רבין גיהערט
האט ער זיך איבערגעקערט } איי, איי, מיט'ן רבינס כח.

4.

ווען איינע האט קיין קינדער גאָר — ויא אויך צום רבין פֿאָהרט,
דאס ווייסען אַללע גאַנץ קלאָהר — ווער נאָר צום רבין פֿאָהרט,
ווען איינע אום אַ קריש בעט,
מען טרעט נישט אָפּ מוט גיוואַלד.
אַבי דער פדיון אין אָנגעגרייט,
בענטשט ער ויא אויך באַלר,
האט קיין מורא ניט — מיטן רבינס כח,
עס וועט שוין זיין גוט — מיטן רבינס כח,
קומט אַללע טאג אַהער,
מיט אַ פדיון מעהר — מיטן רבינס כח,
דאס האב איך אַלליין גיזעהן — מיטן רבינס כח,
טאַקי אַזוי גישעהן — מיטן רבינס כח,
וויא זיא איז אַ היים געקומען גישווינד,
האט זיא באַלד געהאַט אַ קינד, } איי, איי, מיטן רבינס כח,

---

# שניידער ליעד.

ווען זינגט דער שניידער ביים נענייה,
אַז פון איין פאָר הויזען איז אַרוים צווייא,
איף יו״ט איז שאָן דא אַלץ-רינג,
אין קעשינע גילט טהוט אויך אַ קלינג,
זינגט ער בייא יעדען שטאָך,.... (ביס)
דיא אַרבייט טראָגט ער דאָך באַלד אָפּ......
און היתר איז אויך אַראָפּ......

שמחת תורה איז שאָן אויך,
האַפּט ער אַ כוסת איבערין כח,

נבאי איז ער אויך אין שול,
חאַפּט ער מעהר אַ כוסה אין דער שטיל,
און קומט אין שול אַ ריין.... (ביס)
„מיין הקפֿה“ שרייט ער, זאָלל מיר זיין....
וועט אַך אַרוּח אין טאַטין אַריין....

פֿאַרטראָגען אין שול איז ער געוועזן,
מיט'ן גיזעלין בלייבט זיין טאָכטער אַלליין,
דא איז געוואָרין דיא ליעבע גרויס,
הערט וואָס איז דער פֿון אַרויס,
ויא איז מיט איהם אַוועק.... (ביס)
אין אַפּאָר מאָנאַט קומט זיא גישווינד....
און מיט אַפּיצעלע קינד....

# כפרות שלאָגן.

1.

אַ געוויש ערב יום כפור דער וועגעלע שטופּער,
שרייט, וויא נעמט מען אַ כפרה, קיין געלד האט ער ניט,
עס לויפֿען דיא קבצנים — פֿאַר קרימט פֿאַר שמאַכט דאס פּנים,
מע קויפֿט מע חאַפּט שטאַרק דיא כפרות, דאס גאַנצע שטעדטעל זידט
וועו דיא קבצנים זאָללען מיך פֿאָלגען וואָלט געוועהן גוט,
וייא וואָלטען געהאַט כפרות וואָהלע און קאָסטען זאָלל וייא ניט,
וייא זאָללען פֿערגעסען אין אללעס און ניט פֿרעגין קיין שאלות,
און אָנחאַפּין דעם דלות בייא דיא הערלאַך דיא ויסע,
(און מיט איהם זאגען) : זה חליפֿתי, זה כפרתי, זה תמורתי......

2.

איינער האט אַ ווייב אַ צרה זיא שרייט, ברענג מיר אַ כפרה,
און ער האט נעביך ניט קיין געלד, קיין תירוץ טאהר ניט זיין,
זיא שרייט אַ כפרה ברענג מיר, ווען ניט וועט זיין וועה דיר,

מאָרגען מוכטו מיך שוין גטין, אויס, ביסט ניט מיין מאַנן,
ווען דער מאַנן זאָלל מיך פֿאָלגען, וואָלט געוועהן גוט,
עך וואָללט גיהאַט אַ כפרה אַ וואָהלע, און קאָסטען זאָלל איהם ניט,
ער זאָלל צו געהן צום ווייבעל — גאַנץ שטילל וויא אַ טייבעל,
און ייא אָנחאַפּען ביים היבעל — און בייא דיא האָרעלאַך דיא ויססע,
(און מיט איהר זאגען) זה חליפתי, זה תמורתי......

3.

אַ מיידעלע אַ שיינס אַ אַרימס אַ געמיינס,
שרייט זיא דאַרף איך אַ כפרה, און האט נעביך ניט קיין געלד,
פֿאַלט זיא אויף אַ שכל, מיט אהיר קינדער מוח׳ל,
זיא וועט חתונה האבין פֿאַר אן אַלטען, וועט זיין פֿאַר איהר אַ וועלט,
זיא פאַרשטעהט זיא דאַרף מיר פֿאָלגען, וועט זיין פֿאַר איהר גוט,
זיא וועט האַבען אַ כפרה אַ וואָהלע, און קאָסטען וועט זיא ניט.
אַבי זיא וועט נאָר ביים אַלטען דער שנאַפּען,
דאָס געלד בייא איהם דער טאַפּען,
וועט זיא איהם אָנחאַפּען וויא אַ כפרה אַ זיססע
(און ווייט מיט איהם זאָגען) זה חליפתי....

4.

און אונזערא אויטאָרען — מיט אונזערע אַקטאָרע,
זענען אויך קבצנים, חלעבין עס איז ניט גלייך,
מע שרייט וייא מאַכען גאָלד, און פֿון דעם גאַנצען געוואַלד,
האַבען זייא ניט אויף קיין כפּרות, דערצו נאָך שונאים אַ סאַך,
דיא אַקטאָרין זאָללען מיך פֿאָלגען, וואָללט געווען גוט,
זייא וואָללטען געהאַט כפּרות וואָהלע, און קאָסטען זאָלל זייא ניט,
דאָרט זעה איך אומזיסטיגע זיך שפּאַצירען,
אַריין געגנבעטע דורך דיא טהירען,
און זוכען אונז נאָך צו סיקירען, מיט ווערטער מיאוסע,
(זאָלל מען מיט זייא אויך זאגען) זה חליפתי....

# דער אידעשער פאריץ.

(דראמא אין פינף אַקטען)

## ערשטער אקט.

פינכטער איז מיין וועלט
מיין יוגענד איז שוואַרץ
מיין גליק איז פאַר שטעלט
פאַר פוילט איז מיין האַרץ
מיר ציטערט יעדעס אבר
אין מיר קיהלט דאָס בלוט
נור אין איינגען קבר
וועט מיר זיין גוט.

וואָס ווילסטו מוטער האבען
וואָס מוטשעסטע דיין קינד
וואָס ווילסטו מיך באַגראָבין
אין וואָס באַשטייט מיין זינד
אַך ווען דוא זאָלסט וויסען
וויא מיר איז ניט גוט
וואָלסטו ניט פאַר גיסין
וויא וואַסער מיין בלוט.

# שעפסיל שדכן.

1.

אַ תענוג איז צו זיין אַ יוד
איך קען אייך באַמנות שווערין
מאָגסט ניט האָבין קיין יודעש גליד
קאָנסטו אַ שיינער יוד ווערין
מאָגסט זיין איינער פון דיא גזלנים
אַ רוצח, אַ באַנדיט, אַ טיראַן
קוים ווייזטו נאָר אַ פרום פנים
ביסטו שוין אַ פיינער מאַן.

2.

ועהט נאָר דאָרטין דעם ראש הקהל
וויא אים ניט יעדער נאמנות
רויבט בייא יעדין געלד אָן צאָל
אונ האָט אויף קיינעם קיין רחמנות
ער רעדט אָבער נור פון גאָט
פונקט וויא ער זאָל זיין חבר זיין

און אויפֿין הויכען קול שרייט ער „אתה"
און איז דערום אַ פֿיינער מאַן.

3.

אויפֿין רב אַליין וועט יעדער גלויבין
אַז ער טרעט ניט אַהיס פֿון זיין שטוב
דאַרויף שטעל איך מיין גאַנץ לעבין
אַז ער האָט ניט פֿיינט וואָס איך האָב ליב
אַ שיין מיידיל איז פֿאַר אים קיין סחורה
ואָל אים חלילה ניט צו קיין שמאָכע ניט זיין
ער איז דאָך געשטאָפּט מיט תורה
װוודאַי איז ער אַ פֿיינער מאַן.

---

# הערוואַלד זינגט מיט רינהען.

**הערוואַלד.** ליבעס קינד טהייערע נשמה
טהיילין מיין מול מוז איך מיט דיר
ביים גרעסטין שמערץ האָב איך דיא [illegible]
ווען דוא ביסט נעבין מיר
מיט דיר, מיט דיר מיין לעבין
פֿיהל איך מיין וואָהרעס גליק
אַללעס וועל איך אַוועק געבין
פֿאַר דיין זיסען בליק.

**ביידע.** קיינער קען אונז ניט שיידען
נאָר דער טויט אַליין
אין לידין און אין פֿריידין
מוזין מיר צוזאַ זאַממען גיין.

**רינה.** וויא שיין ביסטו וויא ליב און מילד
נור מיט דיר קען איך גליקליך זיין
דיין ליבעס געזיכט דיין שיינעס בילד
ניט מיר מוטה אין מיין וועלט איין
דוא ערקוויקסט מיך מיט דיין גלאַנץ
און מאַכסט מיר זיסס מיין נויט
מיט דיר גייא איך וויא צום טאַנץ
איך געגין דעם פֿינסטערען טויט

בײדע. קײנער קען אונז ניט שײדין
נאָר דער טויט אַללײן
אין לײדען, און אין פֿרײדען
מוזין מיר צו זאַמען גײן.

---

## צװײטער אקט.

# דער שדכן.

1.

אַ שדכען איז װײער גוט
ער לעבט זיך שײן און פֿײן
ער דאַרף נאָר זײן אין דעם גינײט
און דער בײא קײן נאַר ניט זײן
מען דאַרף נור קענען ליגען זאָגין
און מאַכין מיט דיא הענד
קען מען שײן צו נויף טראָגין
אפֿילו װענד מיט װענד.

2.

אַ שדכן זײן איז אַ גוטע זאַך
װען ער װײס װיא זיך צוא בענײן
דיא קרימסטע זאַך מאכין גלײך
און מאַכין יאָה — פֿון נײן
װען אַ מחותן גיט זיך אַ קרים
און װיל ניט גײן צום ציל
מוז מען אַ שפּיציל אָב טהון איהם.

8.

דער שדכן היט נאָר זײן געװינר
אויב ער איז נאָר אַ חװאַט
װאָס גײט איהם אָן װײב און קינד
אַבי ער איז שטענדיג זאַט
דען װאו הין ער קומט אַרײן
אַפֿילו אין דעם אָרימסטען אָרט
טראָגט מען איהם אַנטקיגין אַ גלעזיל װײן
און אויך פֿערבײסען דאָרט.

# מזל טוב.

מזל טוב, מזל טוב, מזל טוב!
איהר נעמט איין אײדים איין אֶבן טוב
אַיין אֶבן טוב אין אייער חתן
ליובט גאָט אין פריידין
ער וועט אייך געבין אַ שטיק לויתן
און אַ שטול אין גן עדן.

מזל טוב, מזל טוב, מזל טוב!
איהר נעמט איין אידים אַ גרויסין רב
אַ רב איז אַ גאָלדענע פּאָן
דאָס איז ניט קיין קאַטאָוועס
ער וועט אייך ועצין אויבין אָן
העט, העט, צווישין דיא אבות!

## דריטער אַקט.

# ליוט זאלען מיינען.

(דאָס זינגט לייזערקע דער קרוטש.)

1.

כמעט אַלע מענטשען פון אונזער דור
ווילין פאַר בלענדען דיא אויגען לייטין
מען וויל גיפעלין דעם צווייטין נאָר
חאָטש עס שטעכט אין אַלע זייטין
איך זעה גאָר טאַנצין בשעת מען דאַרף וויינען
אַלעס צוא ליב דעם, לייט זאלין מיינען.

2.

דאָרט זעה איך אַ פּאָריל געאַרעמט גיין
אויפין בולוואַר פרייע לופט צו געניסען
מיט אַ פּאָר מינוט פריהער, זאָלט איהר זעהען
האָבין זייא זיך פאַר דיא האָר געריסען
איך שווער אַייך אַז זייא ווילין גאָר ביידע וויינען
און קושין זיך און גלעטין זיך, כדי מיא זאָל מיינען.

3.

בעטראַכט יענע דאַמע אין דעם הוט
וויא שיין וויא נעט איז איהר געשטאַלט
גאָר קוקט זיך צוא צוא איהר גוט
איז זיא שוין אַכציג יאָהר אַלט
עס איז שוין צייט טען זאָל זיא בעוויינען
און זיא פוצט זיך נאָך, כדי לייט זאָלין מיינען

4.

איין אַלטער אַלמן פֿון זיבעציג יאָהר
ער קאָן שוין נעבאַך אויף דיא פֿיס ניט שטיין
פֿאַרבט אויך שוואַרץ זיינע ווייסע האָר
און בעמיהט זיך וויא גלייכער צוא גיין.
קוקענדיג אויף זיין גאַנג ווילט זיך מיר וויינען
און ער מאַכט זיך יונג כדי כלות זאָלין מיינען.

---

# און קיין חתן איז ניטאַ!!

(דאָס זינגט דיא דינסט מיידעל)

אַלע מיידלאַך פֿון מיין ראַנג
ויינען פֿון צרות פֿרייא
וויא האָבין שוין מאנען לאַנג
און קינדער אויך דערבייא —
נאָר אָי ווייא! איך אַליין
האָב נאָך ניט קיין גוטע שעה
עלענר בין איך וויא אַ שטיין
און קיין חתן איז ניטא!

וואו איך ניב אַוואָרף מיין בליק
זעה איך פאָרלאַך גיין
וויא קושען זיך גאָר איין אַנטיק
עס איז שיין צוא זעהן
נאָר אויף מיר איז גאָטס צאָרן
אומזיסט ווארט איך אויף אַ גוטע שעה

איך בין שוין גראָ און אַלט געוואָרן
און קיין חתן איז ניטאָ.

אַ סך ווייבלאַך וואָס איך קען
ווינען גליקליך היינט
יערע ליבט שטאַרק איהר מאַן
און האָט אַ פּרעמדין אויך ניט פיינט
דערצוא וואָלט איך מיך אויך גענומען
ווען איך דערלעב די נטע שעה
דערווייל מוז איך אָבער אָפּ קומען
דען קיין חתן איז אַלץ נישטאָ.

## אַז־אָך און וויא צוא זייער געלעכטער!

1.

ניט אַלעס איז גאָלד וואָס עס שיינט
האָבין קלוגע מענשין ענטדעקט
דאָס זעהען מיר וויער אָפּט היינט
ויא אַ סך זאַכין ווינען מיט גאָלד בעדעקט
ווען איהר זעהט למשל מענשין לאַכין
קאָנט איהר מיינען אַז דער לאַך איז אַרעכטער
אָ ניין! דאָס איז פּאָן די געגילטע זאַכין
אַז אָך און וויא צוא וייער גילעכטער!

2.

אַז איהר שטייט שלעכט רערט די וועלט
— זאָגט צוא אַ סוחר איינער און לאַכט —
איהר האָט אָנגעוואָרין אייער געלט
אָן דעם מסחור וואס איהר האָט געמאַכט.
„איך בין נאָך גאָט ווי דאַנק וויא אַלע רייך
דאָס האָט אויס געקלערט אַ מענש אַ שלעכטער־
— ענטפערט דער סוחר און גיט אַ לאַך —
נאָר אַז אָך און וויא איז צו זיין גילעכטער!

3.

דזא הערסט טאָכטער וואָס מען זאָגט אויף דיר
— תערט מען אַ מוטער זיך בעקלאָגין —
דזא נייסט מיט בחורים אויף דעם שפּאַציר
און טוסט אַ זינעס וואָס מען טאָר ניט זאָגען
„חאַ חאַ חאַ, דאָס איז איין אַנטיק
איך בין נאָך אַזוי פֿרום וויא אַלע טעכטער
אַנאָ גיט נאָר אויף איהר בייכעל אַ קוּק
אַז אָך און וויא איז צוא איהר גילעכטער!

4.

בעטראַכט אין טהעאַטער דיא אַקטאָרין
וויא לוסטיג זייא זיינען אין יעדער צייט
קוקענדיג אויף זייא וועט איהר שווערין
אַז זייא זיינען דיא גליקליכסטע לייט
איר מוסט מיינען אז דער לאַך איז אַן-עכטער
אָ ניט פֿאַר אייך געזאָגט ליבע ברידער
אַז אָך און וויא איז צוא זייער גילעכטער!

---

פערטער אקט

# ראש הקהל.

1.

לעבעדיג לעבעדיג זייט נאָר פֿריילאַך
פֿאַר דעם צער וואָס מיר האָבין געהאַט
מיר האָבין געטאָן גזירת המלך
און קיין יודין האט ניט געפּאַשט.

2.

לעבעדיג לעבעדיג לאָמיר זיך פֿרייען
הייבט דיא פֿיסלאַך העבער נאָך

לאָמיר מאַכען אַן זיך דרייען
אבי געפּאַטערט דעם נאַבאָר.

3.

אבי פֿאַרשטאָפּט אַלע ליכער
מיט הולטייעס מיט טרפֿה שלעק
הייבט דיא פֿיסלאַך ברידער העכער
שפּרינגט און טאַנצט אָן איין עק.

# דיא האָפֿנונג.

1.

וואו ויינט איהר מיינע יונגע יאָהר
וואו הין ויינט איהר פון מיר אַוועק
ניט מעהר איז פֿון אייך קיין שפּור
שנעל געוואָרן פֿון אייך איין עק
מיינע געפֿילע ויינען געוואָרן קאַלט
ווינד דיא קויל האָט מיך געטראָפֿין
דער שפּיגעל זאָגט דוא ווערסט שוין אַלט
קאָנסט שוין אויף גליק ניט האָפֿין.

2.

וואו ביסטו האָפֿענונג שיינע
וואו האָסטו זיך בעגראָבין
איך בין געבליבען עלענד איינע
נאָר מיט שווערע זאָרגין
מיין לעבין איז אַ פֿינסטערע נאַכט
אָן איין האָפֿענונגס שטערין
מיינע יאָהרין האָב איך פֿערבראַכט
אין שמערצין און אין טרערין!

# ביז וואנען מיין פאלק.

1.

ביז וואַנען מיין פאָלק ענטפער נאָר מיר
וועסטו זיין אַזוי שלעכט
דוא וועסט מאָן עולות גאָר אָן אַ שיעור
און מיינען אַז דוא ביסט גירעכט
ביז וואַנען, זאָג, וועסטו זיין פערשטעלט
און ווייזען זיך פרום פאַר מענשין
וויא לאַנג נאָך וועסטו ברענגען אַ וועלט
און וועלין מען זאָל דיך נאָך בענצין
זעה נאָר מיין פאָלק קוק זיך ארום
אַ דור איז איין אַנדערער היינט
מע דאַרף גאָר ניט זיין איבעריג פרום
נור וויא אַ מענשין פריינד.

2.

ביז וואנען מיין פאָלק וועסטו שטאָלץ ...
און זאָגין צו דוא ביכט אַ פרינץ
דוא זעסט דאָך אַז וויא אַ פראָסטער מאַן
דאַרפסטו דאָס ביסעלע מינץ
גענוג דיר מיין פאָלק צוא שטאָלצירען
זיך האַלטין פאַר אַ מיוחס אַ מורא
גענוג דיר אַ לופטיג לעבין צו פירען
און האַנדלען מיט ווינציגע סחורה
שטרעב זיך בעסער וויא אין אַלטע צייטען
צוא אַ רעכטין תכלית אַרויף
וועסטו זיין גלייך מיט לייטען
און וועסט האָבין אַ גוטען סוף

# דאוונען
# פאן איין מחזור'ל.

— פערפאסט —

— פאן ארטיסט רודאלף מארקס. —

---

I.

אײנע זיטטע איז גוט בעקאנט
אין שוהל קענט איהר דאס זעהן
שטעהט אײנער דארט אין מזרח וואנט
און שאקילט זיך גאנץ אלליין.

מיט אײנמאהל וויא ער דרעהט זיך אוים.
זעהט ער זיין פריינד שטעהט דארט
ער לויפט גאנץ שנעל צו איהם ארוים.
און לאדענט איהם צו זיין ארט.

פראזא. ס'איז נאך וועהניג וואס ער האט איהם געלאדען צו זיך זער וויל איהם אויך ווייזען אז ער האט א מחזור'ל מיט גאלדענע בלעטליך. זאגט ער צו איהם לייג נאר אוועק דיין מחזור און

מיר וועלען דאווענען פון איין מחזור'ל.
מיט איין קליינעם אונטערשיעד.
דער גאנץ הויך און דער גאנץ שטיל.
דאך זינגען ביידע דאס זעלבע ליעד.

II.

דיא זעלבע זיטטע האט אוואנסירט.
אין געשעפט אויך אין פריוואט.
ווען אײנער זיין כלה צום אלטאר פיהרט.
זאגט זיין פריינד דארט בייא דער זייט.

זיא וואהר דאך מיינע שוין צו פאר
ענטריסען האסטו זיא מיר.
דאך ווייל עס קימט יעצט א נייא יאהר.
וויל איך קיין שטרייט מיט דיר.

ראזא. און דער אמת'ן וואס טויג דאס קריגען זיך. מען קען אוים קומען מיט גוטען. אמת, זיא איז געוועהן מיינע און דיא האסט זיא מיר אבגעגערעד. געזונד-טערהייד, לאז זיא בלייבען דיינע ביז 120 יאהר. נור דאס איינע וויל איך דיך בעטען זאלסט מיך לאזען אריין קומען צו דיר אין שטוב. און מיר וועלען דאווענען פון איין מחזור'ל.... א. ז. וו.

III.

אויף דער גאס ליגט איינער בעזויפען שטארק.
ער טהוט אבער קיין שלעכטס.
דער פאליסמאן פאקט איהם ביא דעם קארק.
אונד שלאגט איהם לינקס אונד רעכטס.
אויף דער 2טער זייטע לויפט איין דיעב.
דער פאליסמאן זעהט איהם ניט.
ער האט אוים געגנבעט א גאנצע שטיב.
דאך טשעפעט דער פאליסמאן איהם ניט.

ראזא. עס איז אפילו א גרויסע קשיא. דער שיכור טשעפעט קיינעם ניט. איהם שלעפט מען אין סטיישאן הויז. און דארטען זעהסט דו דאך דיא פאליסמען, אז א גנב גנבעט אוים א גאנצע שטיב. וואס זשע שווייגסט דו? נור פרעגט מיך וועל איך אייך זאגען פאר וואס דאס איז, ווייל ס'איז א סברה. אז דער פאליסמאן מיט דעם גנב דאווענען פון איין מחזור'ל...... א. ז. וו.

# שֶׁעהָן אונד גְרוֹיס

## פאָן יָתום אין גֶעפַּאהר

(דאס זִינְגְט שְׁרֵייעֶר מִיט'ן פִּישׁ).

---

1.

צוּ זַיין שֶׁעמְפְּרִיג אוֹיף א מַארְק
אִיז נָאר קֵיין גוּטֶער פְּלַאהן
דִיא בֶּעסְטֶע זאךְ אוּן שְׁרַייֶען שְׁטַארְק.
דִיא שֶׁעהנְסְטֶע סְחוֹרָה אִיז מַיין

אִין הֶעסְטֶער סְטְרִיט בִּין אִיךְ גֶעגַאנְגֶען
אִיךְ האָב גֶעהֶערְט מֶען שְׁרֵייעֶט אוֹיף א קוֹיל
דִיא שֶׁעהנְסְטֶע פִּישׁ זַיינֶען בַּייא מִיר פֶּערְהַאנְגֶען
קוֹיפְט בִּילִיג נָאר אָהנֶע צאָהל

זַייא זַיינֶען אַלֶע זֶעהר שֶׁעהן אוּן גְרוֹיס
פֶּעט אוּן דִיק אוּנד בְּרֵייט
אוֹיב אִיהר וִילְט נוּר בֶּעסֶער וַוארְט נוּר אוֹיס
עֶס וֶועט אייךְ נֶעהמֶען צוּ פִּיעל צַייט

צוּ פְרִיעדֶען שְׁטֶעלֶען קֶעננֶען זַייא
דאס זֶעהְט מֶען דאךְ יֶעצְט ארוֹיס
נוּא וֶוער אִיז אקוֹנֶה אוֹיף אדוּצֶעלֶע צְווֵייא
זַייא זַיינֶען אַלֶע זֶעהר שֶׁעהן אוּן גְרוֹיס.

2.

פִּיר דִיא דַאמְמֶען מוּז אִיךְ עֶבֶּען זָארְגֶען
אוּנְד בֶּעטְרַאכְטֶען זֵייעֶר שְׁפַּאצִיעֶר
פְּרִיוְוט נֶעהְט ארוֹיס אמאָהל אִין א פְּרִיה מָארְגֶען
וֶועט אִיהר אַלֶע הַאלְטֶען מִיט מִיר

דאָס פּנים איז פאַלל מיט שמינק
דער באַקסקעל גרויס אוי װעה
צו יעדען יונגען מאַן גיבען זייא אַ װינק
אַ נוא קוקט אייך נור צו, צו זייא
זייא זיינען אַללע, א. ז. וו.

3.

אין גרענד סטריט „קאר“ בין איך געפאָהרען
איך בין געװעזען זעהר מאַט
צום אומגליק אָבער האַב איך מיין געלד פערלוירען
און צו בעצאַהלען האָב איך ניט געהאַט
דער קאָנדוקטאָר זאָגט צו מיר מיט אַ בייזען בליק
בעצאַהלען מוזט דוא מיר
אז ניט גיב איך דיר פיר יעדען סענט אַ בריק
און האַט מיר אָבגעציילט אַזש פיער,
אַבער אַללע זעהר, א. ז. וו.

4.

אויף אַ קוואַטיר האָב איך געוואָהנט אַלאַנגע צייט
שעהן וויא עס ווייזט זיך אוים
געלאָסט האָב איך אַללעס וואָס איך האָב געהאַט
זאָ וויא איך שטעה בין איך ארוים
איך בין דאָרט געוואָרען שיער צו מיאוס
פונ'ם שלאָף האַט עס מיך געזאַגט
דער בעל הבית פרעגט מיך פאר וואָס געפעלט מיר גישט
האָב איך איהם בעצאַהלט און האָב געזאָגט
זייא זיינען אַללע, א. ז. וו.

---

# ווייט זעהר ווייט

—— פאן יתום אין געפאהר ——

(דאס זינגט דער יתום).

---

פאָן דאַנען פאָהר איך יעצט אוועק, ווייט זעהר ווייט
עס איז נאָך גאַנץ הייט צו מיין צוועק, ווייט זעהר ווייט
צוויא מאָנאט וויא לאַנג זייט איהר
וויא טויזענד יאָהרן זעהט איהר אוים ביי מיר
עס איז אָבער אויך ניט פיעל
צו ערדרייכען מיין ציעל
דאס איז ווייט זעהר ווייט אוי ווייט זעהר ווייט

* * *

פאטער ליעבער וויא ביסט דוא אצונד ווייט זעהר ווייט
געטייטעט האט דיך דיין אייגען קינד, ווייט זעהר ווייט
אך וויא גליקליך וואלט איך געוועהן
ווען איך זאל קענען מיין פאטער זעהן
עס איז אָבער שוועהר צו גלויבען
אז ער זאל לעבען
דאָרט ווייט זעהר ווייט אוי ווייט, זעהר ווייט.

---

# מיט דיר אין איינעם

(דועט, פאן חיים אין אמעריקא.)

דאס זינגט דער לויער מיט מעריג.

---

מיט דיר אין איינעם
דארף איך ניט קיינעם
דיא פערזיעסט מיר מיינע שמערצען

תאָב נור קיין באַנגעָן
איך האָב דיך נעפאַנגען
ליעגסט מיר טיעף אין מיינעם הערצען
ך האָב דיך ליעב, יא ליעב, ליעב, ליעב
איך ווער ניט מיעד, יא מיעד, מיעד, מיעד
דיך צו זעהן (בּיס)
מיט דיר צו געהן (בּיס)
אַפילו ביז אין גריעב (בּיס).



## ווייל דוא ביסט אַ איד

(פאָן דיא שפאנישע אינקוויזיציאָן),

פאָן נ. מ. שייקעוויטש „שמ״ר״.

1.

שלאָף זאַנפט מיין ליעב קינד
שלאָף רוהיג זיעס און ניט
זאָרגלאָז ביסט דוא א צינד
דוא ווייסט נאָך פאָן ליידען ניט
ביסט נאָך אין דער וועלט ניט געוועזען
גוטע ענגלען שטעהן אום דיר
וועסט עלטער ווערען וועסט דוא דערזעהן
אוי! צרות גאָר אהן א שיעור.

2.

שלאָף זאַנפט מיין ליעב קינד
אה ביטער פינסטער איז מיר
איך פערליער מיין געזונד
יען איך גיב א קוק אויף דיר

איך זעה שוין וואס שפעטער [illegible] זיין
וויא מען פערגיעסט דיין ריינעס בלוט
ניט ווייל דוא ביסט א שלעכטער מאן
אר דערפאר ווייל דוא ביסט א איד.

8.

שלאף זאנפט מיין ליעב קינד
שלאף רוהיג זיעס און ניט
גליקליך ביסט דוא אצינד
וואס דוא קענסט דיא וועלט ניט
ווענסט עלטער ווערן וועסט דוא געפינען
צרות אויף יעדען שריט
דיין בלוט וועט איבעראל רינען
נאר דער פאר ווייל דוא ביסט א איד.

---

# דער דוד (פראנט)

## פאן ס. טארנבערג

צו זינגען מיט דער מעלאדיע פאן דעם ענגלישען ליעד
איי עם ע דוד.

---

1.

איך בין א פראנט
עלעגאנט
רייכליך אין מאדע אונד פראכט
איינע האר נעבערענט
שעהן פערקעמט
מיינע קליידער אין פאריז געמאכט
אויף מיין קראגען

װער קען זאָגען
אז ער איז נישט פאָן בעסטען געװאַנר
מיט איין אוהר אין טאש
מאַרשיער אויך אין שטראַס
װייל איך בין איין נאָבעלער פראַנט.

2.

איך בין בעקאַנט
אַלס איין פראַנט
איבעראַל אין דער גאַנצער װעלט
איך שפּאַציער צו זאַממען
מיט יונגע דאַממען
דאס האב איך נאָך ניעמאַלס פערפעהלט

איך בעקאָם פּריזענטע
קאָמפּלעמענטע
יעדע דאַממע פערלאַנגט נור מיין האַנר
נוא זאָגט אַליין
צו לעב איך ניט שעהן
װייל איך בין איין נאָבעלער פראַנט.

3.

איבעראַל
אויף איין באַל
איהר זאָלט מיך נור דאָרטען זעהן
מעדכען דאַממען
אַללע צו זאַממען
װילען מיט מיר נור טאַנצען געהן
זיא שלעפּט מיך
נאָר צו זיך
איין צװייטע לאַרעט מיך נאַלאַנט

אז ס׳קומט צום באר
צײגט זיך גאר
אז איך בין אײן נאבעלער פראנט.

---

# אגוטע קרײנק.

— געזונגען פאן „א. פישקין״. —

1.

עס גיבט פיעל מענשען אויף דער װעלט
װעלכע ליעבען נור זיך אלײן
זײא זוכען כבוד און אויך פיעל געלד
זײא עססען טרינקען װאהנען שײן
דער צײלט דעם רײכען יענעמס נויט
אז דער צװײטער האט קײן שטיקעל ברויט
װאס גיט דער נגיד צום געשענק
װאס ער גיט ? אגוטע קרײנק ! ביס

2.

דעם פאבריקאנט בעטראכט נור דארט
װיא רײך ער פיהרט זיך גאר אהן שיעור
נור איך שװער אייך אויף מײן װארט
אז רײכער איז ער נישט פאן מיר
אמת ער פיהרט גראס זײן װעלט
אבער נור מיט פרעמדעס געלד
פרעגט װאס האט ער אין דיא בענק
װאס ער האט ? אגוטע קרענק ! ביס

3.

א שדכ׳ן קומט צו מיר צו געהן

און לײַגט מיר נאַר אַ שידוך פאַר

די כּלה זאָגט ער איז קלוג אונד שאַרף

איך ווינטשע מיר האָבען אזא יאַהר.

אײן פראַגע האָב איך איהם געשטעלט

רב שדכן! האָט זיא עפּעס געלד?

געלד. דאַרף זיא האָבען איך דענק.

זיא דאַרף האָבען אַ גוטע קרײַנק.

4.

פאָן דער אַרבײַט, אין שענק אַרײַן

מיט די ווײַזשעש אין די הענד

קומט רב זאַנוועל שטאָלץ אַרײַן

אונ פאַר טרינקט ביז דעם לעטצטען סענט

און ווען איך פרעג איהם נור אײן וואָרט

נזלן זאָג וואָס טוהסט דוא פאָרט?

דאָס גאַנצע געלד דײַנס בלײַבט אין שענק

אונד דאָס ווײַב אויף דער הוצאה אַ גוטע קרײַנק.

---

# זאָקען בענדעל.

פערפאַסט אונד געזונגען פאָן קאָמיקער

א. פישקינד

צו דיא היסטאָרישע דראַמא שלמה חכם

---

1.

א זאָקען בענדעל האַבע איך געזעהן

פערליעבט האַבע איך מיך באַלד

שעהן אונד קלוג איזט זיא געוועהן

איך זאָג אייך עס איזט אַ געוואַלד!

נערעט האָב איך מיט איהר אַיין וואָרט
געצוויבערט האָט זיא מיך,
נור שנעל בין איך אוועק פאָן דאָרט
ווייל געכאַפּט האָט מיך דער רוח
מיין זאָקען בענדל
מיין טהייער רענדל
פערשוואונדען ביסט דוא פאָן מיר
איך וואָלט מיין לעבען
אוועק געגעבען
פאר איין קוסס נור פאָן דיר.

2.

איך נעה ארום טאָג אונד נאַכט
איך זוך זיא איבעראַל
איך בין געוואָרען שוין פערשמאַכט
נישט דאָ מיין אידעאל,
יא איך זעה דיך שוין אצינד
נור איך פערשטעה ניכט וואס דוא שווייגסט
פערליער קיין צייט קום לויף געשווינד
וויא שוואַרצער פעפער וואַקסט
מיין זאָקען בענדל א. ז. וו.

3.

ניין איך קען דיך נישט פערגעסען
ווייל דוא ביסט מיר ליעב
איך קען נישט טרינקען איך וויל נים עססען
אָן דיר איזט מיר דיא וועלט א גרוב
נאָר זאָ דום וועל איך נים זיין
רען איך האָב מיך שוין איבערלייגט
מיט דיר האַבען איך געטראגנהטו ווייז

װען איך האבע מיך אן געפרענט

מײן זאקע בענדל א. ז. װ.

4.

מיט פיעל זאקען בענדלעך האבע איך געװעס
איבעראלל װאו איך בין געקומען,
דיא איזט קלײן, דיא איזט גרױס, דיא איזט מאנער דיא איזט פעט
נור זא װאס האבע איך נישט געזעהן
אבער װאן זיא װעט נאך קומען צוריק
האלטען װעל איך זיא א שרעק
שטארק צו בינדען װעל איך זיא מיט שטריק
זיא װעט שױן פאן מיר נישט אװעק

מײן זאקען בענדל א. ז. װ.

---

## TWO LITTLE GIRLS IN BLUE,

— אדער —

## צװײ גוטע ברידער,

געזונגען מיט דער מעלאדי פאן דעם ענגלישען ליעד
טו ליטעל גאירלס אין בלו.

פערפאסט פאן

## יצחק רײנגאלד,

(חמכונה זהב טהור.)

---

1.

אײנמאל זיצט איך מיר בײן פענסטער פערטראכט
אין אװענד אין ליבליכען מאי,
עס װאר דאן א װארעמע, ליכטיגע נאכט,
דאס װעטער װאר ליעבליך, אונד פרײ,

אִיךְ קוּק אִין דְרוֹיסֶען, אוּנְד עֶס דוּכְט זִיךְ מִיר,
אַז אִיךְ זֶעה מֶענְשֶׁען אוּם נֶעהֶען,
אוּנד רִיכְטִיג גֶעטְרָאפֶען בַּייא מַיין שָׁכֶנ'ס טִיהר
חָאבּ אִיךְ נָאר פְּלוּצְלִינְג דֶערְזֶעהֶן,
וִויא צְוֵויי גוּטֶע בְּרִיעֶדער וואוֹילֶע,
דְרֵייעֶן זִיךְ דָארְט פַארְבַּייא,
זֵיי זוּכֶען פְּלַאנֶנעֶן,
אַרַיין צוּ שְׁפַּאנֶנעֶן,
אִין הוֹיז צוּ גַנְבֶ'ענֶען פְרַייא,
אַךְ וִויא כְ'הָאבּ גֶעוָואלְט אוֹיסְשְׁרַייעֶן,
זֶעננֶען צוּ פָאלִים אַ סַךְ,
אוּנְד הָאבֶּען פַארְטְרָאגֶען,
אוֹיף דֶעם פַּאטְרָאל־וָואגֶען,
דִיא צְוֵוייא גוּטֶע בְּרִידֶערְלַאךְ.

2.

דָארְט אִין אַ רוּמְקֶע אוֹיפְ'ן דְרִיטֶען פְלָאר,
זִיטְצְט זִיךְ אַ יוּנְג וַוייבֶּעל אַלַיין.
אִיהר מאַן אִיז ארוֹיס מִיט אַ שְׁטוּנְדֶע בֶּעפָאר,
זִיא קְלֶעהֶרְט „וואוּ הָאט עֶר גֶעקֶענְט גֵיין“?
עֶר הָאט מִיר פֶערְזִיכֶערְט, עֶר קוּמְט בַּאלְד אַרַיין,
דָאס וואר דאָךְ שוֹין גַאנְץ לַאנְג צוּרִיק.
„נוּ ווִילְסְטוּ פְרוֹי וִויסֶען וואוּ דַיין מאַן קֶען זַיין.
דאַן קוּם הֶער אוּנְד טְהוּ דָארְט אַ בְּלִיק
וִויא צְוֵויי גוּטֶע בְּרִידֶער, זִיטְצֶען
שְׁטַארְק בַּייא אַ קֶערְטֶעל פֶערְטְרַאכְט,
דֶער בָּאס אִיז הַיינְט לָאקִי,
אִיהם גְלִיקְט שְׁטַארְק אִין „אָקִי“
דֶעם נַאסְט אָבֶּער גֶעהְט נִיט דִיא נַאכְט
אוּנְד בִּיז עֶר וֶועט נִיט פֶערְשְׁפִּיעלֶען,

דִיא לֶעמְצְטֶע פּאָר דָאלְלֶערְלַאךְ,
וָועט עָר נִיט אוֹיף הָערֶען,
אִיהר דַארְפְט גאָר נִיט קְלֶעהרֶען,
סְ'אִיז צְוַויי גוּטֶע בְּרִידָערְלַאךְ.

3.

אִין פִּיפְּטֶער עָווֶענִיוּ, טְהוּט נאָר א בְּלִיק,
שְׁטֶעהֶען דָארְט הוֹילֶע פִּיעָר וֶוענְט,
עֶס האָט עֶרְשְׁט נִיט לַאנְג מִיט א מאָנאַט צוּרִיק
דאָס גַאנְצֶע הוֹיז גאָר אָבְּגֶעבְּרֶענְט,
נוּר אִיהר קֶענְט דאָךְ מֵיינֶען אַז דֶער בַּעַל הַבַּיִת
קֶען אִין דֶעם שׁוּלְדִיג נִיט זַיין
נוּ מוּז אִיךְ אֵייךְ זָאגֶען אַז אִיהר האָט א טָעוּת
אָט קוּמְט הֶער אוּן הֶערְט אֵייךְ נוּר אַיין
וואָס צְוַויי גוּטֶע בְּרִיעדֶער רֵיידֶען
אֵיינֶער פאָן זֵיי אִיז דֶער בּאָס,
עָרְזאָגְט נָאכ'ן פַייעֶר,
פִיהְל אִיךְ מִיךְ פְרַייעֶר,
אַגוּט גֶעשֶׁעפְט אִיז דאָס,
דוּא האָסְט גוּט גֶעמַאכְט הַבְדָלָה...
דַיין חֵלֶק פְרַיינְד קְרִיגְסְטוּ גְלַייךְ"
נוּ, פאָן זֵייעֶר רֵיידֶען,
פאַרְשְׁטֵייט מֶען פאָן בֵּיידֶען,
סְ'אִיז צְוַויי גוּטֶע בְּרִידֶערְלַאךְ.

4.

זָעהט אוֹיפ'ן קארְנֶער נִיט וַוייט פאָן סאלאָן,
שְׁטֶעהְט זִיךְ א יוּנְגֶער מַאן דָארְט,
עָר האָט אִין א שְׁטֶעטֶעל א זאךְ אָפְּגֶעשׁ
אוּנְד אִיז שְׁנֶעל אַנְטְלָאפֶען פאָן

אַיין אונשולדיג מײדעל האָט ער דאָרט פֿערפֿירט,
אונ שיטצען וויל ער זיך אין שטאָט,
נאָר וויססען זאָלט איהר אז ער האָט זיך גנאַירט,
איך זאָג, ווייל איך זעה אקוראט.
וויא צוויי גוטע ברידער פֿיינע,
געקליידעט איינפֿאך פּראָסט,
היטען זיין לעבען,
זייא ווילען איהם געבען,
א פֿרייע קוואַטיר, אהן קאָסט...
אונ באַלד האָט ער טאַקע דערשפּירט,
דיא חברה, זיי פֿרעגען קיין סך,
אין קאָרט הייסט מען שפּאַננען,
דאָ האָט ער פֿאַרשטאַנען
ס'איז צוויי גוטע ברידערלאַך...

---

# דייזי בעלל

— פֿאָן —

## יצחק ריינגאָלד.

---

1.

דיא וועלט איז א טהעאַטער, דער מענש—אַקטיאָר
דייזי, דייזי,
דאָס לעבען א שוישפּיעל, מיר שטעלען פֿאָר
טראַגעדיע און קאָמעדיע,
דאָרט זעהט אין נאַכט־שאָטען פֿאָן א טהיר
שטעהט זיך א פּאָאָריל ביין שוועל
א פֿלאַמענדע ליעבע ערקלערט ער איהר,

מיט א ניגון פאָן „דייזי בעלל“,

דייזי, דייזי,

גיעב מיר דיין ענטפער דאָ

איך בין האלב שוין קראַנק

פאָן ליעבע, דער ערשטער שעה,

שוועהר אז דוא בלייבסט שוין מיינע,

דאַן וועלען מיר גאר פריי.

דורך נעהן, מיט גליק,

דעם לעבענס בריק,

אויף א ביסיקעל סיט, פאר צוויא.

2.

דיא ליעבע איז בלינד—זאָגט מען - דאָס איז וואהר,

דייזי דייזי,

אונד דער וואָס הייראַטה, דער איז א נאַר,

א בעווייז האָב איך דערצוא

בעטראַכט יענע פּאַאר פאָן דער חופּה געהן,

גליקליך, דוכט זיך אויפ'ן שטעל,

איין יאָהר פּאָרויבער, זאָלט איהר זייא זעהן,

אוי! זינגט מען „דייזי בעלל,

דייזי, דייזי,

זינגט איהם דאָס ווייבעל א ליעד:

„אַרבייט, זייא ניט לייזי,

זוך א פּלייס, ווער ניט מיעד,

קיין פּלייס ניטאָ כאָטש צוּרייס זיך,

פאָן דירה טרייבט מען זייא.

ארויס געהט פלינק!

מיט אַללעם דינג,

אויף א מיסטקאַסטען—גוט פאר צווייא...

3.

אַהָער קומט פאָן רוּחַ לַאנד, אַ שַארלַאטַאן,

דַייזי, דַייזי,

און זאָגט אז ער איז נאָך אַ סינגעל מאַן,

און קירצליך, מַאכט ער אַ פַּארטיע.

אַיינמָאהל אַלס ער זיצט מיט זיין פרויא

בַּאטרַאכטען פָּאלסלייט זיין שוועל,

צום אַנטלויפען—ניטאָ קיין שאָה

קום זינג אונז „דַייזי בֶּעלל"

דַייזי, דַייזי,

זינגט איהם דער דזשאָדזש אין קאָרט,

דיא לאָה, יעדער ווייס זיא,

הייסט נעבען אין דזשייל אן אָרט,

דיר האָט זיך נעגלוּסט צוויי ווייבער,

קרינסטו קיין איינע פאָן זיי,

דוּא בּלייבסט אַרעסט,

אויף גוּטע קעסט,

מיט אַשטרויזאַק, נעבּעט פאַר צווייא..

4.

אַ פריינד מיינער, האָט זיך פאַר מיר געקלאָגט,

דַייזי, דַייזי,

„פאָן אימער אָן, האָבען מיר לייט פערזאָגט,

הייראַטען — פריינד — זאָל איך ניט.

איך האָב דאן אַלעמען אויסגעלאַכט,

גענומען האָב איך אַ מַאמזעל,

אַ קורצע צייט, מיט איהר גוּט פערבּראַכט,

געזונגען זיך „דַייזי בּעלל",

דַייזי, דַייזי,

וואס ווער איך פלוצלינג געוואחר,
ווען איך דער זעה זיא,
אין ארם פאן „פרעמדע“ נאר,
אז זיא האט אין זינן מיין ליעבע,
וויא דעם פאריעריגען שנעע,
איהר הערץ, איז ברייט
צו יעדער צייט
ניבט נעגוג פלאטץ, פאר צוויא...

---

# מיין פאטערלאנד.

א פראכטפאלעס ליעד, צו זינגען מיט דער מעלאדיע פון „יענקעלע געהט אין שוהל אריין“.

— פערפאסט פאן —

## יצחק ריינגאלד.

---

### דארט איז מיין פאטערלאנד.

.1

אונגליק, שרעק און מורא׳ת,
פערפאלגונג, לייד און שאנד,
און ארט פון האס און גזירות,
דארט איז מיין פאטערלאנד.
און ארט וואו בלוט און טרערען,
מאכט דארט פייכט דיא ערד,
און גרויזאם לאזט זיך הערען,
דער קלאנג פון שארפען שווערד.
וואו פרייהייט ליעגט געטרעטען,
אין א יאמערטהאל,

און קעטען, שווערע קעטען,
הילכען איבעראלל.
צו ארט פון האס און צארען,
פון אונגליק, לייד און שאנד,
דארט בין איך געבארען,
דארט איז מיין פאטערלאנד!

2.

עס קלאנגען דארט דיא הימלען,
עס שטורעמט מיט געוויין,
דיא וואלקען, רוישען, טימלען,
גלייך וויא זייא פארשטיין:
דעם שמערץ פאן קליינע קינדער,
דעם קרעכץ פאן אלטע לייט,
וואו יעדער פיהלט בעזינדערע,
וואס הינגער, נויט, בעדייט.
דער ווייטאג ווערט אלץ גרעסער,
מען שרייט פאן שמערץ: ווארום? —
נור פולווער, קעטען, שלעססער,
מאכט אלץ שטילל און שטום...
וואו הערשאפט, האס און צארען,
ברענען פייער בראנד,
אך! דארט בין איך געבארען
דארט איז מיין פאטערלאנד!

3.

עס הילכען דיא פאנראממען,
עס פליסט אונשולדיג בלוט,
אין בלוט, אין רויטע שטראממען,
שווענסט דער צאר זיין קנוט!

מֶען שְׁרַיים „רָאם אוֹיס דִיא זִינְדֶער",
דָער אִיד קוּמְט אִימְמֶער פְרִיעָר,
„עֶלְטֶערְען פֿאָן קִינְדֶער,
פֶערְשְׁלַיידֶערְט אִין סִיבִּיר!"
נֶעיָאגְט פוּן דִיא דֶעסְפָּאטֶען,
צוּם גְרֶענֶעצְן לוֹיפְט מֶען שְׁנֶעלל,
אוּן דָארְט וֶוערְט מֶען צוּטְרָאטֶען,
עֶרְשָׁאסֶען אוֹיף דָער שְׁטֶעלל!
וואו ווִילְדֶער הַאס אוּן צָארֶען,
נֶעהְט אוֹיף גֶעפָארְט בַּאנַאנְד,
אָך! דָארְט בִּין אִיךְ גֶעבָּארֶען,
דָארְט אִיז מַיין פַאטֶערְלַאנְד!...

ענדע.

---

# דו־דו

## מַיין לִיעבֶּער יוּקִיל־דוּ.

נֶעזוּנְגֶען מִיט דָער מֶעלָאדִיע פאָן עֶנְגְלִישֶׁען לִיעִ־
„דוּ־דוּ מַיי הָאקִילְבֶּערִי דוּ".

— פערפאכט פאָן —

## יצחק ריינגאָלד.

---

דוּ־דוּ מַיין לִיעבֶּער יוּקִיל־דוּ.

1.

גֶעאַרְבַּייט הָאט עֶר פִּיר אַ סְוֶועטֶער,
דְרַיי מָאנַאטֶען יִשְׂרוּעֶר,
ווַיידְזִשֶׁעס צַאהְלֶען, וַוארְט אוֹיף שְׁפֶּעטֶער,
וֶועסְטוּ קְרִינֶען מֶעהר,

מַיין יֶעקִיל וואַרְט, עֶס נֶעהְמְט קַיין שִׁיעוּר,
אוּן עֶנְדְלִיךְ ווֶערְט עֶר מִיעֶד,
עֶר קוּמְט זִיךְ קְלָאגֶען דַאן פאַר מִיר
דאָ זִינג אִיךְ אִיהם אַ לִיעד,

אַ דוּדוּ מַיין לִיעבֶּער יוּקִיל־דוּ
פִיר הֶעלְפֶען אִיז נִיטאָ דאָ,
שְׁטֶעל צְווֵייא פֵייעֶן סְ׳מַאכְט פַארְפַאלֶען
ווַייל דוּ בִּיסְט אַ יֶעקִיל דוּ־דוּ"
דוּ דוּ מַיין לִיעבֶּער יֶעקִיל־דוּ
דָאס קוּמְט דִיר נוּר דֶערְפַאר,
ווַייל דוּ בִּיסְט אַ „יֶעקִיל־דוּ"
אוּנְד לַיידֶען מוּז אַנאַר! ....

לֶעצְטֶען זאָנְטאַג האָט מַיין שָׁכֵן,
שְׁטַארְק זַיין ווַייבּ גֶעקְלַאפְּט,
אִיהְר דִיא בֵּיינֶער גוּט גֶעבְּרָאכֶען,
מִיט וואָס עֶר האָט דֶערְטַאפְּט,
מִיט דְרַיי טֶעג שְׁפֶּעטֶער, ווֶערְט גֶעבְּרַאכְט
אִין קאָרְט, מַיין לִיעבֶּער אִיר,
דֶער רִיכְטֶער, קִיקְט אוֹיף אִיהם אוּן לַאכְט
אוּן זִינְגְט אִיהם אָט דִיא לִיעד.

אַ דוּדוּ מַיין לִיעבֶּער יוּקִיל דוּ
דוּ בִּיסְט אַנאַר מַיין יוּד־דוּ...
האָסְט גֶעזְאָלְט לַאנְג מַאכֶען פְּלֵיטָה,
אוּנְד האָסְט גֶעוואַרְט דוּ יֶעקִיל־דוּדוּ.
דוּ־דוּ ווֶעל אִיךְ דִיר גֶעבִּין דאָ,
דְרַיי מאָנאַט דְזְשַׁייל דֶערְפַאר,

ווייל דו ביסט א „יעקיל דו"...
אונד לײדען מוז א נאר...

3.

איינער גיבט זיך, צו פיעל איבער,
צו דיא לוסט פאן לייב...
אונד פערליעבט זיך גלייך דעריבער,
אין א פרעמדענס ווייב,
דער מאן שפירט נאך, און ווערט נעוואהר,
דיא איינפערזוכט צו גליהט,
ער חאפט דעם בחור מיט זיין פאאר,
אונד זינגט איהם אט דיא ליעד.

א דרדו מיין ליעבער יוקיל־דו.
אויף פרעמדע קברים קריכסטו?...
ווער דשע טאקע דא בעגראבען
נזלן! צו מיין ווייב וואס האסטו?...
דרדו מיין ליעבער דודיל־דו
פעטש קריגסטו דערפאר,
ווייל דו ביסט א יעקיל דו...
אונד לײדען מוז א נאר!...

ענדע.

# לעבען זאל טאקע דער איד,

— פערפאסט —

## פאן בארים טאמאשעווסקי.

1.

ווער איז גליקליך אונד רייך — דער איד
ווער האט געלד אסך — דער איד
ווער לעבט זיך וויא איין גראף
ווער עסט אללע קאטשקעלעך אויף
דער איד, דער איד, דער איד,
אוי לעבען זאלל טאקע דער איד.

2.

ווער איז אויף דער וועלט אונטערדריקט — דער איד
ווער איז געיאגט אונד געשטיקט — דער איד
ווער איז פיעל אימערום
ווער שלעפט זיך מיט דיא קלימקעס ארום
דער איד, דער איד, דער איד,
אוי לעבען זאלל טאקע דער איד.

3.

ווער פאהרט אין איין קארעט — דער איד
ווער איזט געקליידעט שעהן אונד נעט — דער איד
ווער האלט דאס לאנד אין דיא הענט,
ווער בארגט איין קעניג געלט אויף פראצענט,
דער איד, דער איד, דער איד,
אוי לעבען זאלל טאקע דער איד.

4.

ווער טראגט א פעקיל אויף זיך — דער איד,
ווער פערקויפט קליידער אונד שיך — דער איד.

װער נִיט אַרוּים דָעם בֶּעסְטֶען שְׁנִיט
װער האָט א גֶעשְׁעפְּט אִין לוּדְלָאװ סְטְרִיט
דָער אִיד, דָער אִיד, דָער אִיד,
אוֹי לָעבֶּען זָאלל טַאקָע דָער אִיד.

5.

װער װָאהְנְט אִין עֶנְגְשַׁאפְּט אִין שְׁמוּץ — דָער אִיד
װער האָט קִינְדֶערְלֶעךְ א גַאנְצֶען טוּץ — דָער אִיד
װער בְּרֶענְגְט א כּוֹלֵל פוּן דָער גַאנְצֶער װֶעלְט
װער הַיינְט אִין פְּלָאמְבֶּעס און נֶעמְט צוּא דָאס גֶעלְט
דָער אִיד, דָער אִיד, דָער אִיד,
אוֹי לָעבֶּען זָאל טַאקָע דָער אִיד.

6.

װער זִינְגְט א צִינְד פאר אייךְ — דָער אִיד
װער חַאפְּט א פְּלוֹיזִין אַסַךְ — דָער אִיד
װער האָט דָאס קוּפלֶעט גֶעמַאכְט
װער האָט דאָס פּוּבְּלִיקוּם צוּם לַאכֶען גֶעמַאכְט
דָער אִיד, דָער אִיד, דָער אִיד,
אוֹי לָעבֶּען זָאל טַאקָע דָער אִיד.

---

# יָאקֶעל.

— פערפאסט פאָן —

באָרִים טאמאַשעװסקי,
רעזשיסער פאָן טהאַליא טהעאטער.

---

1.

א נאר בִּין אִיךְ אזוֹי זָאגְט דִיא װעלְט אוֹיף מִיר
אַלְלֶע לַאכֶען זִיךְ נאר פאָן מִיר [illegible]

איך לאַך מיט
מהוּא נאַר ניט
און איך שטייא
קוועל פאַן זייא
איך לאַך מיך פאַן זייא אויס
אַשפּיצעל מהוּט מיר אויף וויעדער פאַן זייא אָפּ
דאָ שלאָגט מען מיך דאָ וואַרפט מען מיך ארויס
איך שוויינ שטיל
אוּם מיין ציעל
רייד קיין וואָרט
אויף דעם אָרט
ערר‍ייכען וואָס איך וויל
מע רופט מיך אידעלע יאָקעלע
און איך מאַך מיך ניט דערפון
וויל אין מיין אידישען קעפּעלע
לינט אוי א גוטער זגהן
יאָקעל יאָקעל ער איז ניט קיין נאַר — ניין ניין ניין
יאָקעל יאָקעל ער איז ניט קיין נאַר
דרייהט ער זיך אויס דער פּאר

2.

צוּא אַיין ניטען אידען פאָהרט אויף דיא גאַנצע וועלט
געלד פיהרט מען איהם נאַר אַן אַיין עס
נאַר אָהן מיעה
נעמט ער עס צוּא
נאַר אָהן געוואַלד
נעמט ער עס באַלד
אָהן מורא אונד אָהן שרעק
א יונג ווייבעל אז א קינד וויל האָבען זיא
צוּם רבין פאָהרט זיא

װײל יאָקעל איז ניט קײן נאר
אױף טשיקענס הײנגט ער א פּלאָמבּעלע
אונד נעמט אױך געלט דער פאר
יאָקעל יאָקעל ער איז ניט קײן נאר נײן נײן
יאָקעל יאָקעל ער איז ניט קײן נאר
הײנגט ער אהן פּלאָמבּעס דער פאר.

4.

דיא אַרבּײטער װאָס אַרבּײטען אזױ שװער
קײן ציעל ערדרײכען קענען זײא ניט
עס איז א פּלאַן
עס זאָל זײן
אָרעם אונד רײך
אַללעס גלײך
קײן אונטערשיעד ניט
פּעסט נעמען זיך אונד אַרבּײטען האַנט אן האַנט
אום צוא ערדרײכען א ציעל
ניט טראַכטען לאַנג
מיט אײן גאַנג
טוהט נאר דאָס
איהר װײסט שױן װאָס
װעט איהר ערדרײכען פיעל
אַי װעט טאַנצען יאָקעלע
אָבּער צאָהלען װעט ער מוזען דאָך
אונד דער אַרבּײטער יאָקעלע
װעט האָבּען א גוטע װאָך
יאָקעל יאָקעל זײא זשע ניט קײן נאר נײן נײן
יאָקעל יאָקעל זײא זשע ניט קײן נאר
װעט מען צאָהלען גוטע װײדזשעס דערפאַר.

ער זאָגט איהר צוא
אז ניך אונד פריה
ווערט זיא אַלייט
אין קורצע צייט
פירט זיא אַהיים א קינד
מען גיט דעם איין נאָמען יאַקעלע
ווייל יאָקעל איז ניט געוועהן קיין נאר
מאַן טאַנצט מאַן הילעט ווייל יאָקעלע
האָט געהאַט א חלק דער פאר
איז רבי יאָקעל יאָקעל ניט קיין נאר ניין ניין ניין
יאָקעל יאָקעל ער איז ניט קיין נאר
זאָחרע ווייבלעך צוא איהם דער פאר

3.

דער רב הכולל איז ח׳לעבען א פיינער מאַן
דאס זאָגט אויף איהם דיא גאַנצע וועלט
ביי איהם איז גלייך
אָרעם אונד רייך
קיין אונטערשיעד
ער ווערט ניט מיער
ער נעמט ביי יעדען געלד
יוּאָרקער בעל הבתים קוועלען פאַן איהם אַחן
אונ ער שינדט פאַן זייא אַראָפּ דיא הויט
טשיקען געלט
פלאַמבע געלט
חבר געלט
שכירות געלט
אַללעס נאָר פאַר געלט
א טאַקסע האָט געמאַכט רבי יאָקעלע

# צו אַבְרָהם גָאלְדְפַאדֶען.

וויא ער זינגט פון גאָט'ס חסדים,
רב אברעמיל גאָלדפאַדים!
האָט איהר ניט זיין ליעד געהערט?
„איהר זיינט עדות, קאַץ און ברונים"!
הערט נאָר, קרוין האַרץ, דיא נגונים
איטלאַכס וואָרט איז קושען ווערטה.

„שבת, יום טוב און ראש חודש",
דאס איז אידישלאַך און קודש,
אָט אַזוי זינגט אויף אַ איד:
„וויא דער פאסטוך היט דיא לעמער,
וויא עס קומען אָן דיא רעמער,
וויא ער זינגט זיין קלאַגע ליעד".

ביזט קיין נגיד, האָסט קיין קצינות,
פאָהרסט אַרום אין דיא מדינות,
וויא אַ איד בעדארף צו זיין;
נאָר אַ וואו דיר וועט עס ברינגען,
וועט אַ איד דיר אונטערזינגען:
„יענקעלע געהט אין שוהל אַריין".

(פון דיא „אידישע נגונים", פון א. ס. שארקאנסקי).

# פּאַטער ליעד.

## דאס ווינגט אברהם.

1.

אך פערבראַכט האָב איך מיין בעסטע צייט מיין לעבען מיין וועלט,
אך געאַרבייט מיט בלוטיגען שוויים צו זאַמלען גוטס און פיעל געלד,
גאָטט האט געבענשט מיין הויז, מיין פערמעגען איז גרויס
וואס טויג עס מיר אצינד, יאה אָהן איין איינציג קינד.
וויא ווערט אהינפימען מיין גוטס ווער ווייסט וויא
ווער וועט אויף עססען מיין פערהאָרעוועטע מיה,
נעם עס דיר צו גוטער גאָטט, נעם עס צוריק,
איך דאנק דיר זעהר ניטער גאָטט פאר דיין גליק,
וואס מיין מיר מיין פריער, מיין היינט און מיין שפּעטער
אוי אן א קינד.

2.

אך וויא אונגליקליך פיהלט זיך דער מענש ווען ער בלייבט אין זיין צעלם
אך מיעד פון זיין לעבען אליין און דאַרף געהען פון דער וועלט
און אויף דיא עלטערע יאהר, בלייבט ער עלענד גאר
אהן כח און אהן געזונד, און אהן איין איינציג קינד
ווער קען איהם טרייסטען, ווען ער ווירד נעבאך קראנק
ווער קען איהם בעלייטען ווען ער גייט דעם לעצטען גאנג
זיין קבר שטעהט אין פיסטען פעלד איינער אליין
קיין טרעהר פון א קינד בענעצט קיין מאהל דעם קאלטען שטיין
פערגעסען ווערט זיין נאמען אויף עביג.
אוי אהן א קינד.

---

# לוט'ס שיכור ליעד.

1.

אז איינער האט ערוואַקסענע טעכטער
אוי, אוי, אוי, נאָ מוז מען טרינקען
דעם טאַטען איז דאָך ביטער
א וועהטיג איז דער מיטטער
נייטא פאר זייא קיין בעלנים חאָטש שרייא חי וקים
פיים הערצען הייבט אהן צו קלעמען
עס וויל זייא קיינער ניט נעהמען
זיך טרעסטען מוז מען און טרינקען אין שענקעל לחיים
און אז עס קומט דיא צייט—יונגע לייט
הייבען אָהן צו זייא צו ווינקען
מען פיהרט דיא קליפּעס—צו דיא חופּה'ס
נאָ מוז מען דאָך טרינקען

מען בעקומט א פרעהליך פנים
מען ווערט גאר פריש און גאנצען
אלטע, יונגע מחותנים
געהען מיט דעם פאריל טאנצען
און מיר אלטע—נעביך קאלטע
ניססען פון דעם נייעם
מודה אני—שפטרני—בריעדער לחיים.

2

אז איינער האט א ווייב א צרה
אוי, אוי, מוז מען דאך טרינקען
דיא שטיב איז פיעל מיט יללות
מען הערט נור זידלען און קללות
עס איז פון איר ניט אויסצוהאלטען חאטשי זאל זיא חי וקים
איהר פיסק געהט נור אויף שרויפען
מען מוז פון איהר אנטלויפען
זיך טרעסטען מיט א גוטען ברודער אוי לחיים.
און אז נאטט בעשערט—אז זיא ווערט
אין דער ערד איינגעזונקען
דיא כפרה—ווערט דיא צרה
נא מוז מען דאך טרינקען
שבעה זעהט מען איהם נאך זיטצען
לאזט מען איהם ניט רוהען
עס לויפען שדכנים אפאר טיצען
און שלאגען פאר פארטיען
ער נעמט מחילה—א וואוילע בתולה
און מיט דעם זיווג דעם נייעם
טרינקעןביידע—מיט גרויס פריידע,
פון איין כוס לחיים לחיים.

---

# אליעזר׳ס קינדער ליעד.

ווערטע און מוזיק פון זיג. מאגולעסקא.

1.

דעם עושר פעהלט קיין תענוג
נור איינס פעהלט א פיצעל קינד
לאנד, פיה, מילך און האניג
דאך פעהלט דאס פיטצעלע קינד
עס וואלנערט זיך נאלד אין אללע ציממער
נור קיין פיטצעלע קינד

דיא מאמע ווינט, און דער טאטע דער פרימער
אָטמיניו שענק אונז א קינד:
דער בורא האָט זייער תפילה דערהערט
נאָט אייך א בן יחיד, ער איז אייך בעשעהרט
טאטע מאמע זיך פרייען
ווען זייא דאס פיטצעלע זעהען
דער מאמען פאר דעם קינדעלע
און דער טאטע וויקעלט דאס אין ווינדעלע
דער מאמען פאר דיא חנ׳דעליך
דעם טאטען פאר דיא ביינדעליך
ווינ׳שען זייא זיך און מען קוועלט—אוי
זייא מאכען צו דעם קינד אייזשע ניו ניו ניז
און דאס פיצעלע ענפערט זייא ענא ענא ענא
אן דער קרוין פערגעסט דער קעניג
כבוד געלד איז ווענינ
צו קויפען א קינד אויף דער וועלט
אוי נור א קינד איז דיא וועלט.

2.

דיא עלטערן שרייען געוואלד
פאר שמחה דורך דעם קינד
געוואָרען דרייצעהן יאהר אלט
בר מצוה ווערט ער אצינד
א סעודה פאר מעננער, ווייבער און קינדער
צו ליעב דעם איין און איינציג קינד
דערלעבט האָבען זייא צו זעהן גאָט׳ס ווינדער
וויא תפילין לעגט דאס קינד אצינד
דאס בן יחידיל זיצט גאנץ אויבען אָן אין קאָהן
און זאָגט א דרשה דער עולם זעהט אָן
טאטע מאמע זיך פרייען
דעם בן יחיד אין תפילין זעהען
דער מאמען פאר דעם בריה׳לע
און דער טאטע וויקעלט איהם דאס רציעה׳לע
דעם טאטען פאר דיא חנ׳דעלעך
דער מאמען פאר דיא ביינדעלעך
ווינשען זייא זיך און מען קוועלט—אוי
דער טאטע קוועלט פון זיין זכר׳ל
דיא מאמע שרייט מיר פאו מיין בחור׳ל
מען דארף קיין קרוין קיין סעניג
כבוד געלד איז ווענינ
צו קויפען א קינד אויף דער וועלט
אוי—נור א קינד איז דיא וועלט.

3.

רער טאַטע אין דיא מאַמעניו
זאָרגען פאַר דעם איינציגנען קינד
צו דער חופה מיט אַ כלה׳ניו
פיהרען זייער איינציג קינד
פליציב אוי ווערה אַ געוואַלד אַ געפילדער
אַ יאָמער אוי ווערה אַ פלאָג
קימט דער מלאך המות דער ווילדער
אין רויבט זייא דאָס קינד אין איין טאָג
דער טאַטע וויא דער הרגעט וויינט דיא הענד געביסען
דער מאַמען פון דיא אויגען וויא וואַסער טרערען גיסען
פאַרלוירען דאָס פרייען
אויסגעצויגען דאָס קינד אויף דער ערד זעהן
חברה קדישה דיא שלוחים
וויקלען דאָס קינד גאָר אין תכריכים
אין קבר בלייבען דיא חנ׳דעליך
דיא ווערם גריזען דיאביינדעליך
נישטאָ מעהר קיין קינד קיין וועלט
חברה קדישה דיא שלוחים..............
פאַרלוירען דיא וועלט.

---

# יצחק׳ס ליעד פון נח׳ס תבה.

1.

אז נח האט געמאכט דיא תבה
דער מבול האט בעדארפט צו זיין
פיעלע פארלאך זכר ונקבו
לויפען צו און ווילען אריין.
זיידע נח האב רחמנות,
בעטען זייא מיט א געוויין,
דאס וואסער רוישט שוין מיט סכנות.
לאז אונז דא אך נישט דערגעהן,
אוועקט רשעים—דיא חטאים
זיינען פאר דער ערד צו שווע
נור אפמעקען—נישט פארפלעקען
זאלט איהר דיא וועלט זייא נייע מעהר.
מענסט אונז זיידע היילינג גלייבען
דיא נביאה זאגט אליין
אז אונזערע קינדער וואס ווילען לעבען
וועלען דיינע אין דיא נויטהען שטעה׳

און נח ניט א גלעט זיין שטערען
און ווייזט זייא אן אויף דער טיהר
פון וועהמען איך וועל ניטס נור הערען
זאג איך גלייך קום צו מיר.
קאהר—קים צי מיר אין תבה אריין
קים אריין קים אריין. } ביז

2.

אדא זעהט מען צו דער תבה
שפאנען שטאלץ פארליך צו
ביידע זכר ונקבה
א ווילדער לייב מיט זיין זיא
זיידע נח האב רחמנות
ברימען זייא מיט א געוויין
דאס וואסער רוישט שוין מיט סכנות
לאז אונז דא אף נישט דערגעהן
אוועקט איהר חיות—מיינע קינדערס חיות
וועט איהר צערייסען מיט אייערע צעהן
מענסט אונז גלייבען—שווערען דיא לייבען
מיר וועלען זייא גראד אין דיא נויטהען שטעהן
אז א רשע וועט אמאהל דניאל'ן
אריין ווארפען אין לעווען גרוב
וועלען זיך מיינע קינדער שפיעלען
מיט איהם פרייליך און זעהר ליעב.
און נח הערט דיא שעהנע ווערטער
זאגט ער שנעל מאכט אויף דיא טהיר
אדינו לייב מיט זיין בעשערטער
איהר האט שוין געפויעלט בייא מיר
קאהר—קום צו מיר אין תבה א. ז. וו.

3.

פליצים זעהט מען צי דער תבה
צווייא רויב פעגעל פליהען צי
ביידע זכר ונקבה
א שווארצע ראבע מיט זיין זיא
זיידע נח האב רחמנות
קראקען זייא מיט א געוויין
דאס וואסער רוישט שוין מיט סכנות
לאז אונז דא אויף נישט דערגעהן
איך בין נאר ניט תופס—איהר טמא עופות
וויא וואגט איהר יעצט נאר אזא שריט.
דיא אין דיין וואבעל—מיטין שארפען שנאבעל
פרעסט דאך מענשען רלייש אי בלוט.

וואַרט זאָגט דער ראָבע מיר וועלען דיר ווייזען
אז אליהו הנביא וועט זיין אין א נויט
וועלען איהם אונזערע קינדער שפייזען
צווייא מאָהל אין טאָג מיט פלייש און ברויט
אין נח'ן איז געפעלען דער שווינדעל
אין שמייכלענדיג מאַכט ער אויף דיא טהיר
שוין איהר עהרליך רויב געזינדעל
איהר האָט שוין געפויעלט בייא מיר
קאָהר—קים צי מיר אין תבה א. ז. וו.

4.

פליצים זעהט מען בייא דער תבה
שטעהט א פּאָריל און קיים שטרוי
ביידע זכר ונקבה
א קליינער עזעל מיט זיין פרויא
זיידע נח האָב רחמנות
הירזשען זייא מיט א געוויין
דאָס וואַסער רוישט מיט סכנות
לאָז אונז דאָך אַך נישט דערגעהן
וואָס וויכסטו חמור—מיט דיין יאַממער
וואָס פאר א מצות קענסטי טהין
זעהסטי זיידע—פין אינז ביידע
וועט אמאָהל ארויס א קליענער זיהן
ווען אויף איהם וועט בלעם רייטען
צו שעלטען דיינע קינדער מאוס
וועט ער דיא קללות אין ברכות פערבייטען
ווייל צי קוועטשען וועט ער איהם זיין פיעס
אז דיא זאָגסט איז אמת מין הסתמה
זאָגט נח שנעל מאַכט אויף דיא טהיר
מיסטער עזעל מיט זיין מאַדאַמע
איהר האָט שוין געפויעלט בייא מיר
קאָהר קים צי מיר א. ז. וו.

5.

פליצים זעהט מען צו דער תבה
שלעפּט זיך א פּאָריל לאַנגזאַם צו
ביידע זכר ונקבה
א גרויסער אָקס מיט א רויטער קוה
זיידע נח האָט רחמנות
מעהקען זייא מיט א געוויין
דאָס וואַססער רוישט שוין מיט סכנות
לאָז אונז דאָ אויך נישט דערנייין

איהרווילט זעלבער—מיט אייערע קעלבער
פערגעטערען זאָל איך מיין קינד
פארקערט זיידע—דאָ איז דיא רעדע
זיך צו אָפּפערען פאַר זיינע זינד
אז איינער וועט א מאָהל זיין חוטא
וועלען זיך מיינע-קינדער מקריב זיין אָן צאָהל
און מיט דער צייט וועט זיין דיא רויטע
דיא כפרה פאַר גאַנץ קהל
און נח זעהט דיא פרה אדומה
און זאָגט שנעל מאַך אויף דיא טהיר
פעטער אָקס אין דיא רויטע מימע
איהר האָט שוין געפּויעלט בייא מיר
קאָהר—קים צו מיר אין תבה א. ז. וו.

---

# שרה אונד אברהם ביים אלטאר.

שרה. — מעגען אללע פעלקער און אומות צו גלייך
ביקען זיך און דינען צו געטער אסאך
מיר ווייסען ניט פון קיינעם
מיר דינען נור איינעם
מיר געבען נור צו דיר אליין א שבת.
קאָהר. — מעגען אללע פעלקער, א. ז. וו.
שרה. — וואָס דיא וועלט איז דיין
הימעל, ערד און שיין
דיא וויסטע אויך וועלדער, גרינער
וואָס אין דער לופט שוועבט
וואָס אין דיא וואססערין לעבט
אללע זיינען דיינע דיענער.
קאָהר. — מעגען אללע פעלקער, א. ז. וו.
אברהם.—מיר זענען אללע פרימע יודעלעך
זינגען צו דיר כשרה ליעדאלעך
ווערט דאָך באַלד א גרויס געטימעל
אויבען אין דעם הימעל
מלאכים שפּיעלען אויף דיא פיעדאלעך.
קאָהר. — מיר זענען אללע, א. ז. וו.
אברהם.—מיט דיא זעלבע מעלאָדיען
טהוען זייא ארים פליהען
און זינגען אויך מיט פרייט
מיט א צערטליכעם געפיהל
זיטצט גאָטט אויף דער שטיהל
אונד זינגט זיך שטילערהייט
קאָהר. — מיר זענען אללע, א. ז. וו.

# שלאף ליעד.

## וויא שׂרה פערשלעפערט יצחק'ן

די זיסע געטליכע אידישע מוזיק פון ד'יזען ליעד קומט
פון כרובים לאנד עס בעצויבערט יעדע צוהערער

1.

אוי, אוי, אוי, גאטעניו גאטעניו גאטעניו אוי
זיי מיר מוחל גוטער גאט א צינד.
דוא האסט מיר דאך צוגעשווארען
איידער איך האב איהם געבארען
און איך גלויב אין דיינע רייד
מען וועט ניט מעהר לאכעי
ניט מעהר חוזק מאכען
גאט דער גוטער
איז דיין היטער
שלאף מיין טהייער קינד
שלאפ'זשע שלאף מיין שׂרהלע
דיך וויגט דיין מוטער שׂרהלע
גאט דער גוטער
איז דיין היטער
שלאף מיין טהייער קינד.

2.

אוי, אוי, אוי, זוניוניו זוניוניו זוניוניו אוי
מיט לאנגע יאהרען זאלסטו מיר זיין א צינד
דוא זאלסט נור גלויבען
ביי דיינעם לעבען
מיין טהייער קינד
גרויס וועט זיין דיין נאמען
פון דיר וועלען פעלקער שטאמען
גאט דער גוטער
איז דיין היטער
שלאף מיין טהייער קינד
שלאפ'זשע שלאף מיין שׂרהלע
דיך וויגט דיין מוטער שׂרהלע
גאט דער גוטער
איז דיין היטער
שלאף מיין טהייער קינד

# דאס עפּעלע.

גענומען פון בעריהמטען קאמיקער

ב. בערענשטיין.

1.

אוי חוה מיט דער שלאנג!
דיא מענשען טהוען מיר באנג!
איבער דיין עפּעלע,
ליגט זייער קעפּעלע,
טיעף אין ד׳רערד פון לאנג. —
גאט האט דיך פאררהיט;
אז עססען מאגסטו ניט
פון אללע פּירות
איז קיין עבירות
נאר פון איין בוים ניט!....
האט זיך דיר פארגלוסט דאס עפּעלע, דאס ע... ע
דאס פארבאטענע עפּעלע, עפּעלע!
דאס האט אללע געשאדט:
מ׳שטארבט שוין פאר דער צייט —.
זייט זשע ניט ציקאווע
וויא אייער מוטער חוה.

2.

אוי חוה מיט דער שלאנג!
דער קאססירער טהוט מיר באנג,
איבער דיין עפּעלע,
ליגט זיין קעפּעלע, —
טיף איז דר׳ערד פון לאנג: —
ביא א גרויסען גביר אליין
איז ער קאססירער געווען

וואָס ער אַ קאַפּעלע
גענומען: האָפּ־לאַפּעלע....
און מ'האָט גראָד דערזעהן!....
ס'האָט זיך איהם פאַרגלוסט דאָס עפּעלע, דאָס עפּעלע,
דאָס פאַרבאָטענע עפּעלע, עפּעלע....
דאָס האָט איהם געשאַדט,
ער זיצט אין קרימינאַל אַ צייט,
זיינט זשע ניט ציקאַווע
וויא אייער מוטטער חוה.

3.

פרוי חוה מיט דער שלאַנג!
דער שכן מהוט מיר באַנג!
איבער דיין עפּעלע,
ליגט זיין קעפּעלע,
מיעף אין דערערד פון לאַנג! —
איך קום אַ היים צוגעתן
מרעף איך איהם אליין
מיט מיין ווייבעלע
וויא אַ טייבעלע
קישט ער זיך גאַנץ שעהן!....
ס'האָט זיך איהם פאַרגלוסט דאָס עפּעלע, דאָס עפּעלע,
דאָס פאַרבאָטענע עפּעלע, עפּעלע!....
דאָס האָט איהם געשאַדט,
כ'האָב איהם אונטערגעשלאָגען דיא זייט!....
זייט זשע ניט ציקאַווע
וויא אונזער מוטטער חוה.

---

# דיא לידער פון מליץ יושר
# דיא מאראל.

יא דיא מאראל דיא מאראל,
דיא טהוט גוטעס איבעראל.

1

אויף לאנג גערדיינקט זיך דיא מאראל
זיא לאזט סימנים איבער סימנים
האטש בייא יעדען ארט אונד פאל
האט זיא איין אנדער פנים.
דער ליגט אין קערקער איינגעשפאנט
אין קייטען לאנג אהן א צאהל
פלוצלינג פאן דער קערקערס וואנד
ווערט ער בעפרייט א מאהל...
און ווען ער וועט זעהן דיא שפורען
פון דיא קייטען איבעראל
אוי וועט איהם ליגען אין זכרון
דיא אייזערנע מאראל.

יאה דיא מאראל א. ג. וו.

2.

א יונגער מאן געהט שפעט בייא נאכט
וייל פון'ם שכנס ווייבעל האלט ער
אריין אין שטוב ווייל ער טראכט
אין דער היים איז נישט דא איהר אלטער
דער אלטער האט זיך אויף געהאפט
און נעהמט זיין שטאק ארויס
און קנאקט איהם נאר וואו ער דערטאפט
אלע ביינער אויס
און ווען דער יונגער מאן וועט קריכען
און זיך א טאפ טהון איבעראל
אוי וועט ער געדיינקען
דיא ביינערנע מאראל.

יאה דיא מאראל א. ג. וו.

3

א דאמעלע פריזירט ניט שלעכט
נאר וויל זיך גאָר ניט שעהמען
זיא לויפט ארום דיא גאנצע נעכט
דער רוח וייסט זיא מיט ווענמען
איהר מאן פאן כעס איז שוין זאט
ער חאפט זיא אָן ביים צאָפּ
און רייסט איהר אללע האָר כמעט
מאָראליש אוים פון קאָפּ
און אז דאס דאמעלע וועט זיך פריזירע
און דאָ וועט זיין גלאַט איבעראל
אוי וועט זיא דאמאלס שפירען
דיא אויסגעצופטע מאָראל.

יאה דיא מאָראל א. ג. ח.

# עס דרימעלט ניט דער וועכטער.

1.

דער גרויסער שעפּפער פון דיא וועלטען—גאָט
האָט זיך געקויפט א קנעכט פאר דיא צעהן געבאָט
זיינע גרויסע מעשים אומעדום—
צו דערציילען שיקט ער איהם ארום
און אז ס'טרעפט איהם איין אונגליק דארט—
וען ער וואנדערט פון אָרט צוא אָרט
הערט ער דאס טרייסטענד וואָרט
האָב נישט מורא יעקאניא מיין קנעכט
אזוי זאגט גאָט דער גערעכטער
פארליר קיין מוטה עס וועט דיר ניט זיין שלעכט
עס דרימעלט ניט דיין וועכטער

2.

נאך יונגערהייט אז ער האט פארלאָזט זיין לאנד
צו רעטען זיין לעבען פאָן זיין ברודער עשו'ס האנד
עלינד אין דער וויסטע איין אליין

ווערט ער אנטשלאפען אויף א הארטען שטיין
ער זעהט אין חלום א לייטער שטעהט
און פון הימעל א מלאך צוא איהם אראפ געהט
און ראהמט איהם איין שטילערהייט
האב נישט מורא א. ז. וו.

3.

פערפאלגט פון פרעה'ס שטארק מיליטער
לויפט ער צו פאר שרעק צו דעם טיעפען מעער
פון פארינט און פון הינטען גרויס געפאהר
זיין לעבען איז געהאנגען אויף איין האר
פלוצלינג זעהט ער וויא דאס שפיללענדע מעער
ווינקט צוא איהם מיט דער האנט דער וואססעריקער
קום יאנקאניא קום אהער
האב קיין מורא א. ז. וו.

# גאטטעס וואונדער.

1.

א מאהל האט זיך דיא אומה אן געקעהרט
מיט היידען דיא כלדייער
אז עס איז דא איין גאטט האט ער ערקלעורט
איינער איין העברעער
און איהם האט גאטט א זאג געטאהן
הער מיך אוים אברהם'ל
קוק דעם הימעל און דער ערד אן
דאס וועט זיין מיין קרעמיל
איך וועל דיך מאכען גרויס
פון דיר וועט ארויס
א פאלק וואס וועט זיין געמליך
דיא נאטור מיין איך
האלטען וועל איך
און דוא וועסט מישען דיא בלעטלאך.
אין א יעדען דור
וועל איך אייך נור

בעווייזען גרויסע וואונדער
אז איהר וועט נאָר זיין
וואָהל גוט און פיין
מיר געטרייע קינדער.

2.

איידער ער האט זיינע קינדער געבראכט
צו זיך אין ירושלים.
האבען זייא 400 יאהר פערבראכט
אין דעם לאנד מצרים
מען האט זייא דאָרט זעהר שטארק גידריקט
ביז גאָט האט דערהערט זייערע קלאגען
און האט אויף דעם לאנד אן געשיקט
וואונדערליכע פלאגען
א חיה וואס פרעסט
א האָגעל א פעסט
א פינסטערין מלאך המות
ביז פרעה אליין
האט זייא געהייסען גיין
און האט זייא נאך געגעבען אויף הוצאות.
אזוי וועל איך אייך
בעווייזען א סך
גרויסע שטאַרקע וואונדער
אז איהר וועט נאָר זיין
וואָהל גוט און פיין
מיר געטרייע קינדער.

3

ארום געגאנגען זיינען זייא 40 יאהר
אין דער הייסער וויסטע
פון וואסער איז דאָרט געווען קיין שיור
נאָר זאמד און שטיינער פיסטע
פאַן א שטיין וואסער האט זייא געצאפט
משה דער מיוחס
און פאן הימעל האבען זייא געכאפט

ברייטלאך כצפיחות.
פייגעלאך א סאך
זיינען צו זייא גלייך
אליין צופליהען געקומען
שנייט אונז דיא קעפּ
און קאַכט אונז אין טעפּ
און לאָז אייך וואָהל בעקומען.
אזוי וועל איך אייך
בעווייזען א סך
גרויסע שטארקע וואונדער
אז איהר וועט זיין
וואָהל גוט אונד פיין
מיר געטרייע קינדער.

.4

ארויס געגאנגען פאן מצרים זיינען זייא קאם
איז פרעה זייא נאכגעלאָפען
מיט זיין גאנצער מחנה ביים ים
האט ער זייא אנגעטראָפען
ער וואָלט פון זייא געמאכט איין עק
זייא וואָלטען געווען פערלאָרען
האט גאָטט געטאהן א פייף פאר שרעק
איז דער ים פערגליווערט געוואָרען.
און פרעה׳ס מיליטער
האבען אין דעם מעער
געפונען זייער קבורה
און אונזערע לייט
פון יענעם זייט
האבען פריילינ געזונגען דיא שירה.
אזוי וועל איך אייך
בעווייזען א סך
גרויסע שטארקע וואונדער
אז איהר וועט נאָר זיין
וואהל גוט אונד פיין
מיר געטרייע קינדער.

4

יעצט אז איהר ועט דארפען ריידען צו מיר
קענט איהר פון ירושלים,
מיין ענטפער וועט איהר בעקומען פריע־
פון דארט מן השמים
אזוי האט געזאגט צו זייא זייער גאָטט
ווען ער איז פון זייא געשיידען
נאר דעם קאָנטראַקט דיא צעהן געבאָט
שרייבט איהר מיר אונטער יודען
האלט איהר עס אויס
מאך איך אייך גרויס
אז דיא גאנצע וועלט וועט קאָכען.
אבער וועט איהר
פֿארגעססען אן מיר
אוי מעל איך אייך שווער בעשטראפֿען.
און דאן וועל איך גלייך
פֿארגעססען אָן אייך
נישט מער בעווייזען קיין וואונדער
ווען איהר וועט זיין
נישט וואויל און פיין
צו מיר אונגעטרייע קינדער.

# צום פאטער און חתן.

1

אָה וועה טייערע זעעלען
וויא מוזט איהר אייך יעצט קוועהלען
פאטער, ליעבער, טהייערער גוטער
און דוא מיין חתן אויך.
אוי, אוי, קרעבטץ איהר אוודאי
וועה, וועה, דענקט איהר גראדע
אוי, אוי, אוי, אוי,
וואס וועט דאָ יעטצט זיין דער סוף מיט מיר.
אָוי אוי קרעבטצט איהר אוודאי

ווערט, ווערט, דענקט איהר גראדע
אוי, אוי, ווי, אוי
וואס וועט יעטצט זיין מיט מיר.
ווען איך זאל יעטצט וויא איין נעדאנק שנעל קענען פליהען
אדער איך זאל יעטצט וויא א וואלקען קענען פליהען
וואלט איך נערן אייך ביידע (2 מאהל)
אננעזאגט דיא פריידע
נאטט זייא דאנק איך לעבע, יא
אה ווער טהייערע זעלען
וויא מוזט איהר אייך יעטצט קוועהלען
פאטער, ליעבער, טהייערער, גוטער
און דוא מיין חתן אויך.
הא, הא, הא, הא, הא,
הא, הא, הא, הא, הא,
— — — יא איך נעה!

# דיא ליעדער פאן יודישען פאוסט.

## אדער ביים טייפעל אין דיא צויין.

## השיבנו נאזאר (קעהר אונז צוריק)

1

ווען דיא שעה שלאגט אויס
נעה מענש ארויס
פערלאז דיין הויז
דיין קינד אונד דיין ווייב
פערלאזט ער זיין שטאנד
זיין היים און זיין לאנד
און נעהמט אין דער האנד
דעם וואנדערשטאב
ער וואנדערט און בלאנזעט ווייסט ניט וויא צו נעהן
אין מיטען וועג בלייבט ער פלוצים שטעהן
ער שטעהט אונענטשלאסען ער שפירט עפעס שלעבטס

און ווייסט ניט צו זאָל ער געהן גראָר,
צו זאָל ער געהן לינקס,
צו זאָל ער געהן רעכטס,
צו נאָר השיבנו נאַזאר.

2.

דאָרט אויף דעם שליאך
עלענד אָהן דאך
שעפּעלאך א סך
פערבלאָנזעטע ישטעהן.
גערעטעט פון טוידט
אין שרעקליכער נויט
צעריסען דיא הויט
פון וועלף שאַרפע ציין
דאס זיינען מיינע ברידער פון גאנץ פיינעס שטאַנד
בענזלט פערטריבען פון זייער פאטערלאַנד
זייא זוכען א היים א רוהיג שטיקעל אָרט
גענוג שוין צו זיין נע ,נד
וואס שטעהט איהר און טראכט אייער היים איז נאָר דאָ
קיין ציון—השיבנו נאַזאר.

3

אין שפּאַניען אמאהל
נאָר אָהן א צאָהל
אונזער פאָלק ישראל
האט געליטען אָהן מאָס
מען האט אונז געיאָגט
געהרג'ט געפּלאָגט
און וואס מיר האבען פארמאָגט
גערויבט אָהן א פאר וואָס
אצינד זיצט פארשעהמט
אָהן גלאנץ און אָהן פּראכט
געבראָכען געלעהמט
איז שפּאַניעם גרויסע מאכט
און וויא דאס לאנד רענקט און וויא עס רעדט

קען יעדערער לעזען אין בלאט.
עס שלאָגט זיך אין הערצען צעהן מאהל על חטא
און שרייט „יודעלע“ השיבנו נאזאד.

4

ווען אויף דעם ערד באל
שיינט פאסט איבעראל
דיא ליכטיגע שטראהל
פון ציוויליזאציאָן
איז דאָ נאָך איין מאכט
וואס פון בילדונג לאכט
און ציהט צו דער מאכט
פון אינקוויזיציאָן
דאס איז דער קאצאפ וואס שרייט אין איין שטיק
איך וויל ניט נעהען פּאָרוועטס, איך וויל נור נעהן צוריק
צוריק צו דער צייט פון מערדערייא
פון יודיש בלוט בין איך נאך ניט זאט
צו אונזערע זיידעס: איוואן, ניקאָלייא
צו דיא בארבארען—השיבנו נאזאד.

# אנגעפייפט.

.1

עס פערגלוסט איהם א דייטשקע
נאָר איין אלטען חניאָק
זיא קוואָקעט וויא א קאטשקע
און קוועהלט גאָר דער באָק
ער טאנצט ווען ער נעמט בייא איהר א שפּיץ פינגעריל
און ליעבע גיט זיא איהם א מכה
ער גיט איהר אוועק ביז דעם לעצטען קלינגעריל
און ער מיינט אז זיא ליעבט איהם טאקע.

(פראָזע) און פאר וואס זאָל זיא מיך ניט ליעב האבען פרעג איך אייך א קשיא, זיא איז בייא מיר דאס צווייטע ווייב, דאס גאנצע ציהרונג פון מיין ערשט ווייב האב איך אוועקגעגעבען, דאס הויז פון מיין ליע־

בען נאמען האב איך פארשריעבען אויף איהר נאָמען, אָי וואס ? וואס, וואָס, וואס ? וואס זיא איז אווענגעפאהרען און זיטצט שוין זייט א יאהר בייא איהרע קרבים ? נו וועט זיא קומען, וואס זאגט איהר הא ? וואס איך זאָג ? אזוויא איז נאָר אמת אז זיא זיצט שוין זייט א יאהר בייא איהרע קרבים און איז נאך נישט א היים געקומען, אויב אזויא מיין ליעבער יוד.

נעזאנג: אוי, אוי האט זיא דיר אָנגעפייפט
אוי, אוי האט זיא דיר אנגעפייפט.

2

היינט איז ערשט געקומען
מיין פריינד און פרעגט בייא מיר
דוא קענסט דעם רב דעם פרומען
דעם עהרליכען דעם גביר
מיין גאנץ קאפיטאל וואס איך האב מיר אויפגעקליבען
לינט בייא איהם אויף א קליינעם פּראָצענט
היינט האב איך געפאָדערט מיין געלד מיר צוריקגעבען
האט ער מיך גלייך וויא גאָר נישט דערקענט.

(פּראָזע) הע, וואס רעדסטו ? וואס הייסט ער האט דיך ניט דערקענט און ווידער וואס דאַרפסטו א סך טענה'ן מען נעהמט דאס וועקסעל אין מען גיט אָן, מען גיט אָן ? דאַרף מען דאָך פריהער האבען וואס אנצוגעבען, פארגעס ניט אז איך האב בייא איהם געפאָדערט א וועקסעל האט ער זיך נאך באליידיגט און האט געזאגט אז איין עהרליכען יודען געטרויט מען אויף דעם וואָרט, אזויא האסט איהם גע- טרויט אויף דעם וואָרט, מעגסטו גאנץ רוהיג שלאָפען, אויב אזויא מיין ליעבער יוד :

אוי, אוי האט מען דיר אָנגעפייפט
אוי, אוי האט מען דיר אָנגעפייפט.

3.

אויף דער 8טער שטראססע
שטעהט און ברעכט דיא הענד
א פיגור א בלאססי,
א פרויא איך האב זיא דערקענט
זאט זיך אייך נישט געטראָפען מיין מאנן צו בעגעגנען

**א צייט אז איך האב איהם נישט געזעהען.**
ער זאָל אוועקפאהרען מיט מיר זיך נישט געזעגען
קען איך עס גאָר נישט פארשטעהן,

(פראָזע) נוא, וואס איז פאר איין אומגליק אז א מאן פאהרט אוועק פון א פרויא, וועט ער צוריק קומען, ניין איהר ווייסט ניט וואס מען האט מיר געזאגט, אז ער איז אוועקגעפאהרען ניט אליין, דעם שכן'ס מיידעל איז אויך מיט געפאהרען, נאָר מיר גלויבט זיך עס ניט ווייל זיא איז געוועזען מיין בעסטע פריינדין און איך האב מיט איהר דוקא זעהר גוט געלעבט. וואס זאגט איהר האַ? וואס איך זאג, איז זיא נור געווען אייער בעסטע פריינדין? אויב אזוי מיינע ליעבע יודענע:

געזאנג: אוי, אוי האט ער אייך אנגעפייפט.
אוי, אוי האט ער אייך אָנגעפייפט.

# יצר הרע מיט'ן יצר טוב.

1

לעבזשע, לעבזשע פאָלגט דעם קלוגען
לעבזשע מענש וויא דיר געפעהלט
טוה וואס מאַכט דיר פערגעניגען
אויב דוא ווילסט נאָר וויססען פון א וועלט.

יצר הרע: א מענש האט נאָר ליעב צו שפיעלען
קארטען שפיעלט נאָר אָהן א שיער
ער פערטרייבט זיין צייט גאָר ניט צופיהלען
שפיעל פערגעניגען מאכט עס דיר.

יצר טוב: ניין דאס הייסט ניט קיין הנאה
זיין גוטס פערשפיעלט ער שוין פון לאנג
ביז ער בעט שוין א נדבה
אוי ווייגט ער און עס טוהט איהם באנק
לעבזשע, לעבזשע פאָלג דעם קלוגען, א. ז. וו.

2.

יצר הרע דער ליעבט נאָר אָהן מורא
ער טרינקט און טרינקט נאָר אָן א שיער
ער פערטרייבט דאמיט זיין מרה שחורה

טרינק פערגעניגען מאכט עס דיר.

יצר טוב טרינקען פיעל מאכט פיעל ליידען
שיכור הייסט ער שוין פון לאנג
פעראכטעט ווערט ער דאָך פון יערען.
אָוי ווײנט ער. און עס טהוט איהם באנג
לעבזשע, לעבזשע פאָלג דעם קלוגען א. ז. וו.

3

יצר הרע צוליעב א שעהנע פרוי׳ס ווענגען
ברענגט מען זיך אוים גאָר אָהן א שיעור
פאר א קיש גיט מען א פערמעגען
קיש פערגעניגען מאכט עס דיר.

יצר טוב און אז ער האט זיין געלד פערלאָרען
אָן קרעפטען בלייבט ער שוין פון לאנג.
אָוי ווײנט ער נאָך זיינע יאהרען
ער ווײנט, און ווײנט און עס טוהט איהם באנג.

צושפיעל לעבזשע, לעבזשע פאָלג דעם קלוגען
לעבזשע מענש וויא דיר. געפעהלט
טוה וואס מאכט דיר פערגניגען
אויב דוא ווילסט נור וויססען פון א וועלט.

# דאָס פינטעלע.

1

איך ווייס ניט וואס
וואס איז דאס
פרעגט זיין ווייב דער מאנן
עס פעהלט דאָך דיר
גאָר ניט בייא מיר
וואס דוא זאָגסט מוז זיין
און דאָך האסטו קיין נחת ניט פון אלע גליקען
און מיך דיין מאַנן ווילסטו אפילו ניט אנקוקען
וואס נאך פעהלט דיר, וואס נאך ביזטו צוטראָגען?
דעם אמת ווילסטו מאַנן, זאָל איך דיר זאָגען.

יאָ ווייל עס פעהלט מיר, אָט דאָ אין הערצען נור דאס קליינע פינטעלע
דען דער נחת און פערגעניגען פערוועהט וויא א ווינטעלע
יאָ ווייל עס פעהלט מיר אָט דאָ אין הערצען נור דאס קליינע פינטעלע.

2

איך וויים ניט וואס
וואס איז דאס
א ליעבער יונגערמאן
א שארפער מוח
א קלוגער אויך געלערנט זעהר פיין
עס ליעבט איהם א מיידעלע מיט איהר גאנצען לעבען
און דער פאטער וויל איהר ניט פאר א מאן איהם געבען
ער זאגט איהר טאָכטער מעגסט וויינען און קלאגען
ניט נעהמען וועסטו איהם פאר וואס וועל איך דיר זאגען:
יא ווייל עס פעהלט איהם צו דיא אלע מעלות נור דאס קליינע פינטעלע
דען דיא אלע גוטע מעלות פערוועהעט וויא א ווינטעלע
יא ווייל עס פעהלט צו דיא אלע מעלות נור דאס קליינע פינטעלע.

3

וואס איז דאס
בעל הבית
פרעג איך אליין בייא אייך
איהר האט דאך פאך
אין אייער זאך
פינטעלאך א סך
נוא ווער וואָלט דאס אין דער וועלט נעקענט גאָר גלויבען
אז איהר האט קיין נחת ניט פון אייער לעבען
וואס נאך פעהלט אייך, וואס נאך דארפט איהר אייך קלאגען
איהר ווייסט ניט הא? פרעגט מיך וועל איך אייך זאגען:
יא ווייל עס פעהלט אייך אין דיא נעהירען נור דאס קליינע פינטעלע
דען דאס פערמעגען און עשירות פערוועהט וויא א ווינטעלע
יאָ ווייל איהר האט ניט אין דיא נעהירען נור דאס קליינע פינטעלע.



# דיא ליעדער פון משיח'ס צייטען.

## בירושה פון מיין זיידען.

(דאס זינגט דער שנאָרער)

1

מיין טאטע טרינקט ביער גאָר א חידוש
מיין מאמע טרינקט מעד זעהר גיט
מיין ברודער מאכט איבער ווייז גאָר קידוש
מיין פעטער איבער אָקאָוויט
מיר מעגט איהר ווייז און ספירט אויך געבען
וועל איך ניט שיכור זיין פון ביידען
דיא טהייערע טבע איז מיר געבליבען
בירושה פון מיין זיידען.

2

מיין טאטע האט געלעבט פון צדקה פושקעס
ער זאָל זיך פאר מיר מיהען
פון שלעכטע בעל חובות מאטערן דיא קישקעס
האט אויך מיין ברודער געטיהן
צונויפנעהמען בייא סוחרים זעהר פיעל סחורה
און אנפייפען א יעדען
דאס האב איך דיא הייליגע תורה
בירושה פון מיין זיידען.

3

דרייא ווייבער גט'ן און דרייא פארגראָבען
דאס האט דאָך מיין טאטע געקענט
און מיט יעדער א האַלב דוטצענד קינדער האבען
דאס איז דאָך אין א מזל געוועהנט
און בייא 70 יאהר צו נעהמען א בתולה
און מיט איהר האבען א קדיש אין פריידען
דאס האב איך דיא טהייערע סגולה
בירושה פון מיין זיידען.

# נעלטוניו.

1

ענטפער רבי נור איין וואָרט
וואס בעדייטעד דאס מלאכים כתב
וואס איהר אין דיא קמעה׳ס דאָרט
שרייבט אויף פּאַרמעט אויף
און אז א יודענע בעט איך געשווינד
זיא בענשען צום יאהר מיט א קינד
וואס פיר איין תפלה רבי זאָגט איהר
ווען איהר לייגט דיא האַנד אויף איהר:
אָט דאָ פארגלאָנצט דער רבי דיא אויגען מיט גרויס סכנה
ווייסטו וואס איז דערבייא מיין כונה
אוי נעלטוניו אוי נעלטוניו
אוי געלטוניו דוא ביזט מיין וועלטוניו
ניו—ניו—ניו—ניו—ניו.

2

מיינער א פריינד האט זיך פערקנאַסט
מיט א מויד אַלט, קראַנק אונד שוואַרץ
אז איך האב דאס דערזעהען האב איך אויסגעלאַזט
צו איהם מיין ביטער האַרץ
וויא אַזויא ווסטו לעבען פרעג איך בייא דיר
מיט אזא מאָנקי מיט אזא טהיער,
חאפט ער מיך פאר דער האַנד
אין זאָגט צו מיר מיין פריינד:
מיין נישט אז איך בין אַראָפּ פון דעם זינן
ווייסטו פאר וואס איך האב דאס געטיהן
אוי געלטוניו אוי געלטוניו
אוי נעלטוניו
דוא ביזט מיין וועלטוניו
אוי, אוי, אוי, אוי.

# רוסישעם פאלקס ליעד.

1

ריא זון איז שוין פערגאנגען
דער שנעע איז שוין צוגאנגען
א מיידעלע איז אליין געגאַנגען
אין דעם גרינעם וואלד
וואַרט, וואַרט, מיר קומען באלד
א שטיבעלע איז אין וואלד געשטאנען
א מיידעלע האט מען געזעהן שפאנען
זענען יעגער אנגעקאָמען
שעהנע בלומען מיטגענומען
זיך געמאַכט א גוטען סמן
אויב זייא וועלען זיא בעקימען
דוא שעהן מיידעל, שטעה, שטעה, שטעה
א שעהן טענציל מיט אונז געה, געה געה.
שטעה, שטעה
איינע אליין
זאָלסט צו אונז ניט צו געהן
מיט אונז זינגען
וואוילע יונגען
איז פאר דיר אליין נישט שעהן.

# אדון עולם.

1

גאָטט דער גערעכטער
גאָטט דער אלמעכטיגער
מיין ביטטע
הער גאָר צו
וואס איך בעט בייא דיר
לאז מיין ביטטע יעצט קאממען פאר דיר
פאר דיא חסדים וואס דוא האסט געטוהן ביז יעצט מיט מיר
קען א מוידנער ואס ישאיב פון איהם ווערט

דען דערציילען דיין ווערטה
א לעבעדיגער מענש
קען נור דערציילען דיין ווערטה.
הערט וויא עס קלינגט
הערט וויא עס זינגט
עס זינגען וועלטען שירה
פייגעלאך און טהיערע
הימלען, וועלטען, שטערען
טייכען, וועלדער מעערען
צו דיר צו דיר
געבען זייא א שבח א שיר.

# דיא ליעדער פון קעניג ליערי
## על תירא עבדי יעקב.

1.

נאָטט זאָגט יאנקעלען אצינד
האב נאָר ניט מורא מיין טהייער קינד
עמלק, בלק, עמון און מואב
און נאך פיעל פעלקער אסאך
איז פון אללע געוואָרען א טייך
נאָר דוא מיין איין אונד איינציג קינד
בלייבסט א פאָלק אויף אימּמער וויא אצינד.

2

דיין זיידען האב איך א מאהל ערצעהלט
אז דיך אליין האב איך מיר אויסערוועהלט
דארום האב נישט מורא קנעכט מיינער געטרייער
קיין זאך קען דיר נישט שאטען
קיין בלוט און קיין וואססער און קיין פייער
פערזיכער זיך אויף דיין טאטען
און האב נישט מורא קנעכט מיינער געטרייער.

3

אַז שוין זיין נענוּג נעפּלאגט
ערליֵיז דיין קינד וויא דוא האסט צו נעזאגט
האב נישט מורא יאנקעלע מיין קנעכט
פאן מיר נעהט נישט ארויס קיין אונרעכט
אוֹי וועל איך זייא שלאגען
אוֹי וועל איך זייא יאגען
פאר דיר, פאר דיינע פּלאָגען.

4

פאן דיר וועט ערשיינען א שטערן
אין דיר מיין קינד וועט ליכטיג ווערען
האב ניטט מורא בן יחיד׳ל מיינער
נעדיינק אז דאס זאגט גאָטט דיינער
אוי וועל איך זייא שלאגען
אוי וועל איך זייא יאגען
פאר דיר פיר דיינע פּלאָגען

5

איך וועל נישט נעדיינקען פון דיר און דיינע זינד
פערזיכער זיך אויף מיר יאנקעלע מיין טהייער קינד
האב נישט מורא
און האלט נור מיין תורה
נאך דיך אויס פון אלע זייערע ברומען
אוי וועל איך זייא שלאָגען
אוי וועל איך זייא יאגען
אז דיא צייט וועט קומען.



# בורא פרי הגפן.

1

ווען עס טריקענט אויס די קוואללען
דאס האָט מען אויסגעפאָרשט,
זעהט מען אין די נאססען פאללען
מענשען פאר גרויס דאָרשט.
עס פלאמט מיר אַזש מיין פנים
מענקען זאללען ניט פערשטעהן,
זייא בעטען וואססער די נאראָנים
פון א בארג און פון א שטיין.
אַדראַבאָ לויף איך אין מיין ווײנהויז אריין
און לאָז אויס מיין הערץ צו דעם ווײן
און מיט פערדראָס
הייב איך דעם כוס.
און טרינק שטאַרק אונבערופען,
און מיט גרויס הבטחה
מאך איך די ברכה
בורא פרי הגפן.

# בורא פרי העץ.

2

א יונגער מאַן, א פיינער בר ח
פערשפיעלט א מאהל זיין וועלט,
מיט איין אלטער, א חאָלעריע
וואָס איז, זיא האט פיעל געלד.
מיט א שטעקען ברעכט זיא איהם די ביינער
און שעלט איהם מיט קללות אהן א שיעור,
און דער קלאָטץ אָט דער נאר איינער
קוקט נאך מיט מורא זיך צו צו איהר.
אַדראַ לויף איך אין מיין ווײנהויז אריין
און לאָז אויס מיין הערץ צו דאָס ווײן
און מיט פערדריאָס
הייב איך דעם כוס

צו טרינקען פאר דעם לץ
און מיט גרויס הבטחה
מאך איך דיא ברכה
בורא פרי האץ.

# בורא פרי אדמה.

3

א מיידעלע נאָר אָן א חסרון
יונג, שעהן און פיין,
פערקויפט אמאהל איהרע יונגע יאהרען
צו א וונגען שארלאטאן,
איהר הארט ניט זיינע ליידענשאפטען
ווייל ער איהר דיא ליעבע שווערט,
און זיא ווייסט בייא איהם, דאָס קען איך אייך האפטען,
ליגען טיעף אין דער ערד.
דאָ לויף איך אין מיין ווייץ הויז אריין
און לאָז אוים מיין הערץ צו דעם ווייץ,
און מיט פערדראָס
הייב איך דעם כוס
צו טרינקען פאר איהר נשמה,
און מיט גרויס הבטחה
מאך איך דיא ברכה
בורי פרי (מיידעלע) אדמה.

# א לויב צו גאָטט.

אודה לאל לבב חוקר
ברן יחד כבי בוקר.

1.

מענשען וואכט אויף
פון אייער שלאף,
מעננער און דאמען
לויבט גאָטט זיין נאָמען.
ער גיבט אינז דאס לעבען, ער גיבט אינז דאס ברויט
חיה און פייגעל לויבען שוין גאָטט.
אודה לאל א. ז. וו.

2

דער לעוו, דער ווילדער
מיט זיין געפילדער
קוקט מיט זיין אויגעל
און שארפט שוין דיא נעגעל.
ער בריללט אויך זיין אפפער דאס איז זיין ברויט,
אט דיא ווילדע חיה לויבט אויך שוין גאטט.
אודה לאל א. ג. וו.

3

פאס לעווים געפילדער
איז דער טיגער נאך ווילדער.
ער לאזט קיין געביין
פון זיינע ציין,
ער לעקט אויס דאס בלוט דאס איז זיין ברויט,
דער ראזענדער טיגער לויבט אויך שוין גאטט.
אודה לאל א. ג. וו.

4

דיא פייגעלאך כאפען
פון דיא בלעטעלאך דיא טראפען
דיא פליהען און זינגען
קערענדלאך שלינגען,
דיא ערנעהרען דיא קינדערלאך פון זעהר מויל מיט ברויט
און אללע צוזאמען לויבען זייא גאטט.
אודה לאל לבב חוקר
ברו יחד כבי בוקר.

# דיא ליעדער צו אצבע אלהים.
# דיא עלטע.

1

קורץ איז דער לעבענס בוים
דיא שנעלל געהט אללעס פערבייא

דיא פריכטע זעהט מען אין טרוים
נאר מען קען נישט געניססען פון דיא
קוים ווערט אבער איינער וואך
אוי דערזעהט פון ווייטען זיין גליק
ער הויבט אָן געהן און ווערט גאנץ שוואך
און מוז שוין אנהייבען געהן צוריק.
זאָ לאנג דער מענש איז יונג
איז איהם אללעס לייכט און גרינג
ווערט ער עלטער נאָר
פערליערט ער זיין הומאָר.

2

דיא שעהן איז דיא פריהלינגס צייט
וויא יעדעס גרעזעלע בליהט
עס פערטרייבט דעם מענשענס לייד
און דעם ווינטער געדיינקט מען נאר ניט
קוים איז דער זאמער פארבייא
פאלט אויף דעם מענשען א שרעק
אז ער דערזעהט נור דעם ערשטען שנייא
נעמט פון דעם פערגניגען א נעק.
זאָ לאנג דער מענש א. ז. וו.

3

דיא שנעל איז אלעס איבערגעלאָפען
מיין יוגענד האָב איך פערשפיעלט
ווען דאס אומגליק האט זיך געטראָפען
האָב איך עס זאָ וויט ניט געפיהלט,
יעצט בין איך פון דער וועלט פערלאססען
און מוז בעטען א שטיקעל ברויט,
איך וואלגער מיך ארום אין דיא גאסען
אין הונגער, עלענד און אין נויט.
זאָ לאנג דער מענש איז יונג
איז איהם אלעס לייכט און גרינג
קום ווערט ער עלטער נאָר
פערליערט ער זיין הומאָר.

# דיא ליעדער פון גר צדקי

## ירושה פון מיין זיידען.

פערפאסט פון זיגמונד מאגולעסקי.

(דאס זינגט דער גלח)'

1

דער גלח נעהמט פאן יעדען וועק
דיא זינד, דיא זינד.
ער מאכט יעדען ריין גאר אן א פלעק
פון זינד, פון זינד.
מען ברייננט פאר דיא קירבע געלד,
א כפרה פאר דיא זינד.
און איך בענטש דערפאר דיא וועלט
און דאס געלד נעהם איך צום געזינד.
דאס געלד בלייבט בייא מיר און דיא זינד בייא זייא.
דיא הויט קאן איך רייסען פאן יעדען,
ווייל דאס האב איך בירושה, א ירושה,
דיא ירושה איז פון מיין זיידען. אמן.

2.

דא קומט צו מיר א שיכור אריין,
מיט זינד, מיט זינד.
ער קען קיינמאהל ניט ניכטער זיין
ס'איז א זינד, ס'איז א זינד.
ער פארמאָגט א גאנצען וויין קעללער
דער וויין און שנאפס איז זיין.
שריי איך אז דאס איז א פעהלער,
שענק אויף דער קירכע דעם וויין.
דאן טרינגט ער א מכה ווייל דער וויין איז בייא מיר
און איך זשליאקע דעם וויין שאן פאר ביידען.
(ווייל דארט וואו עס האלט ביים טרינקען)
דאס האב איך בירושה, א ירושה,
דיא ירושה איז פון מיין זיידען. אמן.

3.

אײן אַלטע מויד פאן 40 יאהר
מיט זינד, מיט זינד.
האט פון איהר זיידען א ירושה גאר
ס'איז א זינד, ס'איז א זינד.
זיא האט פיעלע מיליאָנען ליעגען
און קומט צו מיר זיך בענטשען
איך זאל איהר א חתן קריגען
סייא װעהמען אבי נור א מענשען.
ס'איז אויף איהר א נויט. זיא פגרט א מויד.
דא העלפט ניט מיין ברכה מיין ריידען.
(דערװייל אלס גייסטליכער נעהם איך בייא איהר צו
דיא ירושה װאס זיא האט בירושה,
א ירושה פון איהר זיידען. אמן.

# איך בין א איד.

דאס זינגט דער דער גר צדק.

1

א װעלכע פריידע—אייך צו זעהעןביידע
שטעהט אויף, שטעהט אויף אונד אומארמט מיך.
יעצט זענט איהר מיין פאטער
אונד דו װיא מיינע מוטער
אונד איהר יודען מיינע בריעדער
װייל איך בין א איד.--א איד.
שטילט מיינע בריעדער מאכט נור קיין געשריי
מען קען נאך ערהערין ערװישען אונז זייא.
װעלען זייא טרעפען געפינען דא מיך
װערט איהר געטאדטעט. פערלאָרען בין איך.

2

יעצט הערט מיך אויס װיא איך האב געליטען
ביז איך האב ערדייכט מיין ציעל
צו װערין א װאהרער יוד.
איך בין א יוד, אונד בלייב א יוד
צו איהם װעל איך נור דיענען, צו דעם װאס עװיג לעבט.

3

עצט שטעלט איך גור—מיינע לאנגע פאר
אז מען האט מיך דארט ערקאנט.
זייא פלעגען זעהן—מיך דארט שטעהן
אין שוהל בייא מזרח וואנט.
געשטאנען—פיעל מילליאנען
זענען קריסטען ביים פענסטער שטילל
אנגעגריפען—מיך גערופען
קריסט ארויס פון דער שוהל,
איך בין א יוד א. ז. וו.

4

צום דאוונען ווען איך פלעג געהן
דיא קריסטען האבען מיך געזעהען
זייא האבען מיר נאכגעיאגט
מיט מיין לעבען האב איך געוואגט.
מיט שימפפען פאן טויזענדער שטיממען
צום טעמפעל פלעגטען זייא קאממען
הערר גראף צו מיר מיט געשרייא
אונד איך האב געאנטוואָרטעט זייא.
איך בין א יוד א. ז. וו.
האב איך ניט רעכט געטהון
רעכט, רעכט, רעכט, רעכט
א איד, בין איך, א איד.
דאם שטאלץ שרייא איך אויס,
פון קליין ביז גרויס,
דעם נאהמען נאט אחד.
אללע צוזאממען א ח ד!

# קעהר בעזימיל קעהר.

1

אויסצוקעהרין גיבט א סך אויף דער וועלט
קעהר אויס בעזימיל קעהר.
א רב להבדיל א גלח וואס לעבען פארשטעלט
קעהר אויס בעזימיל קעהר.

פראצענטנקיעס און גבאים,
וואס רייסען דיא הויט וויא רשעים,
רעם ארימאן זיינגען זייא אוים נאך מעהר.
קעהר בעזימיל קעהר זייא ארוים. קעהר דעם שמיין אריים

2

אין אלטער אלמן זוכט נאך א מויד,
קעהר איהם בעזימיל קעהר.
א חודש נאך זין ערשטע ווייב'ס טוידט,
קעהר איהם בעיימיל קעהר.

פינעף קליינע קינדער האט ער
און ער ברייננט זייא א שטיעף מוטטער.
דיא שלאגט זייא פלאגט זייא, גוואלד וואס שוויינט איהר?
(אזא טאטען) סעהר בעזימיל קעהר איהם אוים—
קעהר דעם שמיין אריים!

3

פאן מאנכע לאדזשען פרעזידענטען
קעהר אוים בעזימיל קעהר!
וואס זוכען דאס פאלק צו פערבלענדען,
קעהר אוים בעזימיל קעהר.

אין א הויז מאכען זייא 12 מנינים,
אלץ צו ליעב דיא מזומנים.
מענשען ווערען נעהרגעט פערוואונדעט שווער.
(אזעלכע פרעזידענטען) קעהר אוים בעזימיל א . . .

4

אויך אלטע ווייבער פאן 70 יאהר.
קעהר זייא בעזימיל קעהר.
וואס זוכען נאך יונגע לייטעלאך גאר.
קעהר זייא בעזימיל קעהר.

אפילו אויפ'ן מויטען בעט,
זיכען זייא א קיש און א גלעט.
און דער מלאך המות קומט גאר ניט אהער.
קעהר זשע דוא בעזימיל קעהר זייא אוים
קעהר דיא אלטעטשקע אוים.

# דיא ערד געהט, דיא לבנה געהט.

1

וואס איהר זעהט אין דער לענג אין דער ברייט.
וואָס איהר זעהט וויא איהר נעהט און שטעהט,
איז דיא ערד געהט און דיא לבנה געהט
און דיא וועלט איז אזש פערדרעהט.
בום סטא, בום סטא, בום סטאראם,
און דיא וועהלט איז אזש פערדרעהט.

2

ווען יענער איז רייך און לעבט זיך אזוי גרויס
איך בין איהם מקנא, דיא אייגען קריכען ארויס.
(בלאטע) דיא ערד געהט און דיא לבנא געהט
און דיא וועלט איז אזש פערדרעהט. בום סטא א. ז. וו.

3

איהר זענט מיך מקנא איך האב א שעהן ווייבעל
זיא איז עהרליך, פיין, שטיל אזוי וויא אַ טייבעל
(אבער ווען זיא צושרייט זיך)
איז דיא ערד געהט און דיא לבנה געהט
און דיא וועלט איז אזש פערדרעהט. בום סטא א. ז. וו.

4

דאס מיידעלע שרייט זיא איז עהרליך פיין
זיא לאזט קיין יונגען מאן צו זיך ניט אריין.
(אוי א לינעו) דיא ערד געהט און דיא לבנה געאט
און דיא וועלט איז אזש פערדרעהט. בום סטא א. ז. וו

5

משה שטיוועלזאָהן איז אַ קליעגער יונג
ווער שמועסס ווען ער האפט נאך איין איבריגען טרינק
דאמאלס איז דיא ערד געהט און דיא לבנה געהט
און דיא וועלט איז אזש פערדרעהט.
בום סטא, בום סטאָ, בום סטאראם,
און דיא וועלט איז אזש פערדרעהט.



# משיח'ס צייטען.

גדי. אז משיח וועט נור קומען צו געהן
צו וועמען וועט ער קומען?
אללע. נור צו אונז יודעליך
גדי. און תחית המתים ווער וועט אויפשטעהן?
אללע. נור מיר פראממע יודעליך
א פאפירענע בריק איז אנגעגרעט
נור פיר אונז פראממע יודעליך
און ווער אין מורא זיא אריבער געהט
נור אונז פראממע יודעליך
גדי. אויף איין אייזערנע בריק וועלען געהן דיא גוים'ליך
און וועלען אריינפאלען אין וואסער עס וועט ניט בלייבען קיין סליך
ישראליק קריעגסט שאן פאן דעם לויתן און שור הבור א חלק
עמלק קריעגט ניט אפילו א שטיקעלע בעליק } ביז.
דיא דערלעבען מיר שאן דאס, אז דער מלאך המות
זאל צו אונז ניט האבען קיין שליטה — אמן
דיא דערלעבען מיר שאן דאס, אז דעם מלאך המות
זאלען מיר שוין פיהרען צו דער שחיטה. אמן. } ביז.

---

# בעקערס [מיט חלות].

כתריאל. בעטראכט נור דיא חלה וואס איך ברענג אייך יעצט
אללע. ..................ער...... אונז..........
כתריאל. פון גאט א מתנה אין דער ערד געזעצט
אללע. ..........................................
כתריאל. זעהט נור א בילקע
אללע. זאג כתריאל, פון וועמען איז דיא הייליגע בילקע?
כתריאל. פון דער רעביצין מלכה.
אללע. זאג ווער איז דאס דיא פראממע רביצין מלכה?
כתריאל. דיא רביצין האט
אללע. אוי וועה וואס האט זיא } ביז.
כתריאל. זיא האט
אללע. זאג וואס } ביז.
כתריאל. דיא רעבעצין מלכה האט גענומען חלה פון דער בילקע
און דער כהרי אליין — מעג דיא בילקע זעהן
און דער גרויסער פרץ — וועט מאכען המוציא לחם מן הארץ
אללע. אמן!

# רועט [באַכיט].

**כתריאל.** כתריאל קוטער, זיינע פטור, קענסט ניט פאר ווערן
ווייל כתריאל באכיט

ליעבסט א צווייטען, מארדין טעדטין, קענסטו ניט פארוועהן,

**ביידע.** כתריאליקיל ער באכיט (ער באכיט)
אבער איך ניעב קלעפ אויף עם } בין.

---

**דבורה.** אה דאס ווייבעל, דאס שטילע טייבעל, האט גאר קיין מורא
ווען כתריאליקיל באכיט

ווען איך וועל חאפען, דיך דערטאפען, מיט אזא מין סחורה
אוי כתריאל וועל איך באכען

**ביידע.** כתריאליקיל ער......

---

**כתריאל.** הערסט דבורה, זאלסט האבען מורא, פאר כתריאל טאטער
ווייל כתריאליקיל באכיט

**דבורה.** אח דוא צרה, דוא כפרה, איך הער דיך וויא דעם קוטער
ווייל איך ניעב קלעפ אויף עם

**ביידע.** כתריאליקיל ער באכיט......

---

# בלומענליער.

טהייער יונג רעזועלע — שמעקענדיג זיעס גרעזועלע
אפגעהאקט נאר, דיר דיינע יאהר, ווייסט פון קיין שמור
יעצט וועלקסטו מיין יונג רעזועלע

ארום דיין היימעלע — אונשולדיג בעמעלע
וואקסען פיעל הערנער, פיעל דערנער אן שיער
אן דיך נשמה — קוילעט מען בלימע
ניין דוא זעהסט שוין מטהר ניט אוים וויא פריהר } בין.

טהייער יונג רעזועלע א. ז. וו.

מענשען קוויקסטו, אין דער וויא ליעגסטו
אין שטויב פערוועהט — איעדער דיך טרעט
פערליערסט דיין ווערטה, קריענסט א דאנק א ביסעל ערד
בלומטע וועסט אויפוואקסען — רעגען דיך בערעקען
וועסט נאך ווידער שמעקען — אין אלע וועלטס עקקען
מענסט גאנץ רוהיג ריהען — רעזועלע וועסט בליהען
נאך בליהען נאך.

# לא תחמוד.

**1.**

לא תחמוד האט גאָטט אנגעשריעבען
פאר דעם מענשענס שוואכע הערצעלע
אין קאָפּף איז דאס אונז איבערגעבליעבע
אבער אין הערץ א שמערצעלע,
למשל דאָרט שטעהט א מיידעלע
דאס קאָקעטע קליידעלע
ניט א שמייכעלע, און א לאַכאלע,
זאָגט א וויטצעלע און ניט א קיטצעלע,
נאָ גנעה האַלט אויס דעם „לא תחמוד",
(און וועד שמועסט)
אז אוי דער יצר הרע
נים דיך נור א טאָרע
גאָטט אליין קען איהם ניט נובר זיין,
ניין, ניין, ניין.

**2.**

דער רבי אליין האַלט עהרליך ווידער
פאָן גאָטטעס פסוק „לא תחמוד"
שטעלט זיך פאַר דיא אויגען איהם אנידער
א שעהנע, פעטע מויד,
אוי א מיידעלע—און דאס קליידעלע
אוי דאס לאַכעלע—מיט איהר שמייכעלע,
זאָגט א וויטצעלע,—גיט א קיטצעלע,
נאָ גנעה האַלט אויס דעם „לא תחמוד",
(און וועד שמיעסט)
אז אוי דער יצר הרע, א. ז. וו.

**3.**

דיא רביצין מיט איהר קרבן מנחה סידור
שרייט אין איין קול „לא תחמוד"
א שיינעץ שטעלט זיך לעבען איהר אנידער
זיא שפּרינגט שיער אויס דער הויט,
אוי בלאָנדע הערעלאך,
צעהן וויא פּערעלאך,
שווארצע אייגעלאך, ווייסע נעגעלאך,
אוי זיינע הנדעלאך מיר פיר זיינע ביינדעלאך,
און פארגעסט אָן „לא תחמוד",
(וועד שמיעסט)
אז דער יצר הרע
נים זיא נור א טאָרע } ב״ז
גאָט אליין קען זיא ניט נובר זיין,
ניין, ניין, ניין.

אלע לידער פאָן

# "לעבעדיגער טוידטער"

פאָן שמ"ר.

## דיא פינסטערע מאָדע.

1

דיא רשעים מענען אריין אין גריב
מיט זייער מאָדע דיא נייע.
זיי האבען 20 ווייבער ליעב
און ניט איינע א געטריע,
אז מיר ליעבען דווקא איינע
זיא איז בייא. אונז טייער
מיר קוקען ניט אויף קיין שיינע
נאָר אויף געטרייער.

2

מיט היינטיגע דאמען איז א וואונדער
— דאס שרייט היינט יעדער
זען זיי ווילען האבען קינדער
פאָהרען זיי אין דיא ווארעם בעדער,
אונזערע ווייבער קריגען דיא רפואה
מאקע אין אונזער שטאָדט
דען זיי האבען דיא ישועה
פון אונזער קאַלטער באָד.

3

דיא אפיקורסים געהן רייך געקליידט
דיא מאָדע איז זייער נחמה
דערפאַר האבען זייא אין שטוב קיין ברויט
קיין סענט בייא דער נשמה,
און מיר געהען פּראָסט געקליידעט
זיינען מיר פון דער מאָדע פרייא
מיר האבען שטענדיג קאַליש מיט ברויט
און א ביסעל משקה אויף דערבייא.

# יענע די אמאליגע יאהרען.

(דאס זינגט חאַסיע די קעכין.)

1.

פאַרפינצטערט בין איך געוואָרען היינט.
א בייזע אויג האט מיר געשאַדט,
וויא א שעהנע קאַרטאָפליע האט איך געשיינט,
איך האב אויך באלאָנים געהאט.
אללע שעהנסטע יונגע לייט
זיינען געוועז מיין כפרה גאָר,
היינט איז אבער א שלעכטע צייט.
אוי נישטאָ אמאָליגע יאהר.

2.

ווער האט אמאָל געקוקט אויף שיין,
קלוג איז געוועז יעדער מאַן,
אללע ווייבלאך האבען געהאט חן,
זייא האבען גענומען מיאוס זיין,
היינט אז מען וויל געפעלען,
מוז מען זיך פאַרבען גאָר,
מען האט פיינט ווייבליך נאָר מראמתעל,
אוי נישטאָ אמאָליגע יאהר.

3.

איך געדיינק אין דיא ערשטע יאהרען,
ווען מען האט מיך דערטאַפּט,
בין איך אזש דול געוואָרען,

פון דיא קיש וואָס איך האב געכאפט.
היינט האבען אלע געמאכט איין האנר,
מען זאל אויף מיר ניט קיקען גאר,
אללע יוננע לייט האבען מיך פיינט,
אוי נישטא אמאָלינע יאהר.

# היינט איז נישט וויא א מאל.

(דאס זינגט גרונם שרכן.)

1

אמאָל האבען יודען געלעבט טאקע שעהן,
עס איז פשוט א פערגניגען געוועזן;
א חתן פלעגט צו דער חופה געהן,
חאָטש ער האט דיא כלה ניט געזעהן.
היינט האבען געפונען דיא קענער,
דיא רשעיא א קריינק אין זייער לייב,
אז נאָך פאר דיא תנאים וויא זאָגט יענער,
דארף יעדער זיין וויא מאנן און ווייב.

2

יודען האבען אין דיא ערשטע צייטען,
געפיהרט גאר גאר אן אנדער שטאט;
א חתן איז געשטאנען פאן וויימען,
בשעת ער האט חתונה געהאט.
היינט מאכט א חתן אליין פלענער,
איהם געפעלט ניט גאָס דער טאטע טהוט,
נאָך פאר דיא תנאים. וויא זאָגט יענער,
קען ער דיא כלה צו פיעל גוט.

3

אז מען האט אמאָלינע יאהרען,
א יודיש מיידעל א שידוך גערעדט,
איז דיא כלה אנטלאָפען געוואָרען,
און האט זיך ביהאלטען אונטערן בעט.
היינט טוען דיא מיידלאך שענער
וייא וויללען אויף דאבייא שטעהן,
נאָך פאר דיא תנאים, וויא זאָגט יענער,
שרייט א בתולה: איך וויל מיין חתן זעהן.

# חיים שמואל דעם גבאילעס.

(פערפאַסט פון זיגמונד מאָגולעסקא.)

בעטראַכט דעם שמואל דעם גבאילעס,
אן אייניקעל פון דעם רב אבעלעס,
דרך ארץ האט פאר איהם,
מאן ציטערט אינמעדים,
שטאטש חיים שמואל דעם גאבאילעס — פיע. (בּיז.)

---

אונז וואהרע פיינע לייט
פארשטיפט מאן אין א זייט,
אין שוהל אויבין אָן צו שטעהן,
ווער עס האט דעם טאלער,
ווער דאָרט אין קהלער,
אים קומט אויבען אָן צו גערן,
אח ווען דער ארים־מאן,
וויל איך אין שוהל אריין,
זיין נאסט צו דיענען טראי,
מוז ער דעם קהלער,
צאלען א טאלער,
אריין לאסט מאן איהם ניט פריי.

פראָזא.

אין אז דער ארים־מאן האט שוין בעצאָהלט זיין ארימען טאלער אח וויל זיך אויך זעצין אויבין אָן, קומט באלד דער שמש מיט אין געשריי: אראָפּ פון דאָרט דיא קבצענוס דרך־ארץ! — דוא שטעה אין דרערד בייא דער טהיער.

געזאַנג.

וייל דאָרט זיצט חיים שמואל דעם גבאילעס,
איין אייניקעל פון דעם רב אבעלעס,
בעטראַכט חיים שמואל דעם גבאילעס,
איין אייניקעל פון דעם רב אבעלעס,
דרך ארץ האט פאר איהם,
מאן ציטערט אינמעדים,
שטאטש חיים שמואל דעם גאבעלעס. — פיע!

דא איז ניט וויא אין דער היים,
דערמאָנט אייך נאר אין דעם,
פון דיא לאַווטשיקעס גרויסע זינד,
באי דיא אכמנות,
נאָר אן רחמנות,
וועק נעהאפט איהו איינציגע קינד.

אין דער נגיד זיצט פראַי,
האַטש ער האַט זעהנע דראַי,
ער זיצט רוהיג אויף אוים.
און דיא אלמנה,
איז אין איין סכנה,
איהר בן יחיד ווערט איין סאָלדאַט.

פּראָזא.

אלמנה: גוואלד ר׳ סענדער וואס האָפּט איהר צו מיין זוהן? מיין שטיצע, מיין איינציג אויג אין קאָפּ, מיין ברויט געבער, איהר ווייסט דאָך אז איין בן יחיד נעמט מען ניט צום מיליטער!

סענדער: שטיל! וואס האסטו דיך אזוי צושריען? און אז ער דאַרף ניט געהן מוז ער פיר איין אנדערן זיין איין סאָלדאַט, און ווייסטו פאר ווען? פיש, פיש, פיש.

געזאַנג.

פאר חיים שמואל דעם גבאילעס,
איין אייניקעל פון דעם רב אבעלעס, א. ז. וו.

און דער פאבריקאַנט,
ווער האַט איהם פריהער געקאַנט,
אַט דעם מיליאָנען בער,
איהר וועט ניט גלויבען,
און אייער לעבען,
אז איין תלמודניק געוועזן איז ער.
דא קען ער שוין אלסדינג,
א דער גראבער יונג,
און מישט זיך אומערום.
און לאַסט דיא קבצנים,
פאלן אויפ׳ן פנים,
און מאַן ציטערט נאָך פאר איהם

פּראָזא.

וויא שעהן דאס איז צו צוזעהן און צוהערען, וויא דיא ארבייטער זיינען בעריאַקעס, ווען דער פאבריקאַנט איז נישט דאָ. אלע שרייען מיט איין שטימע! מיר ווּעלען איהם באָמבאַדירען!! דענאַמיטירען!! ער מוס קרעפּירען, און וויא נאר דער פאבריקאַנט קומט אריין! ששששאַשטיל אללע זאגען מיט דרך ארץ שטילער.
דאָרט געהט חיים שמואל דעם גבאילעס,
איין אייניקעל פון דעם רב אבילעס א. ז. וו.

# איך, מיין ווייב און מיין בן יחיד

פערפאסט פון

זיגמונד מאָגולעסקאָ.

צו זינגען מיט דעם מעלאָדיע, „מאלי ענד איי ענד דיא בייבע."

I.

ווער איז דיא פיינסטע משפחה וואָס שטעהט אין דער פאָהן
איך, מיין ווייב און דער בן יחיד.
אין עססטער סטריט טרעפט איהר דיא צווייטע ניט אָן,
וויא איך, מיין ווייב און מיין בן יחיד.
אין לודלאָוו סטריט פרופט נור און גיבט דאָרט א פרעג,
פאר וועמען גיבט יעדער זיך דאָרט א פארנייג,
מען טייט מיט דיא פינגער און מען מאכט פריי דעם וועג,
פאָר מיר מיין ווייב און מיין בן יחיד.
מיין ווייביל, ווייביל, שטיל וויא א טייבעל,
און דער בן יחיד געראָטען אין מיר,
ווען מען פאטשט זיך און שלאָגט זיך ווייסט מען שוין פריהער
אז דאָס בין איך, מיין ווייב און מיין בן יחיד.

II.

וועמען זעהט מען דאָרט געהן ברייט שבת אין שיהל,
מיך מיין ווייב און מיין בן יחיד.
ס'איז דיא פיינסטע משפחה זאָגט יעדער גאנץ שטיל,
ס'הייסט איך, מיין ווייב און דער בן יחיד.
ווער זיצט אין שוהל דאָרט גאנץ אויבען אָן
ווער קריגט דעם מפטיר פאר דעם גאנצען קאָהל
ווער פאטשט דעם גבאי מיט דעם חזן אָן
איך, מיין ווייב און דער בן יחיד.
מיין ווייביל, ווייביל איז שטיל וויא א טייבעל,
און דער בן יחיד זעהט וויא איך אויס,
וועמען ווארפט מען פון דער שוהל צו הרגעט ארויס,
מיך, מיין ווייב און מיין בן יחיד.

III.

ווער לאַדעט איין פיעל אורחים שבת צום טיש,
איך, מיין ווייב און מיין בן יחיד.
דיא אורחים זיצען, ווער פרעסט אויף דיא פיש,
איך, מיין ווייב און מיין בן יחיד.
ווייל פיש קאָסט אונז קיינמאָהל קיין פעני קיין וואָרט
ווייל, ס'טרעפט זיך אין מארקעט גניבה'לאך דאָרט,
וועהם שלעפט דער פאָליסמאַן דאָרט גלייך אין דיא קאָרט
מיך מיין ווייב און מיין בן יחיד.
מיין ווייביל, ווייביל, שטיל וויא א טייבעל
און דער בן יחיד א גאנץ וואוילער יונג.
ווענען טרעפט מען דאָרט זיצען גאנץ ברייט אין סינג־סינג
מיך מיין ווייב און מיין בן יחיד.

IV.

ווער קומט אין טהעאַטער אויף 1 טיקעט אריין
איך, מיין ווייב און דער בן יחיד.
ווער ברענגט זיך מיט קוויליטש, א טשיקען און ווייך
איך: מיין ווייב און דער בן יחיד.
ווען דיא עקטערס שפיעלען, זיץ איך מיר און קייע,
סטאָפ זאָגט דער אַשער, דאָ עססען איז ניט פריי,
ווער פייפט אויס דיא עקטערס עס ווערט א געשריי
איך, מיין ווייב און מיין בן יחיד.
מיין ווייביל, ווייביל איז שטיל וויא א טייבעל,
און דער בן יחיד איז א גוד באָי,
ווענען חאַפט מען ביי דיא פאַקעטס דאָרט מאכען אזוי,
מיך מיין ווייב און מיין בן יחיד.

---

קויפט און לעזט דעם בעריהמטען ראָמאַן

# דער איד אונד דיא גרעפין

אין פיער טהיילען

פערפאַסט פון

נ. מ. שייקעוויץ (שמ"ר).

אללע ליעדער פון דיא בעריהמטע טהעאטער־שטיק

# בליהמעלע

# דיא פערלע פון ווארשוי

— אדער —

# גראף אונד יודע.

פערפאסט פון

יאזעף לאטיינער.

ארגינאל קאמפאנירט פון ארטיסט אונד קאמפאניסט

זיגמונד מאגולעסקא.

---

## מן המצר קראתי יה

ענני במרחב יה

ענני במרחב יה

וואס קענסט דוא מענשעלע מיר גאר טוהן

ווען גאטט איז מיט יודעלע פון עווינ אן

איך לאך פון דיר,

ווען גאטט איז מיט מיר.

1.

דאס יודעלע, איהם קענען אללע

קליין און שוואך, וואס איז ער גאר

דאך שפיעלט ער דיא גרעסטע ראללע

שוין זייט פיעלע טויזענד יאהר.

שונאים האבען שוין אן א צאהל

צו דערשטיקען איהם פראבירט

דאך באגראבען זייא האט ישראל

און ער לעבט און עקסיסטירט.

וואס איהם פערשאפט
האט אזא קראפט
ווייל שטענדיג איין ליעד
זינגט דער יוד
מן המצר קראתי יה א. ז. וו.

2.

פרעה האט 400 יאהר
געבאדען זיך אין יודיש בלוט
אנגעשפארט האט ער זיך גאר
אונז פרייא לאזען וויל ער נ׳ט.
נא וואס האט ער געהאט? מכות בכורות
און איז געבליעבען צו נישפעט
ישראל דערצעהלט דאס היינט לדור דורות
פסח אויף דעם היסב בעט
וואס איהם פערשאפט
האט אזא קראפט
ווייל שטענדיג איין ליעד
זינגט דער יוד
מן המצר קראתי יה א. ז. וו.

3.

אונז אמאל האט געוואלט דערשטיקען
דער בייזער המן אי א פלאן
יודישע נערגעליך גאר אויסחיקען
אללע נעביך אין איין טאג
א סוף האט ער געהאט דער עמלס
נעהאנגען האט מען איהם אן רעש
א יאהרצייט האט נאך איהם יעצט ישראליס
און פערבייסט א המן טאש.
וואס איהם פערשאפט
האט אזא קראפט
ווייל שטענדיג איין ליעד
זינגט דער יוד
מן המצר קראתי יה א. ז. וו.

---

# איך שעהם מיך.

## רועט פון זעליגיל מיט צירעלען

בײדע, וואס טהוע איך
איך שעהם מיך.
עס מוז ארויס
דער שמערץ איז גרויס
איך האלט ניט אויס.
אוי דאָ שמערצט אָן א שיעור
גוואלד וויא זאגט מען עס איהר
און זיך ניט שעהמען פונקט וויא א קליין קינד
וויא נעהמט מען לשון א צינד.
ער, איך מוז איהר דערצעהלען
מײן קראנק קען זיא היילען, נאָר.
זיא, זאָג זאָג שעהם דיך ניט.
ער, אַט דאָ ברענט עס דאָ בריהט עס
דאָ קאָכט עס דאָ זידט עס, נאָר.
זיא, זאָג זאָג שעהם דיך ניט, שעהם דיך ניט.
ער, דאָ לינט עס, דאָ ביינקט עס
מיך נאָגט עס, מיך קריינקט עס
דער קאָפּ נאר וויא דולל איז
ערקלער מיר וואס וויל עס, נאָר.
זיא, גאלד ערקלער איך דיר, נאָר דיר
הער איין עצה פון מיר,
מײן זעליגיל שרעק דיך ניט קריינק דיך ניט
איך האב פאר דיר א רפואה,
קום וועסטו מיך פאָלגען וועט טאקי זיין גוט
פאר דיר און פאר מיר א ישועה.
מ. מ. מ.....
צו קושען! — צו קושען!
וועט היילען דיין קריינק
וועט מיר.-
מ. מ. מ.....
צו קושען! — צו קושען!
וועסטו באלד געזונד ווערן, נעבעך
אוי... ס'איז א גרויסע עבירה.

ויא. דיא עבירה ועחסטו נעה... איך אויף מיר.

ער, און דיא רפואה, אוי, באקים איך פון איהר.

ביידע, נא יאַת.

ו
ס
י
ט
ו

יאָ לאָמיר פריוועֶן אויף כטעות (קוס)
ס׳הייסט מיר האָבען ביידע אַ טעות (קוס)
אוי וויא האָניג זיס.
ס׳גלוסט זיך טהון אַ נאַש.
ס׳מחיה, (קוס)
עס צוגעהט זיך פון קאָפּ ביז פיס (קוס)
כצפיחות בדבש.

---

# חתן כלה מזל טוב!

קאָהר. לאָזט אונז זינגען יעצט אללע
גראַטולירט דעם נייען פּאָאַר
מזל טוב דיא חתן כלה.
גליק אונד זעגען אויף לאַנגע יאָהר

ט׳ ס׳ { ווינשען מיר אייך אללע גוטע פריינד
מיט יובעל אונד געזאַנג. א.....
א גרויסער יום טוב איז דאָך היינט }

ט׳ ס׳ { חתן כלה מזל טוב. חתן כלה מזל טוב.
חתן כלה מזל טוב.
ווינשט אללע היינט, א יום טוב איז היינט. }

ט׳ ס׳ { זעהט נור דאָס פּאָריל געהן
א וויא הערליך און וויא שעהן }

ט׳ ס׳ { חתן כלה מזל טוב, חתן כלה מזל טוב.
חתן כלה מזל טוב.
ווינשט אללע היינט א יום טוב איז היינט }

סאָלאָ. עמפּפאַנגט יעצט פון מיינעם מונד
דיא ברכה צו אייער בונד
בעשיינ אייך גאָט
פון עלענד אונד נאָטה
אהבה ואחוה.

דועט. זעגנע אונז פאטער יעצט
סאָלאָ. ושלום ורעות
דועט. זעגנע אונז פאטער יעצט
סאָלאָ. אהבה ואחוה
דועט. זעגנע אונז פאטער יעצט
סאָלאָ. ושלום ורעות

קאָהר. אמן שרייט אללע
פּאָר חתן וכלה
דיא ברכה זאָל אָנגעהן.
שרייט יעצט אללע אמן
חתן כלה מזל טוב, חתן כלה מזל טוב.
חתן כלה מזל טוב.
ווינשט אללע היינט, א יום טוב איז היינט.

# טויבען דועט

## פון בליהמעלע.

זיא. דיא מענשען ניפעלען אונז נים
זיי לעבען שלעכט קיינמאָהל בעריהט
איינער ביים צווייטען שקלאַווע זיין
דער איז רייך גרויס און דער קליין.

ער. ביי טויבען ניבט קיין אָרעם רייך
מיר טויבען זיינען אללע גלייך
איינס ליעבט דען צווייטען פונקט וויא זיך
גראָ גראָ גראָ פונקט וויא זיך
גראָ גראָ גראָ מענש שעהמע דיך
גראָ גראָ גראָ
גראָ גראָ גראָ פאַרליך טייבליך
גראָ גראָ גראָ מענשליך ווייבליך
גראָ גראָ גראָ א לעבען וויא אין פאראדיס
גראָ גראָ גראָ.

זיא. ביי מענשען איז איין אונטערשיעד
צווישען א קריסט און א יוד
ווייל דער מאַכט א קרייץ און דער נים
פערגאָסען ווערט אונשולדיג בלוט.

ער. מיר טויבען וויסען פון קיין האַס
ביי אונז גיבט קיין שנאת הדת
איינס ליעבט דען צווייטען פונקט וויא זיך
גראָ גראָ גראָ פונקט וויא זיך
גראָ גראָ גראָ מענש שעהמע דיך
גראָ גראָ גראָ
גראָ גראָ גראָ פאַרליך טייבליך
גראָ גראָ גראָ מענשעליך ווייבליך
גראָ גראָ גראָ א לעבען וויא אין א פאראדיס
גראָ גראָ גראָ.

זיא. מענשען מאַכען א חתונה גאָר
פערבינדען אויף עוויג א פאָר
אָט זאָגט ער איהר, דיך ליעב איך
און שפעטער ווערט פון דעם אויך

ש. פיי אונז ניעבט קיין צערעמאָניע
דאָך פאָלש ווערין מיר זיך ניע
איינס ליעבט דען צווייטען פונקט וויא זיך
נראָ גראָ גראָ פונקט וויא זיך
נראָ גראָ נראָ מענש שעהמע־ריך
נראָ גראָ נראָ.
נראָ נראָ נראָ פאָרליך טייבליך
נראָ נראָ גראָ מענשליך ווייבליך 3
נראָ נראָ נראָ א לעבען וויא אין פאראדיס
נראָ גראָ נראָ.

---

# דיא ליעדער פון בן יעקב.

פערפאססט פון

## יאזעף לאטיינער

---

## קאמישעס דועט

### דאס ליעבלינגס־פאר.

1.

ער. פריט שטארב איך מארגען
  זאלסטו ניט זארגען,
איך נעהם דיך מיט מיר מיט,
  נעבען מיר וועט מען דיך לעגען.
איך וועל דיך דארטען פפלעגען.

זיא. שטארב אליין,
  און לאז מיך געהן,
טהו מיר קיין טובה ניט,
  זוך דיר צום טויט,
און אנדער מויד,
  און נעהם זיא מיט דיר מיט.

ער. לוטשיא פיינע.
זיא. אוי ליובע מיינע.
ער. איך זאג דיר הער מיך.
זיא. חאפט דיך שוין רער רוח.
ער. וועסט נאך מיר קלאגען.
זיא. יא, קדיש זאגען.
ער. הער מיך אויף צו קריינקען, איך נעה מיך טרענקען.
  איך נעה.
זיא. חארט שטעה.

---

ער. איך פרעג דיך דוא האסט מיט מיר חתונה צו נייז.
זיא. וואס האסטו אזוי קיין צייט ניט.
ער. אז ניט נעה איך שטארבען.
זיא. נו וואס־זשע וועט זיין.

ער. מעל איך דיך קומען ווארנען.

זיא. ע, דוא וועסט עס מיר ניט טהון.

ער. תכלל יא יא, ניין ניין. — איך נעה

זיא. ווארט שטעה.

ביידע. איך האב נור איין שפאס געפיהרט
איך האב דיך נור פרובירט.
אויב דוא האסט מיך ליעב
יא בין אין גרוב.
שענק איך מיינע ליעבע דיר
יעצט זעה איך שוין ארויס
אז דיא ליעבע איז צו מיר גרויס.
יא איך בלייב דיין
און דוא בלייבסט מיין
דוא ביסט גוט גענוג פאר מיר.

2.

ער. ווען איך וועל זיין
דיין ליעבער מאן
וועלען מיר זיין א גליקליך פאאר
מיר וועלען האבען קינדער
שעהן גאר א וואונדער.

זיא. מיט שווארצע אויגען
גוט ערצויגען
וועט מיין טאָכטער זיין
איך וועל איהר מאכען
שעהנע זאכען
צו נעהן אין שוהל אריין.

ער. איך וויל נור זעהנע

זיא. ניין מעדכען שעהנע.

ער. ניין דאס וויל איך ניט

זיא. איז שוין ווידער ניט גוט.

ער. איך וויל א איינגעל

זיא. ביים דיר אפ דאס צינגעל.

ער. לאז זיין ניט אויף מיינעם און ניט אויף דיינעם. 2 שטיק.

זיא. אוי אומגליק.

ער. איין אומגליק, וואס איך זאג מוז זיין פארקערט, וואס הארט דיך ס'וועט זיין א יונגעל.

[illegible] תארט דיך אז ס'וועט זיין א מערעל.

ער. אז דוא וועסט ריידען א סך וויל איך שוין גאר ניט.
זיא. נאָ וואס־זשע ווילסטו.
ער. 2 שטים.
זיא. נאָ מיט גליק.
ביידע. יא איך וועל זיין פאפא און דוא וועסט זיין מאמא.
מיט דיא שעהנע,
קינדער קליינע,
וועט זיין א וועלט דוא וועסט שוין זעהן,
איינס וועט שרייען גא־גא,
דאס 2טע וועט שרייען מאמא.
יא, שעהנע זאכען,
וועלען זייא מאכען
און מיר וועלען דערפון אנטעהען.

---

# ∴ שמע ∴ ישראל ∴

## קערקער געבעט פון בן יעקב.

פערפאסט פון

## יאָזעף לאַטיינער.

פאטער אין הימעל ערהערע דאס געבעט פון דיין קינד (ביס)
פון דיין ליעב קינד.
צו שטארבען בין איך בערייט, (ביס)
פערצייע מיר נאט, מיינע זינד (ביס)
פערלאס מיך ניט אונד זיי מיט מיר.
איך האב דיך ליעב מיין גאט.
איך אין פייער רוף איך דיין נאמען
אונד שריי צו דיר אחד.
אויך אין פייער רופע איך דיין היילינגען נאמען
אתד שרייע צו דיר שמע ישראל ד' אחד.
אויך אין פייער רופע איך דיין היילינגען נאמען
שמע ישראל ד' אלהינו ד' אחד.

# דועט פון אשה רע.

פערפאסט פון

## יאזעף לאַטיינער.

---

ער. א טרייע פרוי לויפט פאר איהר מאנן אפילו אין ד'רערד אריין

זיא. אין דער ערד צו לויפען פאסט אויך בעסער פאר א טרייען מאנן.

ער. אויף דיא הענד טראגען דעם מאנן וויא א קינד

זיא. דאס מוזט איהר טוהן וויל איהר זענט זעהר געזונד.

ער. דעם מאנן איינשלעפין

זיא. אויף קיין שום אופן

ער. מיך שעהן פאר ווינען

זיא. פע, קענסט דאס ניט קריגען ניין, ניין, ניין.

ער. יא, יא, יא.

זיא. איי ליו ליו זאל א פרוי דעם מאנן גאר זיננען

ער. וויל אזא מאנן מאכט דיר כבוד איך בין הערר.

זיא. צו דעם קענסטו דיר א האלב מיץ שקלאפען דיננען

ער. וויל דאס ווייב פרעסט אומזיסט איך ארביים שווער

ביידע. א מאנן (ער, א ווייב) ליעבען, כבוד עהרע

דאס איז נור ביים ווייב (ער, ביים מאנן) דיא ברירה.

ווילסט פערדיענען, דאס געפינען, קענסטו נור ביי מיר

ווילסטו אבער דעם ספאָדיק טראגען

מוז איך דיר דעם אמת זאגען,

ער. אז ניט ביי פרץ. זיא. אז ניט ביי מלכה

ביידע. זוך'זשע דיר איין אנדער בריאת

מוחל דיר אזא מציאה

האלט דעם פיסק.

זיא. פרץ'ל הער,

ער. נייז איבערבעטען וויל איך מיך מיט דיר ניט מעהר,

זיא. פרץ'ל קום צו מיר געשווינד.

ער. נא זאג מיר צו אז דוא ועסט מיך האלטען וויא א קינד

ויא. איך וועל דיך איין איין מיין שויס ⎱ ביידע ביס
נור תאלם זיך נים זא גרויס ⎰

ויא. קום, קום, קום.

ער. איך נעה, איך בין דא.

ויא. איי ליו ליו שלאף געזונד ⎫
איי ליו ליו שלאף מיין קינד ⎬ ביידע ביס.
איי ליו ליו חלום פריי ⎪
טר פון ליעבע און געטריי ⎭



# יודיש-אמעריקאנישע שוהלע

פון אלכסנדר הארקאווי, א פראקטישעס לעהר־בוך פיר אידען אין אמעריקא צום לערנען ענגליש, יודיש אונד רעכענען אין 3 אבטהיילונגען, ערשטער טהייל לערענט לעזען, רעדען אונד שרייבען ענגליש, צווייטער טהייל לערענט וויא צו שרייבען אידיש אהנע גרייזען, דריטער טהייל און דער וויכטיגסטער טהייל פון דיא יודיש־אמעריקאנישע שוהלע איז רעכענען וועלכע אידען האבען ביז יעצט נים געהאט איהר געפינט אין דעם אללע רעכענונגען מיט איבונגען פון צוזאמענציהען, ביז ברוכצאהלען, פראצענט און דיסקאונט. פיין געבונדען.

פרייז 25 בענט.

# נייעסטע ענגלישע מעטהאדע.

בעארבייטעט נאך דר. אהנ'ס דאלמעטשער, איז איינגעטהיילט אין 3 אבטהיי-לונגען, זיא פאנגט זיך אן פון איי, בי, סי אונד ענדיגט זיך מיט דער פאלקאמענער קענטניס פון דער ענגלישער שפראך און דערביי איז זיא אזוי קינסטליך צוזאמענ־געשטעלט, דאס יעדער איינציגער קען גאנץ לייכט אין א קורצע צייט ערלערנען פאלקאמען דיא ענגלישע שפראך, וויא עס איז נויטהיג אין לעבען. פיין בראשירט

פרייז 25 סענט.

## דיא ליעדער פון דער אָפּערע

# עזרא אָדער דער עוויגער יוד.

### הללוית.

הללויה הללויה כל הנשמה תהלל יה הללויה הללויה.
ליעבע דיינען גאָט מיט דיין גאנצען הערצען,
ליעבע דיין גאט מיט דיין גאנצע זעעלע,
אבענד און מארגענס ליעב נאר דיין גאט.
בעט אבענד און מארגענס „שמע ישראל״.
אין דעם לאנגען פינסטערן גלות
איז ער אונזער שטיצע, אונזער נאר.
אונזער הילפע צו יעדער צייט;
אונזער הילפע אונזער רעטער אונזער שוץ אין יעדן נויט.
הללויה הללויה כל הנשמה תהלל יה הללויה הללויה הללויה הללויה.

### נאָך קראָקאָ.

קראָקאו, קראָקאו, קראָקאו, קראָקאו!
נאָך קראָקאו, קראָקאו איז אונזער ציעל.
אין קראָקאו, קראָקאו דארט זיינען מענשען פיעל.
דאָרט איז גאָר א נייע וועלט,
דאָרט וועלען מיר פערדיענען געלד.
דרום מארש נאָך קראָקאו, נאָך קראָקאו מארש!
קרא-קראָקאָ קראָ-קראָקרא קראָ-קראָקראָקאו
קרא-קראָקראָקרא קרא-קראָקראָקרא-קראָקאו.
איך דענק מיר דאָרט צו עפענען איין רעסטאראַן,
דאס געפעלט מיר, דאס איז א גוטער פּלאַן.
איך קען גוט קאָכען, איך קען גוט באַקען
און איך קען עסען אויףביידע באַקען.
קונדען וועלען לויפען, קונדען וועלען לויפען צו אונז אהן א שיער
און איך וועל אויפ׳ן אויווען, איך וועל אויפ׳ן אויווען ליעגען אויף אלע פיער.
אויף דעם שילד וועט הייסען: „צו דער שעהנער קאטארינא״,
אפּעטיט וועט זיי מאכען דיא וואלענטינא.
קראָקאו קראָקאו א. ז. וו.

# לעממעלע מעע.

1.

דער אריסטאקראט ווי א שטאלץ ער נאָר נעהמט
ער קוקט אויף אונז גלייך מיר זיינען קיינע מענשען נים.
ווייל ער פרעסט און זויפט צוזעצטערהייט
פאן אונזער ארבייט פאן אונזער בלוט
ער איז זא רייך און פיהרט א גרויס הויז
און מיר ארימע בויערן זענען איהם פע,
ווייל ער איז דער וואָלף און [illegible] אויס
און מיר בויערן זענען ווי א לעמעלע מע.
לעמעלע מע לעמעלע מע.
מע מע מע מע מע מע מע
לעמעלע מע לעמעלע מע
מע מע מע מע.

2.

דער גייסטליכער אויך איז הייליג און פרום,
ער האלט אונז נעבאך גאר פאר נידריגע מענשען אזוי קליין
פרום איז ער, אזא יאהר זאל זיין אויף איהם.
דאָס וואס מיר טאָרען נים, דאס טהוט ער אליין
ער איז געזונד מיט אזא גראבען בויך
און מיר זינדיגע מענשעלאך זיינען איהם פע
ווייל ער פרעסט פלייש און טרינקט רויטע יויך
און מיר קייען שטרוי נאר ווי א לעמעלע מע
לעמעלע מע א. ז. ח.

3.

ווי א לעמעלע שוואך זענען מיר פרויען אויך,
נעמען אייך שטארקע מענער, וואס איז נאָר אונזער מיַכט?
ווען איהר ווילט בעקומט איהר און אייך א כח
פאן א פאָלק סאלדאטען און איהר געווינט די שלאַכט.
איך בין פאר דיר אזא טייערער שאַץ,
דו ווייסט מיך אבער נים צו עֲיצע: דאס איז חלעבען פע
יא דו ביסט מיין שיינע ווילדע קאַץ
און איך פאנטאָפעל בין דיין לעמעלע מע
לעמעלע מע, א ז. ח.

## פערלארען

פערלאָרען!
פערלארען זינד אלע האפנונגען פאָן מיינעם לעבען,
אומזאנסט האב איך געליטען אומזאָנסט מיין שטרעבען
פערלאָרען!
עווינגער יורע, לעג נאך ניט וועג דעם וואנדערשטאב פאָן [illegible]
נע ונד, דאס איז דיין שיקזאל, נע ונד פאן לאנד צו לאנד.
נע ונד, דאס איז דיין שיקזאל, נע ונד פאן לאנד צו לאנד.
פרעמד ביסט דוא, וואוהין דוא קומסט,
פיינדע האסט דוא איבעראל,
דאך פערצווייפעל נים מיין פאלק
דיר שיינט איין האָפנונגס־שטראהל!
נאך ציון אונזער היימאטה לאנד,
נאך ציון שטרעק איך אויס מיין האנד.
צו דיר צו דיר מיין היימאטה,
צו דיר ציהט מיך עס צוריק.
ציון מיין טייערע אלטע היימאטה,
מיין הייליג פאטערלאנד.

---

# דיא ליעדער פון דער אגודת שומר ישראל

---

## קוגעל, (דועט)

דיא ווערסט דוא ליעבען א יודיש קינד? ער סטייטש, קוגעל, קוגעל, קוגעל.
ליעבסט דוא אנדערע? זאג אצונד. נאר קוגעל, קוגעל, קוגעל.
דיא טערקען מוזט דוא יעצט פעלאסען
און זייערע ווייבער מוזט דוא האסען
און זיי מוזט דוא פערגעסען,
נאָר יודיש קוגעל עסען.
פאר יודעלאך קענסטו נאָר פאסען,

. יעצט וואהר? ער אמת.

..כט דוא מיך צום נארר? ניין, ניין.

ואנסט דוא יעצט וואהר? אמת.

ער און זיא אמת וויא איך בין א יוד.

ער אוי ועה, קונעל! אוי וועה קונעל
קונעל וויל איך, קונעל זוך איך נוט
פאר קונעל וועל איך לויפען
מיין לעבען אייך פערקויפען
קונעל, וויא איך בין א יוד, אוי קונעל!

ער און זיא אוי קונעל, אוי וועה קונעל.

ער וויפיעל יאהר האב איך דארויף געווארט.

זיא איז דאס אמת? אמת.

ער און זיא אמת אמת — קונעל!

# שומר ישראל.

שומר ישראל, מיר ליידען אהן א צאהל!
היט חאטש אפ דאס ביסעל וויא א מאל, שומר שארית ישראל! ביס

1.

טרייסטע דיך מיין פאלק, טרייסטע דיך מיין קינד,
הער, וויא עס רופט דיך דיין פאטער, דיין גאט:
„דיא צייט איז געקומען פערגעבען דיינע זינד.
„איך וויל דיך ערוואכען מיט מיין גנאד,
„נענוג האסטו שוין אין גלות געליטען.
„פאר דיינע גרויסע זינד, בעשטראפט האב איך דיך שוין צוויי מאל
„און דאך האסטו מיך ניט פערביטען,
„און ביסט מיר געבליעבען מיין היילינ פאלק ישראל".
שומר ישראל, מיר ליידען אהן א צאהל!
היט חאטש אפ דאס ביסעל וויא א מאל, שומר שארית ישראל.

2.

א שטימע הער איך אויס דער וויסטע זא היילינ שרייען.
דאס רופט דיך דיין גאט פון זיין כסא הכבוד:
„פיר מיינע קינדער מאכט א פלאץ א ברייטען וועג א נייען.
„זיי קעהרען שוין צוריק אין זייער בית דוד.

„ירושלים שיינט אין לאכט. דאס בית המקדש אין מיטען
„פערפאָלגט האט מען זיי טאג און נאכט.
„און האבען זייער גאָט ניט פערביטען,
„און זענען געבליעבען מיין היילינג פאלק ישראל.
שומר ישראל, מיר ליידען אהן א צאהל!
היט האטש אפ דאס ביסעל וויא א מאל, שומר שארית ישראל! ביס

3.

עפנע דיינע טויערן שוין, דיא שעהנע
און פוץ דיך אוים מיט יום־טובדינע קליידער
אט קומען שוין צוריק דיינע שעפעליך דיא קליינע
הער וויא זיי קומען מיט ציוןס ליעדער.
פון דיא פאסטיכער האבען זיי פיעל געליטען.
מען פלעגט זיי שלאגען און יאגען.
נעשאָרען האט מען זייער וואָל
און דאך האבען זיי דיא וואָל אויף זייד ... ערביטען
און זענען געבליעבען מיין טהייער פאלק ישראל.
שומר ישראל, מיר ליידען אהן א צאהל!
היט האטש אפ דאס ביסעל וויא א מאל, שומר שארית ישראל! ביס

## דיא ליעדער פון דיא אפערא

# דניאל אין לייבענגרוב.

### דניאלים תפלה.

וויינען וויין איך נאָר אויף דיא טויערן פאן בבל
עס ציטערט אין מיר א יעדער אבר,
איך קלאגע וויא אן אבל ...
אויף מיין איינציגע מוטערס קבר!
מוטער שטעה אויף פאן דיין גרוב געשווינד
און זעה וואס איז געווארען פון דיין קינד!
בעט נאט פאר מיר, אָה מוטער.
בעט נאט פאר מיר אצינד.
נאט איז דאך פאן אימער א גוטער.

לידען ליידעט יעצט זיין קינד.
דיך וויל איך דיענען,
נאָר דיר אליין.
איך זאָל פערדריענען
ואלסט צוהערן מיין געוויין.
דיך וויל איך דינען, דיך מיין גאט,
צו דיר וועל איך שרייען „אחד".
אחד! אחד! ביס.

## אין ציון צוריק (דועט).

ביידע עס איז ניט מעהר וויים
דיא גאלדענע צייט,
דאס אונזערע ברידער
וועלען שוין ווידער
האבען מיט גליק
אונזער לאנד צוריק.
אונזער הייליגעם לאנד.
יא דאס לאנד, יא, יא יא.
ער ציון איז מיין באגער,
וואס דארף איך נאך מעהר!
אך וויא גליקליך בין איך אצינד
צו וועל איך נאך זעהן
מיט פראכט און גלאנץ גאנץ שעהן
פרייה דיך פרייה דיך ציון'ס קינד.
יא פרייליך זאלען מיר זיין
אין ציון וועלען מיר אריין.
אין ציון צוריק איז מיין גליק.

## דער הייליגער פריסטער.

איך דער הייליגער פריסטער פאר־נא־באזוס
באזוס באזוס באזוס
חייב יעצט אויף מיין רעכטע האנד צו דיר מיין גרויסער בעלוס
בעלוס בעלוס בעלוס.
מיט מיינע 385 אויגען
וואס קוקען אויף אלע וועגען

דעם אידען דניאל האבען מיר שוין בעגראבען
ער וועט דאך שוין דיא וועלט מעהר נים זעהן
דעם זעלבען פסק דער קעניג דריוש זאל אויך האבען
ער וועט שוין נים דערלעבען ביז מארגען אויפצושטעהן.

## ישראליק שטעלט דעם צונג ארויס.

(פון דיא אפערא „טיטוס").

1.

ישראליק און משה, שרעקט אייך נים דעריבער,
איהר לאכט דעם שונא תמיד אויס, אויס.
דער שונא מיינט, אז ער איז א גרויסער גבור
און ישראליק שטעלט דעם שונא אזא צונג ארויס.

* * *

פון מצרים
ביז ירושלים
זיינען מיר געווען קנעכט,
קיין לאנד קיין חיים
געקנעפטען ליים
ביי פרעה׳ן איז געוועזען שלעכט!
אונז אנגעטהאן ליידער
געבראטען געטיידט
ביי א יצרי א קנעכט איז א יוד,
מען טהוט איהם צום טויטט
ער ליידעט געבאך נויט
מען טרינקט וויא וואסער זיין בלוט!
משה האפט דיא יודען און נעהם דעם ים אריבער
און זאגט דארט „אז ישיר" גרויס, גרויס.
דער שונא דערטרינקט זיך און קען נים אריבער
און ישראליק שטעלט דעם שונא אזא צונג ארויס.

2.

אין זיין איינענעם לאנד
איז דער יוד נים אימשטאנד
צו לעבען בכבוד, בערוהט,
ווען ער רוהט זיך אויס
וואקסט באלד ארויס

און שטאַרק מען זעצט אַרויס פון אים זיין בלוט!
פען רינגעלט אַרום
פון אום־אונד־אום
און ... מיט אַהן וואַסער, אַהן ברויט,
דער שונא זיך פרעהט
ישראליק אונטערגעהט
דער הונגער מאַכט ישראליק דעם טוידט!
נעהמט ישראליק אַ יהודית און שיקט צום שונא אַריבער
און האָט הילאָפורניס איז געווען גרויס, גרויס,
מיין יהודית האַקט אַ שווערדעל, שניידט איהם דעם ... אַריבער
און ישראליק שטעלט דעם שונא אַזאַ צונג אַרויס.

8.

ווען דער שונא איז רייך
ישראליק ווערט שוואַך
און ... צו דעם שונא אַריין,
אין אַ פרעמדעס לאַנד
ביים שונא אין האַנד
ער ... שוין פערלאָרען זיין!
זיין שבת דעם אַלטען
ווען ער ניט האַלטען
אפילו יום־כפור אַרך ניט,
שבת ווען ער
אַרבייטען שווער
עס ווערט איהם זיין ביטער, ניט גוט!
— מיין ישראליק היט זיך אָפּ זיין שבת האָט צאהל דערפאַר שטייער
און האָט ער איז ביים דעם שונא אין דיא אויגען גרויס, גרויס.
ער שיינקט דעם ערל אַ שטיק קוילטש, מאַכט ער שבת ...
און ישראליק שטעלט דעם שונא אַזאַ צונג אַרויס.

---

## מיינט ניט אַז גאָט שלאָפט.

(פון דער דער קאָמעדיע „ניט בע ניט מע“).

1.

געשוואָרען האָבען דיא וועלטען פאַר גאָט'ס שטול:
דיא זיי זיינען געבוירען.

אז אלעס וואס עס נייהט פאָר אין דער שטיל
זאָל ניט ווערן פערלאָרען.
פון דעם בייזען ביז דעם גוטצן,
אלעס ווערט געוואוינגען,
קיין זאך זאל ניט ווערן פערמיטען,
אלעס קומט פאר דיא אויגען.
יא, מיינט ניט, אז יאט שלאפט;
אלעס ווערט בעשטראפט.
ער דערהערט דאָרט נוט אין הימעל, חאָטש ער זיצט גאנץ ווייט,
דער גוטער ווערט געשווינט,
דאס גוטעס ווערט בעלוינט,
וועז ניט באלד אין דער מינוט, זא קאָמט דאס מיט דער צייט.

2.

ווערט נאר געטהאן א שלעכטס,
ווערט דאס פערשריעבען באלד.
דעם אונגליקליכענס קרעכץ
מאכט אן א גרויס געוואלד.
דאס קול נייהט ווייט און ווייט און ווייט,
ביז עס קומט צו גאָט
ער שיקט זיין שליח
דעם עלענדען אין זיין נאָטה
צו העלפען גיך.
יא, מיינט ניט, אז גאט שלאפט
א. ז. וו.

---

# דער דאָללער.

(פערפאסט פון ר. מאקס).

1.

וואס שפיעלט דיא הויפטראָלע אין היינטיגער צייט? — — דער דאָללער.
דיא רונדע מטבע, דיא געהט זעהר ווייט — — דער דאָללער.
איבעראל אין יעדער גאָס וואו איהר וועט געהן
אין דיא קאָרנערס זעהט איהר דאָרט מענטשעליך שטעהן.
אויף וואס וואָרטעט זיי? קענט איהר אין פנים גלייך זעהן — —
אויף דעם דאָללער.

2.

עלעקשען קִימט אח הויבט אן פליהען וויא מיסט — — דיא דאָללערס.
מען גיבט אייך קיין שאָו צו וואוטען אומזיסט — — נור פאר דאָללערס.
הערט אייך גוט צו, צו דיא פּאָליטישענס געשריי
אויף דער בויערי שרייען זיי פאר קליוולאנד הורריי!
אבער וואס זוכען זיי נעביך אין עלעקשין דיי? — — דיא דאָללערס.

3.

פערגלוסט זיך א יונגען מאן חתונה צו האבען, — — דאס קאָסט דאָללערס.
ביי דעם שטארבט דאס ווייב און ער מוז זיא בעגראבען, — — דאס קאָסט דאָלערס.
דער קויפט זיך איין אין א לאָדזש, וויל זיין ווייב איז קראנק
500 דאללער צו נעהמען איז זיין געדאַנק.
פלוצים ווערט זיא געזונד. אוי וועה, טהוט איהם באנק — — דיא דאָללערס.

4.

א גרינער ווען ער קומט צופאהרען אהער, זוכט ער — — דיא דאָללערס.
זיין ווייב און קינד ברייגנען איז איהם נעביך זעהר שווערה, — — ער מוז האבען דאָללערס.
נעהמט ער דא א נייע ווייב מיט נדן א סך.
מיט דער צייט אז עס גליקט איהם ווערט ער זעהר רייך,
קומט דאָס ערשטע ווייב פון רוסלאנד און פערפאהרט צו איהם גלייך, — — קאָסט איהם דאָללערס.

5.

ווילט איהר גאָט זאל אייך פערגעבען דיא זינד? — — דאס קאָסט דאָללערס
אין שוהל אריין לויפט איהר יום־כפור געשווינד — — און צאהלט דאָללערס.
פאר דעם דאללער געהט דער חזן בעטען פאר אייך
און ער זאגט אייך צו, אז דאס יאהר ווערט איהר שוין רייך,
אבער ער אליין מיינט דא, קיין אנדערע זאך — — וויא נאָר דעם דאלער.

6.

אין טהעאטער אז איהר ווילט אמאל אריינגעהן — — דאס קאָסט א דאלער.
איהר לאַכט פון א וויטץ און אמוזירט אייך גאנץ שעהן — — פאר'ן דאלער.
איך שרייב אלע מאל אן א גאנץ נייעם קופּלעה
און איהר פּאטשט מיט דיא הענד און שרייט בראוואָ חוררא.
אבער וואס מיינט איהר זוך איך דא פון'ם גאנצען געשריי? — — א דאלער.

# אמעריקן סטייל.

(פון גרינעם שוסטער)

1.

אמעריקא איז א שעהנעס לאנד,
פאר ניי און פריי בעקאנט.
האט מען גאר געלד אין דער האנד.
זא איזט מען אין פיינעם שטאנד.
האט מען אבער ניט קיין געלט,
זא איזט מען אין דער ערד אלערוויל,
דאן ליידעט מען שטענדיג הונגער און קעלט,
דאס איז דער אמעריקן סטייל. (בים)

2.

אמעריקא איז אבער זעהר גוט,
בעסער וויא אין דער גאנצער וועלט.
דא קרינט מען אלעס און צאהלען ניט,
מען קען נאך שפארין געלד.
פידלערס בריינגען געלד און נומע שטיינער,
זיי לויפען אפילו פאר צעהן מייל.
דערנאך וויל איהם ניט צאהלען קיינער,
דאס איז אמעריקן סטייל. (בים)

3.

איינער מאכט א גרויס געשעפט
און קאנקורירט דיא וועלט.
עס נעהט איהם אבער זעהר שלעכט,
ער הרובט אן צו פערליערען געלד.
זא בארגט ער אן געלד א סך
און לויפט נאך קאנאדא, וויא א פייל
און דארט פיהרט ער אויך געשעפטען גאנץ רייך
דאס איז אמעריקן סטייל. (בים)

4.

גרינע וויבלעך קומען צופאהרען
נאך אמעריקא, אין דעם נייעם לאנד
דא ווערען זיי גאר וויא ניי געבארען
זיי נעהמען דיא מענער אין דער האנד

ארבייטען שיקען זיי דיא מענער גאנץ ווייט
אפילו ביי קוילען פאר צעהן מייל.
אין דער חיים קושען זיי זיך מיט יונגע לייט
דאס איז אויך אמעריקן סטייל. (בים)

5.

א מיידעלע א יונגס האט געלוסט צו שפיעלען
א ליעבע מיט א יונגען מאן,
זיא האט געוואָלט דעם טעם פון ליעבע פיהלען
און איז אין דיא הויכע חדשים אריין.
דערנאך פרעגט זיא דעם יונגען מאן אליין:
„וואס שטעלסטו נים א חופה דערווייל".
קאלטבליטיג ענטפערט ער איהר „נעווער יו מיינד,
דאמה איז טהע אמעריקן סטייל". (בים)

---

## ביי דעם דעספּאָט.

(פון מארקס).

1.

פון אלע נאציאָנען
אין דער יור צו שפּאָט צו שאנד
עס העלפט איהם קיינע מיליאָנען
מען פערוויזט איהם יעדעס לאנד;
נאר איין מהויער איז נאך אָפען,
וואס בעהאנדעלט אונז זא פיין, —
אויף אמעריקא קענען מיר נאך האָפען
עס זאל פאר אונז ארץ־ישראל זיין. — דארום
ברידער ברידער
נעהמט אלע האנד אין האנד,
ארבייט מיט אלע גלידער
דיס טרייע בירגער אין לאנד.
ברידער ווען עס קומט א גרינער,
נעהמט איהם ארף מיט וואס איהר קאנט
און ווערענד איהר לעבט דא פריי
שלאגט מען א אידען דאָרט —
ביי דעם דעספּאָט.

2.

ווען איהר לעבט מיט הכנסה
פערנעסט איהר אָן דען כלל ישראל,
דאָרט האבען זיי קיין פרנסה
און מען פלאָגט זיי אָהן צאהל.
וועהרענד איהר וועהלט א פרעזידענט
און האט מיט אלע גלייכע רעכט,
שטרעקט א לאַנדסמאַן אויס דיא הענד
און שרייט: ברידער, עס איז מיר שלעכט! — דארום
ברידער ברידער א. ז. וו.

3.

דיא אידעשע בּאראָנען
צוברעכען זייערע קעפּ און הערץ,
מען שטיצט אונז מיט מיליאנען
און דאָך איז גרויס אונזער שמערץ.
נעהאלפען איז ניט דער עמיגראנט
מיט דער נדבה פון דעם גביר.
ווען מען טרייבט איהם שטרעקט ער אויס דיא האנד
און שרייט מאכט מיר אויף דיא טהיר, — דארום
ברידער ברידער א. ז. וו.

4.

ווען איהר האט אין אייך בעלנות,
אין עליס-איילענד בליקט אריין.
דארט זעהט איהר פיעל קרבנות
אויסגעמאטערט פון דעם טיראן!
קיין פערמעגען זוכען זיי נים,
נאר פריי צו לעבען אהנע לאסט.
דער ענגסטער לאָך אין העסטער סטריט,
זעהט ביי זיי אויס א פּאלאסט, — דארום
ברידער ברידער א. ז. וו.

5.

דער לענט פאָר ארגענטינא
און שרייט, עס איז דער בעסטער אָרט,

דער שרייט, נור פּאלעסטינא,
ווייל כותל־מערבי איז דארט.
דאך, דאס רעדען האט קיין גרונד,
וועהרענד עס שוועבט זא א געפאהר,
ארגאניזירט צו־ערשט איין בונד
און שלעפּט ארויס די אידען פון צאר, — דארום
ברידער ברידער א. ז. וו.

# ברעכען דיא ביינער.

## (פון דיא פערבלאָנדזשעטע נשמה).

1.

דיא שטאלץ ווערט דער גולם ווייל ער איז רייך,
ער שעהמט זיך מיט דעם קבצן קיינער איז איהם נית גלייך.
פוי, דער קבצן איז שמוציג און איך בין א ריינער;
אבער אויף יענער וועלט, ווערט דיר דער קבצן ברעכען דיא ביינער.

2.

בעטראכט נאר גוט דעם חסיד אט דעם צבועק,
ער דאווענט אין צוויי פּאר תפילין מיט'ן קנאק,
און דיא קעכין קושט ער, ווען עס זעהט נית קיינער.
אוי, צבועק, אז מען חאפּט דיך קריגסטו געבראכענע ביינער.

3.

דער קאוואליער רעדט דייטש און קליידט זיך נאָבעל פיין
ער מאכט דיא קור א ווייבעל וואס האט שוין א מאַן.
אהה, ליעבט מיך מאדאם, פון אייער מאן בין איך שעהנער.
אוי, ר' דייטש איהר מאן ווערט דיר ברעכען דיא ביינער.

4.

איין אויסגעדארטער פּארשיווער יאָלד ווערט טהעאטער־מענערדזשער
ער וויל סאָקען אקטיאָרען און שרייט „באָס" איז ער.
איך געדענק נאך דיא שיפּסקארטען מיט'ן ארימען געלד האט אני־
געזוצט דער געמיינער.
יעצט האט ער אנגעטראָפען אקטיאָרען, ברעכט מען איהם דיא ביינער.

5.

איך הער מיין פובליקים איהר האלט מיך אין איין רופען
פון צופיעל זיננען קען איך ווערן אננענריפען,
ווייל איך בין ניט קיין שטארקער, דערצו נאך א קליינער.
אז איהר וועט נאך קלאפען, וועלען מיך ברעכען דיא ביינער.

## נזר מן השמים.

(פון פיינמאן).

1.

טיעף אין טרויער, אין שווארצען קלייד
זיצט ירושלים, דיא שטאלצע גבירית
נאך אין פורפור און אין זייד
און קלאנט וויא א געפאלענע עשירית.
און היל איין דיין קרוין אין טרויער,
עס פאסט דיר ניט דער רייכער גלאנץ;
דיינע בעצווינגער צערשטעהרען דיין מויער,
זיי נעהן אויף דיר אויס וויא צום טאנץ.
אוי וועה, עס איז א נזר מן השמים
אויף דיר אויסגעגאנגען, מאמוניו ירושלים (ב״פ)

2.

פערניסען טרערין וועט איהר זעהר פיעל,
אין ליידען, אין צרות, אין פיין,
ניט שנעל וועט איהר עררייכען אייער ציעל,
פיעלע יאהרען אין גלות וועט איהר זיין!
יעקב צו וואפען, דיט מעהר קיין שקלאפען,
פאר אייער טאטען, ניין פאסט דאס ניט.
עפענט אייער מוח, צייגט אייער כוח,
פיר אייער פאטערלאנד געהט זא ווייט אין בלוט.
אוי וועה, א. ז. וו.

3.

ווארום שווינגט איהר ציון׳ס קינדער,
ווארום הארט אייך קיין שום מלחמה?
דער שונא שלאכטעט וויא דיא רינדער
און איהר נעהמט קיין נקמה!

וואו איז אייער לאנד,
צערשטערט פאן דען פיינד,
גצלעסטערט האט מען אונזער נאָמ,
דאס בית-המקדש איז געווארען אין אש
שווייגט ניט דעם שונא, מאכט איהם צו שפאָט.
אוי ווערה, א. ז. וו.

# ווייא מיין טאַטע האט געמאַכט.

(פון „שומר ישראל".)

1.

געוואלד וואס הויבט מען אן צו טהון
און וואס קען זיין דער סוף דערפון?
מיין טאטע שוין אין מיינע יאהרען,
אויף ירידים פלעגט ער פאהרען,
קויפען וואס האט זיך איהם געטראפען,
אפילו א ווייבעל וואס איז פון איהר מאן אנטלאפען.
הלוואי וואלט איך אזוי געטהון,
וואלט איך געהאט א גוטען סוף דערפון.
מיט פרעמדע ווייבער וואלט איך געשטיפט און געלאכט
אבער פונקט, ווי מיין טאטע האט דאס געמאכט.

2.

געוואלד וואס הויבט מען אן צו טהון
און וואס קען זיין דער סוף דערפון?
מיין טאטע פלעגט נור לייען בארנען,
פאר אפגעבען פלעגט ער ניט זארגען.
פלעגט אנלייען געלד און דערנאך אנטלויפען
און האט דארט צוגעלעבט אויף א שעהנעם אופן.
הלוואי וואלט איך אזוי געטהון,
וואלט איך געהאט א גוטען סוף דערפון.
איך וואלט געפרעסען געשיכורט טאג און נאכט
נאך בעסער ווייא מיין טאטע האט דאס געמאכט.

3.

נוואלד וואס הויבט מען אן צו טהון
אונ וואס וועט זיין דער סוף דערפון?
מיין טאטע פלענט בייז זיין אויף דער מאמע
ווייל זיא האט געקוקט צו.... מן הסתמא.
ער האט עס ניט געקענט איבערטראגען,
פלעגט ער זיא הרגענען שלאגען.
הלוואי וואלט מיין ווייב אויך אזוי געטהון,
וואלט זיא געהאט א שווארצען סוף דערפון.
מיט מיין קולאק וואלט איך תמיד איבער איהר געוואכט
אבער פונקט וויא מיין טאטע האט עס געמאכט.

4.

נוואלד וואס הויבט מען אן צו טהון
אונ וואס קען זיין דער סוף דערפון?
מיין טאטע איז א פרומער איד געוועז,
אלע שבת פלעגט ער אין שול ארייננעהמן
און ווען ער איז פון דער שול א היים געקומען
האט איהם דיא מאמע מיטן קוגעל אויפגענעהמען.
ווען איך האב א ווייב זאל אויך אזוי טהון,
וואלט איך געמאכט א קורצען סוף דערפון.
איך וואלט נעהמאליעט קוגעל טאג וויא נאכט,
נאך מעהר וויא מיין טאטע האט דאס געמאכט.

---

## תקיעה גדולה.

(פון אשת חיל).

1.

אזוי וואלט איך א יעדען מענשען געראטען
מיין עצה איז דאך נאר א גוטע און א וואוילע.
ווען ער ליידט יסורים פון א שלאק פון א שטן
פערטרייב איהם מיט א תקיעה גדולה.
איינער צום ביישפיעל קלאגט זיך פאר מיר
וואס פאר א ווייב ער האט אנגעטראפען.
דאס גיהינם שטעהט ער אויס פון איהר
ער וואלט אין דער וויטער וועלט אנטלאפען.

דוא נאַרר וואס דוא ביסט — דוא ערגערסט דיך א...
דוא פאַלג מיין עצה אַט דיא וואָוילע.
צו דיין ווייבס יללות, מיט אלע איהרע קללות
גיב א בלאז א תקיעה גדולה.

2.

איינער איז א קויפמאַן גוט בעקאנט אומעדום,
מען באָרגט איהם און מען טרויעט איהם פון אלע זייטען.
פלוצים טהוט ער געביך זיך א קוק אר'ם,
אויפגעהערט צוגעהן האט דער משא ומתן.
מארגען זאגט ער איז שוין דער געוויסער טאג,
ווען איך בעקום צו נאַסט מיינע קרעדיטאָרען.
צונעהמען וועט מען אלעס וואס איך פערמאג,
וואס טהוט מען, שרייט ער, איך בין פערלאָרען.
דוא נאַרר וואס דוא ביסט, — דוא ערגערסט דיך אומזיסט
דוא זיי נור אויף דעם שכל ניט חולה.
דוא פערשטעק דאס מזומן — נאך איידער דיא בעלי־חובות קומען
און דערנאך פייף זיי אָן מיט א תקיעה גדולה.

3.

איינעם זיינען פיעל מענשען נאָר שטארק מקנא
וויא ער לעבט מיט זיין יונג ווייבעל רוהיג און שטיל
דאך ווען איהר רעדט מיט איהם האט ער אן אנדער מענה
מיר, זאגט ער פעהלט צו מיין גליק נאך פיעל.
וויא אזוי קען איך לעבען בערוהט,
זאָלאַנג איך האב צו נאַסט מיין שווינערמוטער
זיא דערנעהט מיר מיינע יאהרען, מיין לעבען בעקומט מיר ניט.
וויא אזוי ווערט מען פון דער קלפה פטור.
דוא נאַרר וואס דוא ביסט — דוא ערגערסט זיך אומזיסט
וואס מען טהוט מיט א שוויגער איז אן עצה א וואָוילע.
ווען זיא עפענט דיא טהיר — זאָ לויף געשווינד אקעגין איהר
און טרומפעטיר זיא ארויס מיט א תקיעה גדולה.

---

## שבת מאַכען.

1

מען יאגט, מען לויפט

מען האנדעלט, מען קויפט
פרייטאג א יעדער לכבוד שבת.
דער שבת מוז זיין ברייט
שטענדיג אנגעגרייט
היינט נאך ביי דיא דראבעס,
ווער שמועסט אין מארק וואס טהוט זיך דארט
ווען ער איז מיט ווייבער פול
מען שרייעט אין א יעדען ארט
מען קען אזש ווערן דול
דער קצב שרייט געוואלד
אט ניב איך אייך באלד
איך גיב אייך א חלק א רייכען
ווער איז אונז מיר מוזען דאך שבת שבת מאכען.

2.

דער חסיד איז פרום
דאס וויים מען אומעדום
ער לאכט ניט ער שטיפט ניט דאס איז א חידוש
נאר שבת קוקט איהם אן
פריילינ נאכן קידוש
ער זינגט זיך „כל מקדש" מיט פרייד
און דאס ווייבעלע זיצט דארט ביים טיש.
און בינרלבינה שטילערהייט
ניט ער איהר א קוש
זיא שרייעט: „ווער איז מיר
וויא קומט דאס צו דיר
מאר מען דען שטיפען און לאכען? ..."
פערשטעהסטו מיך מיין ווייבעלע, מע מע מוז דאך שבת מאכען!....

3.

רבי׳ניו אוי, אוי!
שרייט א מאמע אזוי
רוצרציהעלט וואס איהר טאכטער האט געטראפען
נאך ראשמשינע איז זיא
שמארק נעלאפען
א גליטש איז אין דרויסען געווען ווען זיא איז געפאלען

געוואלד רבי׳ניו, איהר זאלט זיא נאר זעהן
ווי זיא איז געשוואָלען
זאגט רבי׳ניו אליין
איהר קענט ראך פערשטעהן
פון וואס קומט צו איהר אזוינע זאכען?
„אי אי, מיין ליעבע אידענע, דאס קומט פון שבת מאכען!״

## הערען, זעהן און שוויינען.

שוין מעהרערע זאכען האב איך געזעהן
איך קען עס מיר נאר ניט ערקלערן
איך זאג אייך, אז דיא גאל קען נאר צונעהן
דאס צו זעהן און אויך צו הערן
נעה שריי חיי וקים! עס הערט מיך ניט קיינער
אומזיסט איז מיין וויינען מיין קלאגען
(דער ענטפּער איז)
יונגער מאן ווילסט האבען גאנצע ביינער?
זאלסטו הערן און זעהן און שוויינען (ביס)

2.

חלעבן רבי׳, מען צאהלט אייך געהאלט
איז א יושר איהר זאלט אונז אָפּנארען?
מען זינדיגט אוי וועה! ס׳איז א געוואלד
און אייך הייבט נאר ניט אָן צו האָרן
איהר זעהט פאר אייך אזא זינדיגע וועלט
און איהר, צדיק, קענט דאס ערטראגען.
(רבי) אוי וועה מיין קינד, מיר צאהלט מען געלט
פאר הערן און זעהן און שוויינען. (ביס).

3.

איך וויל אייך דערצעהלען א שעהן שטיקל
פון א חסיד וואס עס האט זיך פערלאפען
שפעט ביי נאכט אין א פוסטע ליקעל
האט ער דאָרט א נ....נ....נשמה קעלע געטראפען
אין דער נשמה האט ער א מין דיבוק דערזעהן
האט ער דעם דיבוק געוואָלט פּעריאָגען

זאל איך זאָגען וואס דארט איז געוועזען ?
ניין, לאָם איך הערן, זעהן און שווייגען. (ביס)

4.

זאג נאָר טאַכטער וואס דאס בעדייט ?
דאס קליידעל ווערט אלע מאל איינגער
איך זעה עפּעס גאָר פון א שטיקעל צייט
ווערסטו אלץ גרעבער וויא לענגער.
זאג דער מאַמען, אוי איז מיר ביטער
הער אויף דיין מאַמען צו פּלאָגן.
(טאַכטער) דאס האָב איך בעקומען ליעבע מוטער
פון הערן, זעהן או שווייגען.

---

## שטעה אויף מיין פאָלק.

(פון א. גאָלדפאדען).

1.

שטעה אויף מיין פאָלק, ערוואַך פון דיין דרעמעל
אין נארעשקייט זיי ניט פערגלויבט,
וויא פריש איז דער מארגען, וויא לויטער איז דער הימעל
אלעם פרייט זיך און לעבט.
ביי אלע פעלקער זינד דיא לאָרענס לאנג אָפען,
פון בילדונג שיינט זיא איין שיין,
פרישע לופט פון חכמות און האָפען,
שיינט זיא אין צימער אריין.
נור דוא מיין פאָלק ווילסט דיא לאָדען ניט אויפמאַכען
מיט דיר מיין פאָלק איז א אייבינע פּלאָג
דוא פערשלאָפסט דיא צייט דוא ווילסט ניט ערוואַכען
שטעה אויף מיין פאלק עס איז שוין טאג !

2.

איך הער וויא עס רוישט אין אלע מדינות
יעדעס פאָלק האט איהר פירמא געבראַכט
מען האט געשטעלט אויף דער וועלטס מבינות
אויף יעדער ע־פינדונג און וואס עס ווערט געמאַכט
דא זיצען מינ־סטאָרען דיא קעפּליך געשליפען

געזעצע פאר דיין פאָלק מאכען בערייט
דאָרט הונגערן קאַנאַנען דאָרט לויפען שיפען
מען נעמט איין לענדער און שטעדט
געשפאַנט זיינען דראָטען אין אלע וועלט-עקען
ווי א שנעל מהוט א בריעף יעצט א יאג
לאקאמאטיפען פייפען און וועקען
שטעה אויף מיין פאָלק עס איז שוין טאג.

3.

נור מיין פאלק חלום׳ט אין חלום, אין דרעמעל
דארום גלוסט איהם נים אויפצושטעהן
אז מען ווארפט איהם ברוידט פון הימעל
וואכער צאָפט ער פון א שטיין
ער קלערט נור וויא לאנג צו מאכען דעם טלית-קטן
דיא מקוה זאל האבען א שיעור
ער קלערט נור תחבולות וויא צו פערטרייבען דעם שטן
און וויא מען כשר׳ט א טאָפּ און א טהיר
ער קלערט נור צו אונטערשיידען פון טרפה מאכלים
דיינע מצות וועגט ער אויף דעם וואָג
טו ווארף שוין אוועק דיין נארישען חלום
שטעה אויף מיין פאָלק עס איז שוין טאג!

4.

נור מיין פאלק וואס האסטו צו בילדונג אזא שנאה
דוא פערדינסט דאך א גרויסע זינד
דוא דיינקסט דאס בילדונג שטערט דיא אמונה
אבער באמת איז אמונה מיט בילדונג דער גרונד
אמונה מיט בילדונג איז א מענשען מחיה
אמונה מיט בילדונג איז א מענשען פריינד
אבער אמונה אָהן בילדונג איז א ווילדע חיה
דיא מאכט א מענשען פיינד
טו עפען אויף דיינע אויערן און זיי נים ערווידער
פערגעס נים מיינע רייד וואס איך דיר זאג
שטעה אויף פון דיין געלעגער און גלייך אויס דיינע גלידער
שטעה אויף מיין פאָלק עס שוין טאג!

5.

נור מיין פאלק ביסט שוין ווייט פערפאהרען
דיינע אויגען זיינען דיר שוין אין גאנצען פערבלענט
דוא ביסט שוין פערשימעלט פון גאנץ אלטע יאהרען
דיין תורה האָסטו אין גאנצען פערוועגדט.
ווען משה רבינו זעלבסט פון הימעל
וואלט ארונטערקומען זיך איבערצייגען
וואָלסט אויך ניט אָוועקוואַרפען דיין אלטען שימעל
און וואָלסט איהם אויך וועלען איבערשטייגען
דוא וואָלסט אויף איהם זאגען ער איז אן אפיקורס געוואָרען
וויל ער פערשטעהט וואס מען מאָג
דרום ביסטו אין גלות שוין צוויי טויזענד יאהרען
שטעה אויף מיין פאלק עס איז שוין טאָג!

6.

נור מיין פאָלק וואס קען איך פיר דיר זוכען קוואלען
און דיר צו ערקלערען וואס דיר טהוט פעלען א מיטעל
דער מיט טהוסט דוא זיך פראלען
אז מאמנים בני מאמנים איז דיין גאנצער טיטול
אין אלע זומפען טהו איך דיר געפינען
דוא קענסט דיך פון דעם ניט אפשיידען
פאלשע חלומות איז דיין גאנצער זינען
פאלשע מנהגים פון גאנץ אלטע היידען.
נור איין חכמה טהוסט דוא פערהאסען
וועלכע עס שיינט וויא דער ליכטיגער טאג
חכמות און קונצען זיינען פול אלע גאסען
שטעה אויף מיין פאלק עס איז שוין טאג.

---

# דער לייטעריל.

## פערפאַסט פאָן זיגמונד מאָגולעסקאָ

פון די בעריהמטע אפערעטא „דיא שעהנע אסתר"

### פון יאָזעף לאַטיינער.

1.

א לייטעריל דאפעלט אין צווייען אויפגעשטעלט
מיט טרעפעלאך א סך אָהן א שיער
מיר מענשעלאך פאָן דער וועלט
האלטען אין איין געהן אויף איהר
מיר קלעטערן, קלעטערן אויף די טרעפעלאך
העכער העכער גאָר אָהן א סוף
מיר צוברעכען זיך אונזערע קעפעלאך
וויא אזוי קומט מען העכער ארויף
שטעה מענשעלע שטעה קומט פלוצלונג אָן א בעפעהל
שטעה מענשעלע שטעה ניט העכער געה
איין אנדערע איננערע א נייער דור קומט אָן
אויף דעם לייטעריל מאכט זיי פלאץ אראפ
דאָרט האָט איהר אלטעטשקע נישט מעהר וואס צו טאהן
אראָפ טיעפער, טיעפער, טיעפער, טיעף אראָפ
מענשעלע אראָפ.

2.

אויף דעם גליקסלייטעריל שטעהט דאָרט איינער פעסט
נעקאָסט האָט איהם דאָס ווענינ מיהע
וויא שטאָלץ איז ער אונד פערגעסט
ווער האָט איהם זאָ הויך געבראכט דאָהי
טויזענדער שקלאפעלאך אוי שוואך אָהן כח
מוטשען זיך פלאגען זיך נור פאר איהם אליין
ארויפגעבראכט הָבען זיי איהם אזוי הויך
יעצט לאכט ער פאָן זייער געוויין
דיא שקלאפעלאך הער
וויא זיי קרעכצען און זיפצען זאָ שווער
נענוג נענוג מיר קענען נישט מעהר
דיא גערעכטיקייט
הער זיא שרייט

אין עק צו דין מאכט
פאָן דעם אויבען אָן טראָג זיך ניכער אָפּ
דאָס לייטעריל דאָס נילדערנע העד נאָר וויא עס קראַכט
אראָפּ טיעפער טיעפער טיעף אראָפּ
מענשעלע אראָפּ.

---

אלע ליעדער פון דער בעריהמטער טראגא קאָמעדיע

# „דער שוואַרצער איד"

— אָדער —

# מאיר יאזאפאוויטץ.

## ויהי ערב ויהי בוקר

געזונגען ביי דער פיעסע

## „דער שווארצער איד"

פערפאסט פון יעקב גאָרדאָן

געזונגען פון דעם בעריהמטען קופלעטיסט א. פישקינד.

I.

זונטאג אויף דעם פריהמאָרגען
האב איך דער מאמען געמוזט באָרגען
מיינע שיך צו גיין אויפ׳ן מארק
זיא האָט מיך געשלאָגען שטארק
אז איך זאָל אפהיטען דיא ציעג
אונד וויעגען יענקעלעס וויעג
אוי וועט מיר דער רבי שמייסען
מיין הויט וועט ער אויף מיר צורייסען
ויהי ערב ויהי בוקר יום אחד

II.

מאָנטאג איז אונזער נארישע ציעג
געוואָרען צו פיעל קליעג
זיא האָט צוריסען אויף שטיקלאך דיא שטריק
אונד איז אריבער אויף יענער זייט בריק
אלע זיינען אוועק נאָך דער ציעג
אונד איך בין געבליעבען ביי יענקעלעס וויעג
אוי וועט מיר דער רבי שמייסען
מיין נאָז וועט ער מיר אָבבייסען
ויהי ערב ויהי בוקר יום שני

III.

דינסטאג ווען דיא זאָננע שיינט
האב איך זעהר פיינט

צו געהן אין פינסטערן חדר
און קוועטשען דיא באַנק כסדר
איך לויף אהיים ביז איך ווער מיעד
און זינג מיר יענקעלעס ליעד.
אוי וועט מיר דער רבי שמייסען
מיינע פאות וועט ער מיר אויסרייסען
ויהי ערב ויהי בוקר יום שלישי.

IIII.

מיטוואָך האָב איך ניט פערגעסען
אז עס איז ניט געווען וואָס צו עסען
דיא מאמע האָט גענאָסען מיט טרעהרען
דער טאַטי זאָל ניט הערען
געשריען האָט ער וויא א משוגע'נער איד
אונד איך האָב געזונגען יענקעלעס ליעד
אוי וועט מיר דער רבי שמייסען
מיין הויט וועט ער אויף מיר צורייסען
ויהי ערב ויהי בוקר יום רביעי

# דער פאַלענבויגען.

נעזונגען ביי דער פיעסע

## „דער שווארצער איד"

פערפאסט פון י. גאָרדאָן

נעזונגען פון דעם בעריהמטען קאָמיקער א פישקינד.

I.

דיא פעלקער וואָס וואנדערן אהין און אהער
האָבען זיך יעדער זיין איינען געוועהר
דער שיעסט פון ביקסען דער פון קאנאָנען
זיי גייען מיט שווערדען ביקסען און פאָהנען
דאָס אידעלע היט וויא דאָס ליכט פון דיא אוינען
זיין אלטעס נעוועהר זיין פייל אונד זיין בוינען
(פיף פוי).... מיט דעם פייל אונד בוינען.

II.

ניט לאנג אָבער דויערט עס נעהמט ניט פיעל יאָהר
פערשווינדען דיא פעלקער גאר אהן א שפור
אומזיסט נעלארעמט נעשטאָכען געשאָסען
אומזיסט טייכען בלוט פון מענשען פערגאָסען
דאס אידעלע אליין קען צו אלעסדינג טויגען
דיא תורה איז זיין געוועהר זיין פייל און זיין בוינען
(פיף פוי).... מיט דעם פייל אונד בויגען.

III.

מען לאכט פון דעם אידעל פון זיין באָרד און זיין טלית
גרויס איז זיין גלות ברייט איז דער דלית
מען שלאגט איהם מען יאגט איהם מען ברעכט איהם דיא זייטען
וויא האלט ער דאס אויס פרעגט מען ביי לייטען
דאס אידעלע אליין האלט נור צו גאָט דיא אוינען
ער לעבט ווייל ער היט זיין פייל און זיין בוינען
(פיף פוי).... מיט דעם פייל און בויגען.

---

# אין חדר

פער:גט.. אונד געזונגען פאן דעם בעריהמטען ארטיסט אונד קאָמיקער א. פישקינד

I.

אמאָל ווען איך בין נאָך א קליין קינד געווען
געשטיפט האָב איך א סך

באלד וויא עס פלעגט נור א רענענדיל נעהן
נעפליוסקעט האָב איך מיך אין טייך
פערשלימפערט, פערדריפעט, צוחראסקעט נעקומען
דער טאטע האָט דאָס דערזעהן
האָט ער באלד א לעדערנעם קאנטשיק נענומען
אונד מיך מכבד נעוועזן
איך פרעג איהם פאר וואָס? —
קומט מיר דען דאס. (זאגט ער מיר)
(אין חדר) א איננעל מוז ליענען דאָרט
(אין חדר) נעה און רייד קיין וואָרט. } (ב״כ)

II.

אין יוראָפּ א גרינעם האָט צרות נעפעהלט
איז ער נעקומען אהער
האָט ער מיט א מיידעל א חופּה נעשטעלט
צוריק פאָהרען וויל ער ניט מעהר
א ווייב מיט פיעל קינדער איז איהם אנגעקומען
אונד גלייך צום יאָהר איהם דעריאָנט
נא האָט מען דעם בחור גאנץ שעהן אויפנענומען
און מען האָט איהם דעם פּסוק נעזאָגט
ווילסט האָבען צוויי
קומט דיר פאר זיי [illegible]
אין חדר א. ז. וו. א יונגער מאַן מוז ליגען דאָרט.

III.

פאן ארבייטען איינער האָט זיך אויסגעלאכט
נעפאלען איז ער אויף א פלאן
האָט ער דערביי גאר קיין סך נעטראכט
צו א פרעמדען אין פּאַקעט אריין
נעסלערט ביי זיך האָט ער, עס זעהט איהם ניט קיינער
זיין ארבייט ווערט צו נעהן זאָ גלאַט
נא האָט מען דעם סוחר נעבראָכען דיא ביינער
ביז ער האָט חרטה נעהאט
ווילסט ווערען רייך
טא קלערזשע קיין סך
אין חדר א. ז. וו. א גנב׳ל מוז ליענען דאָרט.

IIII.

צאנכע אקטיאָרלאך וואָס קומען אהער
שפּיעלען ווילען זיי [illegible]

ווער קען זיי ווער ווייסט זיי ווער הערט זיי דען ווער
בקיצור מען פייפט זיי גאר אויס
פערשעהמט נעבאך דארפען זיי גאר אוועק פאהרען
אומזיסט האבען זיי נאר געשטרעבט
אז אך אונד אז וועה איז צו זייערע יאהרען
וואס זיי האבען אזוינס גאר דערלעבט
ווען איך הער דעם יאלד
שיק איך איהם באלד
(אין חדר) א בעהעלפערל מוז ליעגען דארט
(אין חדר) געה און רעד קיין ווארט.

---



---

# אינהאלטס־פערצייכניס:

דועט

# דער גא אה מע.

מוזיק פון דער אָפערעטע לאַ מאסקאָט

טעקסט פאן ארטיסט אונד קאמיקער א. פ י ש ק י נ ד.

I.

זיא — אין דארף דאס לעבען איזט זעהר זיס
דיא לופט איז אויך איין פערגניגען,
ער — מען לעבט דאָרט וויא אין פּאַראַדיז
אַללעס קען מען דארט קריעגען,
זיא — אין וואלד שפּאַצירען קען מען געהן
וואו מען וויל צו יעדער צייט,
ער — דיא בלומען בליהען דארטען שעהן
ווען דאס ווייבעלע איז ביי דער זייט.
זיא — דיא גענזעלעך אויף דעם וואסער שווימען
ער — דיא קעלבעלעך אויף דעם פעלד ברימען,

| | |
|---|---|
| זיא | דיא נענזעלעך זיי מאַכען גאַ אַה |
| ער | דיא קעלבעלעך זיי ברומען מע |
| ביידע | נאַ אַה מע. |

II.

| | |
|---|---|
| זיא | פאַרטאַג איידער דיא זאַננע געהט אויף |
| | זעהט מען שוין פיעלע מענשען געהן |
| ער | אויף דעם הויכען בארג געהט מען ארויף |
| | פרישע מילך טרינקען גרויס און קליין, |
| זיא | צו גיין זיך באָדען איז דאָרט ניט ווייט |
| | רייכע קליידער ברויכט מען ניט, |
| ער | מען לעבט דאָרט אַ גוטע צייט |
| | אַלעס קריעגט מען וואָס דאָס הערץ גלוסט, |
| זיא | דיא גענזעלך אויף דעם וואסער שווימען א. ז. װ. |

III.

| | |
|---|---|
| זיא | דיא בהמות אויף דעם גרינעם פעלד |
| | פאסען זיך דאָרט אלע גלייך, |
| ער | אַ יעדער איז ביי זיך אַ העלד |
| | קיין אונטערשיעד צווישען ארעם און רייך, |
| זיא | דאס פאסטיכעל ביי זיינע שאָף |
| | טראַכט זיך אויס אַ מעלאָדיע, |
| ער | וויא שמעקט איהם דאמאלס זיס דער שלאָף |
| | ווען דאָס פיעדעלע שפּיעלט איהם צו, |
| זיא | דיא גענזעלעך אויף דעם וואסער שווימען א. ז. װ. |

---

# ערוואַך ישראליק!

## פון דיא טהעאַטערשטיק דער פוילישער אינגעל.

פון ארטיסט ז. העללמאַנן (הזמ״ן).

1.

בליצען צוקען דאָננערן קראַכען
איין אונגעוויטער דראָהט יעדע מינוט
ישראליק הערט ניט דיא אלע זאַכען
ער שלאָפט און מערקט עס גאָר ניט.
שווארצע וואָלקען וואַלען
גרויסע טראָפּפען פאַלען
דאָס שטערט אָבער אלס ניט זיין רוה
דער שלאָפט שליסט פעסט זיינע אויגען
און אין דרייען אנגעבויגען
דעקט ער זיך בעסער צו
שטעה אויף ישראליק הער נור דעם קראַך!
ערוואַך ישראליק! ערוואַך!

2.

שטיל אין זיין צימער זיצט דאָרטען איינער
דעם קענסט דוא זעהר גוט
איין מיוחס איז ער גאָר איין קליינער
ער האָט נור דעם טיטעל — אנטי־סעמיט.
ער פערשרייבט דאָרט דיינע עונות —
ער ווייזט אויף דיינע חסרונות
זיינע פעדער איז פאָל גיפט אונד גאַל
ער וויל מען זאָל דיך פערטרייבען
דיין זכר זאָל ניט פערבלייבען —
פאָן אייראָפּא׳ אונד פאַן איבעראַל
שטעה אויף ישראליק דאָס איז דאָך דיין זאַך
ערוואַך ישראליק! ערוואַך!

3.

הער וואָס מ׳רעדט אין דיא מקומות
אז דוא ביזט פויל גאר אָן א שיעור
דוא לעבסט פון דעם ווינד פראָצענט, חלומות
ביזט פאַלש און קוקסט נור פאר דיר

תענית האָבען דיינע וואונדרען געפלאָסען
פיר פאַטערלאַנד האָסט דוא בלוט פערגאָסען
אָבער אונדאַנק איז שטענדיג דיין לאָהן
וואו דוא האָסט דיך בעפינדען
האָסט דוא האָנרעל געגרינדעט
דאָך פערפאָלגט מאַן דיך וויא ווייט מ'קען
שטעה אויף ישראליק פערשטה שוין דיין פאַך
ערוואַך ישראליק! ערוואַך!

4.

שטעה אויף אנטלויף פון דעם ווינקעל
אין מזרח זייט זעהט מען איין שיין
ווארום ליעגסטו אין דער פינסטער וואו ס'איז דונקעל
קיין תכלית פאר דיר קען דאָ ניט זיין
וואס טויג דיר צו זיין איינגעבעטען
יעדער זאָל אויף דיר טרעטען
דיך אויסצאַפּען ביז צום לעצטען דרעהם
דיין פיין געשליפען מוח'ל
דיין שעהנער גלייכער שכל
וועט דיר ערשט ניצען ביי דיר אין דערהיים
שטעה אויף ישראליק אנטלויף אונטער דיין דאַך!
ערוואַך ישראליק! ערוואַך!

---

# הַתָּרַת נְדָרִים.

קופּלעט פון ארטיסט ז. העלמאַנן (חזמין).

1.

אז דיא וועלט איז אַ מאָל פרומער געוועזען
דאָס ווייסט אַ יעדער גיט
אז מ'האָט געזאָגט מ'טאהר ניט איז געוועזען ניין
וויא פאַר פייער האָט מען זיך געהיט
הײַנט זאָל מען זעהן
וויא פון גרויס ביז קליין
לעגט מען דאָס פרימקייט אויף אַ זייט
פיר אינטערעס אָדער געלד
בעטריגט מען דיא וועלט
מאַכט אין אַלעס ביי היינטיגער צייט

פאַן דעם סוד, יא פון דעם סוד ווייסט שוין חיינט א יעדער
און וואָס ס'וויל איז מען זיך מתיר נדר
איז מען זיך מתיר נדר.

2.

איין קאַפּיטאַליסט א געלדזאַק מיט יאָהרען צוריק
האָט געהאַט גאָר אַנאַנדער פּרינציפּ
געסאָקט און געזוּוינגען האָט ער אויך געגנבֿ
נור פאָרט ניט אזא גראָבען קניפּ
חיינט מיט סכנות
גאָר אָן רחמנות
רויבט ער און בײַטעט נור אויס
דעם ארבייטער דריקט ער
דעם אָרימען שטיקט ער
זיין ביסעל מאריך נאגט ער איהם אויס
חתן! נאָך א מאָל! (פּראַזע) האָט נאָט אין הערץ ד' צדקה
חאָס ווילסטו? (איך ליי געלד) בין איך מיר מתיר נדר
בין איך מיר מתיר נדר.

3

איין יעדבן א מאָל אין לאַננסטינער צייט
האָט ניט געזוכט צו ווערען רייך
דעם כלל האָט ער שטענדיג געהאָט
דער שידוך מוז זיין גלייך
היינט מאַכט ער איין געמיש
פון הודו מיט כיש
און שווערט הייליג ביי זיין נאמנות
ער ווייזט איבער קלאָר
אז ס'איז איין גלייכעם פּאָר
אום צו לענען דיא האנד אויף שדכנות
חתן שלימאקי! (פּראַזע) וויא קומט דען דער רב ?? א בערער
ערשטער נר! (פּראַזע) בין איך מיר מתיר נדר
בין איך מיר מתיר נדר.

4.

דיא לאַננסטינע ווייבער ריהמט א יעדער
זיי האָבען נור דיא ווירטשאַפט געוואוסט
דייגען געווען געזונד ניט געדאַרפט קיין בעדער
לוקסוס האָט זיך זיי ניט געגלוסט
היינט א פרוי פון 80 יאָהר
פארבט דיא גרויע האָר

און ליגעם אין שפיגעל נים מים מיין מויל גערעדם
זיא מאכט נאָך דעם חן
און לאכט חא חא חא בעדיי אָהן ציין
איהר דאכט זיך זיא איז נאָך גאנץ נעט
בונציא! (פראזע) דיא וויבערישע שוהל נעהם דאָך מיט אייך אויף רעדער
איך פערשטעה נים! (פראזע) איך בין מיר אויך מתיר נדר
איך בין מיר אויך מתיר נדר.

5.

דער חסיד א מאָל איז געווען באמת פרום
ער האָט געהאלטען דיא אויגען צו דער ערד
און איז בקי געווען אומעדום
וויל ער האָט שטענדיג אין לערנען געקלערט
היינט פאלט ער אויף א סברא
וואָס טויג איהם דיא גמרא
וואָס וועט ער קוועטשען דיא באנק און זיך בעמיהען
ער איז מוחל דיא חלוקי דעות
און קרייזעלט זיך אוים דיא פאות
און קוקט שוין אויך וויא פיינעלאך פליהען
היתכן? תנחום! (פראזע) ביז דאָך א פריץ נדר
פערשטעה נור! (פראזע) בין איך מיר מתיר נדר
בין איך מיר מתיר נדר.

# דאס זאגט יאנטיל שנארער.

אין דער פיעסע משיח׳ס צייטען

קוקט נים אויף מיר וואָס איך בין נים רייך
א ארימער שנאָרער מיט צרות א סך
עסען און טרינקען פון דעם איז גאָר קיין רעדע
דאָס האָב איך בירושה פון מיין עלטער זיידע
א שמחה א מאָלציים אוי עס איז דאָך זעהר גוט
אזוי פיהרט זיך א עהרליכער כשר׳ר איד
איך דאַרף קיין קליידער איך דאַרף קיין געלד
איך לאָך מיך אוים פון דער גאנצער וועלט
אזוי פיהרט זיך א עהרליכער כשר׳ר איד
ווינט צו ביסלאך הייבט־זשע פיסלאך.
מאָרגען קען־זיין וואָס וועט זיין
קנאַק דיא ביינדלאָך מיט דיא ציינדלאַך
איינט ווין נאָך ווין שטענדיג ווין
לאָמיר אלע טרינקען ווין
פריילאָך פריילאָך לוסטיג זיין.

# דיא קלינגער.

(פון גאָלדפאַדען).

1.

יעדער מענש פון יעדען שטאנד
קען אליין א קינסטלער זיין,
ער דאַרף נאָר איבונג אין דער האנד
מאכט ער עס פלינק און פיין.
אויך דיא וואס ספיטשען איבעראל
און זאגען דעם פאָלק מאָראל,
זאָלט איהר נור טהאן א בליק,
ווי ער רעדט גאר אנטיק. (ביס)
געלד איז בלאָטע צו'ן אַלדע רוחות
דער עקר איז ביים מענשען דער נאמען דער יחוס
און דאָ מיט דיא פינגער
בעט ער דיא קלינגער.

2.

וואס דאַרפט איהר מעהר, א גוטער איד,
ווייסט ציצית נור און גאָט.
ער קען אויך דיא קונץ זעהר גוט
און מאכט עס אקוראט.
נאָר לשם שמים טהוט ער אלסדינג
און העלפט ארוים אַלט און יונג.
דער עולם שטעהט און זעהט
און קוועלט פון איהם און טייעט. (ביס)
איין האנד הויבט ער אויף גאנץ הויך
און שרייט צו גאָט מיט'ן גאנצען כח.
און דערווייל מיט דיא פינגער
זוכט ער דיא קלינגער.

3.

דאָרט שרייט איינער מיט א געוויין:
דיא איז נאָר פערליעבט אין מיר.
שווערט זיך אָפּ ביי איהר געביין
נא, נעה־זשע גלויב נים איהר.

אלע זענגען דיר פאלש אז זיי פערגעס,
גאָר איך ליעב דיך אָהן אינטערעס.
נאָ, נעהזשע זיי אזוי קלאר,
אז זיא מיינט א קונץ דאָ גאָר. (בים).
מיט איין האנד נעהמט זיא מיך ארום געשמאַק
און קושט מיך און גלעט מיך ביי דער באק
און דערווייל דאָ מיט דיא פינגער
זוכט זיא דעם קלינגער (דיא אוהר).

4.

א שעהנע סצענע אויב זעהן ווילט איהר,
זא קאמט מיט מיר א הין
וויא עס ליעגט און גוססט איין אלטער גביר
און נעבען איהם שטעהט זיין זוהן.
אויף דעם קישען ליעגט דער טוידטער הטי״ר
און אונטערן קישען דאס גאנץ געלד,
און דער יורש ווארט מיט א געוויין
ביז זיין טאטע וועט אויסגעהן. (בים)
מיט איין האנד האפט ער אין קאָפּ זיך קלאפען
„אזא טהייערער טאטע" און דערווייל פון צוקאַפּען
גראבעלט ער מיט דיא פינגער
און שלעפּט אפיר דיא קלינגער.

5.

איהר רופט צוריק מיך, דעם אקטער
מיט'ן קלאפען אין דיא הענד.
איהר ווינשט איך זאל אייך זינגען מעהר
איך נעהם דערפאר קיין סענט.
מיר האבען נאך פיעלע קופּלעטין געמאכט
אויף צו זינגען א גאנצע נאכט.
אבי דאס מאכט אייך פרייד,
בין איך צום זינגען גרייט. (בים)
מיט'ן זינגען מיין איך חלילה קיין געלד
איך וועל אייך זינגען נאָר איינס אין דער וועלט
נור עפּעס מיינע פינגער
זוכען — דיא קלינגער.

# פאלקס ליעדער

## ארבייטער ליעדער

אונד

# דעקלאמאציאנען.



## א חודש אָהן אַרבייט.

איך בעט קיין נדבות
פֿון וועגין זכות־אבות,
פֿערהאָרעווען וויל איך מיין ברויט;
ניט בעטלען, ניט שנאָרען,
צו קצינים ניט פאהרען,
ניט וואַרטען אויף רייכע לייטס טויט

מיר פעהלט דיא חריפות
אין שנאָרעשע חניפות,
דיא דריידלעך, דיא קונציגע ריד;
דיא אויגען צו גלאָצען
ביין טיש פֿון אַ קצין —
דערצו בין איך ווייניג געשיידט.

איך בעט ניט בייא קיינעם
א מיטעל אַ שיינעם,
איך וויל קיין „מורנו" ניט זיין;
איך וויל אַ בעוואוסטער —
אַלס עהרליכער שוסטער
אַלס עהרליכער שניידער נור זיין.

איך בעט ניט קיין שלישי.
קיין מפטיר, קיין ששי,
איך וויל ניט אין מזרח וואַנד שטעהן.
אויף נאַרישע גאוה
בין איך קיין בעל־תאוה,
מיין שטאָלץ איז מיין האַנדוועררק אליין.

נור אַרבייטען וויל איך,
פֿערקויפֿען אייך בילליג
מיין פּראַצע, פֿון פּנים דעם שוויים;
נור קויפֿט עס געשווינדער
מיין ווייב, מיינע קינדער,
אויף זייא דער רחמנות איז גרויס!

דיא נאָדעל, דער הובעל —
זיי שאפען דעם רובעל,
זיי שאפֿען דעם שיללינג, דעם פֿראַנק!
דער שניידער, דער סטאָלער,
ווען אויך ניט קיין פוילער,
פֿערהונגערט ווען ער ווערט ניר קראַנק.

איך בעט קיין נדבות,
פֿון וועגען זכות אבות,
פֿערהאַרעווען וויל איך מיין ברויט!
פון אַרבייט נור רייד איך
איך וויל ניט געהן ליידיג,
בעפרייט מיך דורך אַרבייט פֿון נויט.

## צווייא געסעלעך.

(איין כאַראַקטער בילד פֿון׳ם אידישען לעבען)

אין אַ קליינע געסעלע
אַ שמוציגע אַ שמאָלינקע

האט אַ יונג ווייבעלע
אין קעמעריל אַליין —
שבת איז אַוועקגיגאַנגען
און איהר מאַן נפֿתּלינקע
האט איהר „אויף אַ ווייַלינקע"
גילאָזין דא אללײן.

„וואו גייסטו נפֿתּלינקע ?"
איהם האט גיפרעגט דאס ווייבעלע
איידער ער איז אויסגעגאַנגען
דרייא פיער שעה צוריק.
„מעהר נישט, זאגט ער, ווײַדזשעס נעהמען,
ווארט אויף מיר, מיין טייבעלע,
איך וועל זיך ניט זאַמען מעהר
וויא איינען אויגענבליק.

„קום-זע מאַקע באַלד, זאגט זיא,
דען צייטענווייז פאַררעדסטו זיך —
שטענדיג איז אַללע מאל
נאָר זאָנסט מאַכט עס ניט אויס,
היינט איז אבער קראַנק דאס קינד
און טאָמער פֿארשפעטסטו זיך
זאג איך דיר עס איז ניטא
אַ סענט אין הויז".

עס איז שוין באַלד צוועלף בייא נאכט,
דיא קליינינקע אין וויגעלע
האט א תּויכען הוּסט גיטאָן
און האט זיך אויפגעחאַפּט,
און דיא יונגע מאַמעלע
זינגט אפּין שטעל אַ ניגעלע
זינגט, און האָרכט דערוויַל, פּיללייכט
האט ווער עס איז גיקלאפּט.

קיינער קלאפט ניט — „שלאָף מיין זיסע,
שלאָף מיין ליעבע מיידעלע,
איבערמאָרגען בריינג איך דיר
אַ שיין געפּוצטען העמד
און אַ נייע סאַמעטענע
פֿינגערטרימטע קליידעלע

קויף איך דיר מיין טאָכטערל,
אויך אוירינגלעך אַ ס ע ט.

און דאס קינד אין איינגישלאָפען;
אויף דיא קליינע מיילעלע
שוועבט אַ זיסער שמייכעלע,
זיא שלאפט און הוסט ניט מעהר,
און דיא יונגע מאַמעלע
פֿארטראכט זיך איצט אַ וויילעלע
קוקט אריין אין פֿענסטערל
צו קומט ניט עפּעס ווער.

צווייא אַ זייגער; טיק-טאַק; טיק-טאַק —
קלאַפט דער פערפענדיקעלע:
טיק-טאק, טיק-טאַק! קלאפט בייא איהר
דאס קליין צובראָכען הערץ!
זיא הייבט אן צו פֿיהלען הונגער
און נעהמט ברויט אַ שטיקעלע,
אבער עסען קען זיא ניט
עס דריקט איהר צו דער שמערץ

דרייא! — זיא דרעמעלט איין, דיא קעפּיל
אנגעשפּאַרט אן עללענבויגען,
זיפצענדיק, בעטראַכטענדיק דאס
ליעבע קראַנקע קינד.
מיט אַ מאל הערט זיא אַ רויש און
עפֿענט אויף דיא רויטע אויגען
גיט אַ קוק — ווער האט גיקלאַפּט?
ער? ניין, דאס וואַר דער ווינד.

* * *

אין אַנאַנדער נעסעלע,
אַ שמוציגע אַ שמאָלינקע,
אין אַ פּיינע שטיבעלע —
מיט אירעלעך געפֿיהלט
האט דיא ווייר ז ש ע ס און דערצו
אַ זילבער־אוהר נפֿתלינקע,
זיפצענדיק פיין טישעלע,
אין הערטעלעך פערשפּיעלט.

# די לעמפעלעך.

איהר לעמפעלאַך, לאַנטערנעלאַך,
ערצעהלט מיר וואס ביי־נאַכט
זיך שטייענדיק און ברענענדיק
איהר צייטענוויין בעטראַכט.
רענן אַללע נאַכט בעלייכטענדיק
די מויערן, דעם ברוק —
דאַרפט איהר איצט האבּין, רעכין איך,
א ק'ארען, שאַרפען קוק.

* * *

האט איהר גיזעהן אַ בחורעל,
פאַרהונגע־ט און פערשמאַכט,
היער געהענדיק און זוכענדיג
די גאַנצע ליעבע נאַכט —
זיך זוכענדיק אַ ווינקעלע,
א טיר, אַ טרעפ אין גאַס,
זיך צוצולייגען, אויסצורוהען ? —
עס איז זאַ קאַלט און נאַס !
די לעמפעלאַך זייא ברענען זיך
בעלייכטען יעדעס הויז ;
צו זעהען זייא — צוא הערין זייא,
ד־ז־ח זאגען זייא ניט אויס.

האט איהר גיזעהן ביין האָספּיטאַל
אַ מיידעלע ביין טיר ?
מיט רויטע אויגען שרייענדיג :
„איי — וויי ! איי וויי — צו מיר !
איהר טאַטע ליעגט אַ ג ו ס ס'ע ר,
פינף קינדער שרייען : „ברויט !“
די מאַמע איז שוין לאַנג ניטאָ :
זיא איז שוין דרייא יאהר טויט.
די לעמפעלאַך, זייא ברענען זיך
בעלייכטען יעדעס הויז ;
צו זעהען זייא — צו הערין זייא,
דאס זאגען זייא ניט אויס.

האט איהר גיזעהן, איהר לעמפעלאַך,
שפּאַצירענדיק אין גאַס
אַ האַלבּ־צומישטען אַלטען מאַן,
שוואַך, הונגעריג און בלאַס?
אַמאָל האט דיזער אַלטינקער
געמאַכט פון יאהר צו יאהר
אַפּולע מענשין לאַכענדיק
אַלס לוסטיגער אַקטיאָר.
דיא לעמפעלאַך זייא ברענען זיך
בעלייכטען יעדעס הויז;
צו זעהען זיי — צו הערין זייא,
האם זאגען זייא ניט אויס.

האט איהר גיזעהן אַ „גרינעם“ איך
היער בלאָנדזוענדיק אַלליין,
קיין ק ר ו ב ניט, קיין ג ו א ל ניט
און עלענד וויא אַ שטיין?
דיא רייכע „קעננען גאר נישט: שאַן“
זייא האבען טעכטער, זין......
דיא נויאָרקער „8טע כטריט: לייט“ —
פאָר ז י י א איז ער צו ג ה י ן......
דיא לעמפּעלאַך זייא ברענען זיך,
חויף זיינען זייא געשטעלט,
נאָר וויסען פון זייא קענט איהר ניט
וואס טוט זיך אין דער וועלט.
זייא זיינען, וויא 8טע סטריט: לייט,
צום שיינען נור געזעצט,
און זעהען ניט, און וויסען ניט —
דער שוך בייא זעמין קוועצט.

## פריי בעא.

איך נעדענק דיא שטונדע זיסע,
ווען דוא ביזט צו מיר נעקומען
און האסט אין מיין קליינער טפיסה
מיר נעבראכט מאיאווע בלומען;

שעהנע, רייצענדע פריצעסען,
דוא אליין האסט דעם פאעט
און זיין עלענד ניט פערגעסען
קריינען מיט א מאיי בוקעט.

לאנג איז שוין דיין בלום נעשטארבען,
דאך איהר פארב, איהר רויטעס פארב
האט דיא צייט נאך דיא פערדארבען
און זיא לעבט אויך ווען איך שטארב.

## דיא מארסיילעזע.

LA MARSEILLAISE.

שטעהט אויף, איהר אונטערדריקטע מאססען,
אונד מאכט פון שקלאווערייא איין ענד!
לאזט מעהר קיין פויללענצער פערפראססען
דיא פרוכט פון אויסגעקוועלטע הענד! (Bis)

הערט איהר ניט, וויא יעס קלירען שוין וואפפען
נעגען אונזערע ברידער אויפ'ן נאסס?
זעהט איהר דען ניט, וויא זיי ווערען בלאסס
פאר וואוטה דיא בלוטזויגערס און פפאפען.

שטעהט אויף, איהר ארבייטסלייט!
ערהויבט אייך, מאנן פיר מאנן!
מארשירט מיט אונז אין אייניגקייט
צום קאמפף מיט דעם טיראן.

וואס האט איהר, ברידער, צו פערליערען,
וואס טויג אַ לעבען אָהנע ברויט ?
וויללט איהר דען אייביג ווינטער פריערען,
און אייביג זאָממער ליידען נויט ? (Bis)

האט איהר ווירקליך מורא פאַר הארמאַטען,
פאַר אַ ביקס, אַ שפּיז, אָדער אַ שווערד ?
גייט איהר דען ניט פאַר דער צייט אין דער ערד
טויזענדוויים, ווען אויך ניט דורך כאָלראַטען ?

שטייט אויף, איהר ארבייטסלייט !
ערהויבט אייך מאַנן פיר מאַנן !
מאַרשירט מיט אונז אין איינינקייט
צום קאַמפף מיט דעם טיראַן.

* * *

וואגט, אַרבייטער — איזראַעליטען,
אויף וועלכע גאולה וואַרט איהר היינט ?
דער גואל פון ריא פאַראַזיטען
קען אייער גואל ניט זיין, פריינד ! (Bis)

איהר וואָלט זעלבסט אין׳ם „לאַנדע דער העברייער"
בלייבען שקלאַפען בייא דעם מאַנן פון געלד.
נון, וואָהלאַן דען ! ווייזט דער גאַנצער וועלט,
אז איהר שטאַממט אב פון דיא מאַקקאבייער.

שטייט אויף, איהר אַרבייטסלייט !
ערהויבט אייך מאַנן פיר מאַנן !
מאַרשירט מיט אונז אין איינינקייט
צום קאמפף מיט דעם טיראַן !

# אין קאמפף.

נעזונגען מיט דער מעלאָדיע פון דעם רוססישען רעוואלוציאָנערען ליעד
„ושאַמוטשען טיאושאלאי נעוואָלעי"

מיר ווערען געהאַסט און געטריעבען,
מיר ווערדען געפּלאַגט און פערפאָלגט —
און אַללעס דער פאַר וייל מיר ליעבען
דאס ארימע שמאַכטענדע פאָלק.

מיר ווערען געשאָססען, געהאַנגען,
מען בערויבט אונז דאס לעבען און רעכט.

דער פֿאַר ווייל מיר אמת פערלאנגען
 און פֿרייהייט פֿיר אַרמע קנעכט!
אבער אונז וועט ניט ערשרעקען
 געפֿענגנים און טיראנײַ;
מיר מוזען דיא מענשהייט ערוועקען
 און מאַכען זייא גליקליך און פֿרייא.

שמידט אונז אין אייזערנע קייטען,
 וויא בלוטיגע חיות אונז רייסט;
איהר וועט אונזער קערפער נור טוידטען,
 אבער ניע אונזער הייליגען גייסט!

טיראַנען! איהר קענט איהם ניט טוידטען,
 דאס איז איין אונשטערבליכער בלום;
זיינע שמעקענדע, פֿלאַממענדע קווייטען
 בליהען שוין יעצט אומעטום!

זייא בליהען אין דיינקענדע מענשען,
 וואס ליעבען גערעכטיגקייט, ליכט;
אלליין דיא נאטור טהוט זייא בענשען
 צום קאַמפף צו דיא הייליגע פֿפליכט —

בעפרייען דיא ארימע שקלאַפֿען,
 וואס שמאַכטען אין הונגער און קעלט
און פֿאַר דיא מענשהייט בעשאַפֿען
 אַ פֿרייע, אַ ליכטיגע וועלט.

וואו עס זאָלל ניט גיסען קיין טרערן,
 ניט פֿליסען אונשולדיגעס בלוט;
און מענשען וויא גלענצענדע שטערן
 שיינען מיט ליעבע און מוט!

איהר קעננט אונז ערמאָרדען, טיראננען!
 נייע קעמפפער וועט ברייגנען דיא צייט —
און מיר קעמפפֿען, מיר קעמפפען ביז וואַנען
 דיא וועלט וועט ווערען בעפרייט.

## צורוף אן דען ארבייטער פריינד.

נעשריעבען ביים עמפפאַנג דער אנצייגע פונ'ם ערשיינען דער צייטונג

איך הער דיינע שטיממע, דיא שטיממע דער וואַהרהייט,
 דעם קול פֿון דעםווירקליכען אַרבייטער פֿריינד,
איך הער דיך פֿון ווייטען, און הער דיך מיט קלאָהרהייט,

**מיט הערצליכער פריידע בעגריסס איך דיך היינט.**

*

איך בעט דיך, קלער אויף מיינע אַרמע ברידער,
וואס אַרבייטען שווער אין דער היינטיגען וועלט;
וואס אָפּפּערן־אויף אויף זייער מאַרך פון דיא גליערער,
און אָפּפּערן אויף דעם מזבח פון געלד.

וואס ועגען און הובלען און שניצען טאג־טעגליך,
וואס ציעהען דיא דראַטווע, און שלעפּען דיא לייט;
און לעבען, פון רעכטווענען, אַרעם און קלעגליך—
און האבען קיין הויז ניט, און האבען קיין היים.

וואס טרייבען דיא רעדער פון אללע מאַשינען,
וואס אַקערן, זייען און באַקען דיא ברויט;
און קענען, פון רעסטווענען, ברויט ניט געפינען,
ווען סלעק אָדער קראַנקהייט זייא שטירצט אין אַ נויט.

וואס שפּיננען דיא וואָללע, און נייען דיא קליידער,
וואס בויען דיא הייזער מיט שוויס און מיט מיה,
און וואוינען אלליין אין אַ פינסטערן חדר,
און לעבען אין שמוץ וויא אין שטאַללען דאס פיה.

וואס הארעווען מעהר ניט צו מאַכען דיא גבירען
אַלץ רייכער און רייכער, אַלץ רייכער אין געלד,
אום זייא זאָללען קענגען דיא אַרבייטער פיהרען,
וויא אָכסען אין סאָכע, וויא אָכסען אין פעלד.

ערקלער זייא, איך בעט דיר, אַז זייא קענען מאַכען,
אַ כוף פון דיא הערשאָפט, פון קאַפּיטאַליכט;
און קוק ניט דאַרויף, וואס עס וועט פון דיר לאכען —
אַ שקלאַווע וואס מיינט, אַז אַ סאָציאַליסט

אין איינער, וואס וואַנדערלט אין עולם־התהו,
וואס אין נור מקנא דיא וואס זייא אין גוט,
וואס ווילל פון אַלץ מאַכען אַ תהו־ובהו,
וואס ווילל זיך נור באַדען אין מענשליכע בלוט.

דוא האסט אויף אַ זיינעם, מיין פריינד, ניט צו קוקען;
אַזעלכער בלייבט אייביג איין איינבילדונגס קנעכט;
אַזעלכער טראַגט אייביג דעם לאַסט אויפ׳ן רוקען,
און מיינט אַז עס קענען ניט זיין אנדערס וויא שלעכט!

דוא קוק ניט אויף קיינעם און פרעדיג דיא לעהרע
פֿון פרייהייט גלייכהייט און ברידערליכקייט,
און זאג זייא אז אַרבייטען וועט זיין איין עהרע,
אין ליידיג אַרום-גיין אַ שאַנד — מיט דער צייט.

פריש אויף! אין ענטפֿאַלטע מיט שטאָלץ דיינע פֿאַהנע,
דיא פֿאהנע דיא רויטע; שרייא: ברידער ערוואַכט!
אין ווייז זייא דעם אויפֿגאַנג דער ליכטיגען זאָנגע,
און ווייז זייא דעם כיף פון דיא פֿינסטערע נאַכט!

איך הער דיינע שטיממע (א. ז. וו)

# מיין צוואה.

אָ גוטע פריינד! ווען איך וועל שטאַרבען
טראגט צו מיין קבר אונזער פֿאהן —
דיא פרייע פֿאהן מיט רויטע פֿאַרבען,
בעשפריצט מיט בלוט פֿון ארבייטסמאַן!

און דאָרט אונטער דעם באַנער רויטען
זינגט מיר מיין ליעד, מיין פֿרייעס ליעד:
מיין ליעד „אין קאמפף", וואס קלינגט וויא קייטען
פֿון דעם פֿערשקלאַפטען קריסט און איד.

איך אין מיין קבר וועל איך הערען
מיין פֿרייעס ליעד, מיין שטורם ליעד;
אויך דאָרט וועל איך פֿערגיסען טרערען
פֿאַר דעם פֿערשקלאַפטען קריסט און איד!

און ווען איך הער דיא שווערדען קלינגען
אין לעצטען קאַמפף פֿון בלוט און שמערץ
צום פֿאָלק פֿון קבר וועל איך זינגען
און וועל בעגייסטערן זיין הערץ!

# דער בלינדער בעטלער.

1.

אין גרענד סטריט, ניט ווייט פאָן סאָקער׳שטיין׳ס סטאָר,
זיטצט זיך אַ בלינדער, מיט גרויע לאַנגע האָר.
גאנץ טיעף אין זיין פנים, האט קענטיג דיא נויט;
אויס געקריטצט בוכשטאַבען: שיינקט מיר אויף ברויט!
ער זיטצט דאָרט, אונד קרעכצעט פערהונגערט אונד מיעד;
אונד שפיעלט אויף זיין פידעלע איין אונמוטיג ליעד..

2.

יעדווידער סטרונע, וואָס ער גיט אַ דריק,
אינד יעדווידער מאָל, וואָס ער ציט מיט׳ן סמיק;
הערט זיך אַ ביטערער קלעגליכער טאָן,
וואָס מאַכט דאַכצעך שרעקען דיא שטאַרקסטע פערזאָן-
דער אַרעמער שפיעלט דאָרט, אין שמוטץ אונד אין שטויב.
זיין פּיערעלע קרעכטצט וויא אַ פערוואונדעטע טויב..

3.

הערען אונד דאַמען שפּאַציערען דאָרט פיעל,
וויא ווייסען גאַנץ גוט, וואָס דער אַרעמער וויל—
זיי הערען זיין ביטערען זיפץ, זיין געוויין,
אונד ווייסען אַז דאָ, טאָר מאן בעטלען ניט געהן..
דער אַרעמער בעט ניט—ער שטעללט נור אויס דיא הענט;
דיא רייכע שפּאַצירען אונד גיעבען קיין סענט!

4.

מענשען, דער בלינער וואָס זיטצט דאָרט אַצינד;
זייט וויסען, איז ניט פון געבאָרענהייט בלינד!
ער האָט וויא מיר אַללע, דיא שטראַהללען דער זונן
געזעהן אונד גענאָסען אָפט נחת דערפון—
ער האָט אין אַ קוילען גרוב צו לאַנג געשאַפט;
אונד דאָרטען פערלאָרען זיין שיין אונד זיין קראַפט..

5.

אַך, ווער עס האָט נאָך אין דעם אַ בעגריף,
אָהן לופט אונד אָהן ליכט אין דער ערד דאָרטען טיעף;

צו שאַפּפּען, צו ליידען נאָר עטליכע יאָהר,
דאָרט, וואו דאס לעבען הייננט נור אויף אַ האאר!
דער ווייס: אַז ווען אונז איז דאָ וואַרעם אונד גוט;
וואַרעמט אונז מענשליכע קנאכען אונד בלוט..

6.

מענשען, ווען אייער פייערל פינקעלט אונד בליטצט,
ראַן, ווען איהר איינזאַם אין צימטער זיך זיטצט;
בעטראַכט איהר אַ מאָל אין דיא ברענענדע זשאַר,
מילליאָנען געזיכטער צולעכערט אונד דאַר..
דאָס זיינען סקעלעטען—אין גריבער פערשאָטען!
בייא אייך אויף'ן פייער, שוועבט אום זייער שטן..

7.

רייכע! אָ דאַן ווען איהר עכט דיא קאָטלעטען,
געקאָכט מיט מילליאָנען פון „מיינער'ס" סקעלעטען
בעמערקט איהר דיא פאַרע—זיא שטייגט אין דער לופט?
דאס איז פון פערשאָטענע גרעבער דער דופט
„געהאַרגעטע מענשען וויא קענט איהר פערדייען?"..
הערט איהר אויף'ן קוימען דאס פייער דאָרט שרייען?..

8.

איז יעדוויעדער שטיקעלע, פּיצעלע קויל;
בעטראַכט איהר אין פייער אַ גליהענדע מויל?—
איהר הערט וויא עס קרעכצעט, וויא עס שרייט, וויא עס בעט?
איהר הערט וייא עס דונערט, עס ליארעמט אונד רעדט
רוקט זיך צו נעהנטער—אונד הערט וויא עס שרייט:
מיר זיינען פערלארען געווארען אהן צייט..

9.

צו ריעזע קרבנות וואָס ברענען זיך אַ ציגרער,
בעלאַנגט אויך אין גרענד סטריט דער אַרעמער בלינדער.
פּרופט זיכט אין דיא אַש, איהר וועט נאָך דאָרט פינדען:
דיא אויגען, דיא אויגען, פון פלענדען בלינדען—
וויא זייא קוקען מיט רציחה ארויס פון דיא זשאַר!
אונד ווינקען נאָך ראכע! נאָך ראכע! דער פאַר....

* * *

אין גרענד סטריט ניט ווייט דארט פון סאקער׳שטיין׳ס סטאָר;
זיטצט זיך אַ בלינדער מיט גרויע לאַנגע האָר.
גאַנץ טיעף אין זיין פּנים, האט קענטיג דיא נויט;
אויס געקריצט בוכשטאַבען: שיינקט מיר אויף ברויט.
ער זינגט זיך אונד קלינגט זיך אונד שפּיעלט אויף זיין פידעל...
מענשען פערשטעהט איהר וואָס הייסט אַזאַ ליעדעל?....

מאריס ראזענפעלד.

# אט גייט ער!

## אויף וועמען אַלע ווארטען.

ער איז ניט יונג, ניט שיין, ניט געבילדעט און ניט רייך—
ער איז אַ נפש מיט אַלע מענשען צו גלייך;
ער גייט פּ׳אָסט געקליידעט, און ניט מיט מעדאַלס בעדעקט,
דען ער האָט ניע געשאָסען, קיין פּולווער געשמעקט.
ער איז קיין יחסן, דען ניט פון גרייסע לייט איז זיין שטאַם,
און ער האָט אויך קיין גבירות בעוויזען אויף׳ן ים.
ער איז ניט קלוג, ניט דום, ניט גראָב ניט איידעל; —
און דאָך ערווארטעט איהם דיא שעהנסטע מיידעל.
„אָט גייט ער" „אָט קומט ער"—אַזוי ערוואַרטען איהם אַלע:
אָרעם, רייך, מאַן, פרוי, מערכען און כלה.
ער גייט געקליידעט וויא אַ פּאַרעווער יעגער—
ווייכטו ווער דאָס איז? טאַקע דער בריפען־טרעגער!

סמבטיון....

# איז טשערנישעווסקע טויט ? *)

פון

## מאָררים ראָזענפעלד.

(רעקלעמאַציאָן)

1

עס שוועבט דורך נאַכט און שטורעם ווינד
דער טויט, דער שוואַרצער קברים חעלד,
און טראָגט א קעמפפער בליץ געשווינד
אויף א מצבות פולע פעלד.

2

ער טרעט דורך וועטטער ווילד און קאַלט —
און טשערנישעווסקע טראָגט ער מיט;
א גייסט וואס האט טראָטץ ווייז און געוואַלד,
פיר רעכט און ליעבע היים געגליהט.

3

ער טראָגט א בלום געבראָכען פריה
פון ליעבענס־בוים — א פרייהייטס־קווייט,
א גייסט וואס רוססלאַנדס טיראַני
האט מוטהוורליג און קאַלט געטייט.

4

א גייסט וואס האט אין פייער פלאַם
געשמעלט זיין איינגעם איך און קאָן,
און האט געפריידיגט האס און סם
צו רוססלאַנדס בלוט בעפלעקטען טהראָן.

---

*) טשערנישעווסקי איז געוועזען איינער פון דיא גרעסטע רוססישע פיהילאָזאָפען, מען קען זאגען, אז ער איז געוועזען דער פאַטער פון דעם רוססישען ניהיליזמוס. יונג איז דיעזער גרויסער קעמפפער אבגעריסען געוואָרען פון דער פרייער וועלט און פערשיקט געוואָרען אין סיביר וואו ער האט זיך אָבגעמאַטערט ביז 40 יאהר. דער גרויסער דיינקער אין סאָציאַליסט קאַרל מאַרקס האט אויף דער עלטער געלערנט דיא רוססישע שפראַכע אום צו לעזען אין ארגינאַל טשערנישעווסקיס אונשטערבליכען בוך „בעשטע דעליאַט“.

5

יעצט לאכט דער טויט ביי'ם שווארצען „גמר" —
ער פרייט זיך מיט זיין רויב און שוועבט!
א עווינער טויט דו —! אלטער נאר!
נים פריי זיך, טשערנישעווסקע לעבט!

6

געשיקט פון רוססלאנדס בעל חבית
ביסט דו צו איהם, יא וואהר,
דאך טראגסטו איצטער — ווייסטו וואס?
ועה, טשערנישעווסקעס שטן נאר

7

עס שטארבט נים וואס אונשטערבליך איז,
יא, איביג לעבט דער וואהרהייטס גייסט —
וואס בויט דעם פרייהייטס פאראדיז
מים טאפפערקיים, און העלדען דרייסט.

8

ער ווינקט אונז צו דער בלומען־צייט,
זיין אידעאל טראגט לעבענס פרוכט —
דאך ביז אין אללע אויביגקיים
בלייבט רוסלאנד שווארצער טהראן פערפלוכט.

• • •

ס רוסלאנד, פרייהייטס נעלאטינע,
דו לאנד פון פינסטערנים און שלאכט,
באלד קראכט דיין ווילדע הערשער מאכט.
שוין שפראצט עס אין דיין פאלק דיא שנאת.

צו ווינציג פלאקס אויף דיינע בייטען,
און צו קנאפ אייזען אין דער ערד;
צו מאכען שטריק און ביסס און שווערד,
דיין פאלקס בעפרייער אוים צו טייטען.

פון דיא סיבירישע קאלטע גריבער
שטראגם זיך עס ווייא ועטטער קלאגען

ניט קלאַנגט; דען אונזער אונטערגאַנג
דערנעהענטערט רוסלאַנדס לעצטען פיבער.
אַ, שרעקט דאָמאַנאָוו'ס פאַר דיא קלאַנגען!
דען טשערנישעווסקעס שטאַרבען ניט •
באַלד נריננט עס איבעראַלל און בליהט
דער פרייהייטס בוים פון גאָלדענע זאַנגען.

## ברויט מיט טהעע.

נאַר ברויט מיט טהעע, אונד ברויט מיט טהעע
דאָס איז א קעסט זאָ אַך אונד ווייא.
דען ביסטו נאָט, אויף מיר אין כעס
וואָס דוא ערלויבסט זיך אזא שפּאָס?
צו זשאַלעווען סערדינס א באָקס,
א שטיקעל קעז, א ברעקעל לאַקס,
א ביסעל מילך אמאָל, אני אוי;
נאַר ברויט מיט טהעע, אונד ברויט מיט טהעע,
דאָס איז א קעסט זאָ אַך אונד ווייא.

דוא שפּילסט עס תקיפות גאָטט מיט מיר?
איך זאָל זיך איינבעטען ביי דיר?
נאָך וויניג האָב איך טאָג אונד נאַכט
אין בעטען דיך אליין, פערבראַכט?
דאָך וואָהן איך אויף דעם פינפטען שטאָק,
מיין תפילה הערסטו וויא אין טראָק —
משמעות גאָטט, דוא ביסט אליין
אויך ניט מיט אללעמען, איך מיין
דיר מח עס אויך ניט „עסטרא" נעהן....

נאַר ברויט מיט טהעע, אונד ברויט מיט טהעע,
וואָס טויג דיא קונצען, איך פערשטעה:
דוא וואָלסט נעגעבען נוטער גאָטט,
דיא צייט איז שלעכט, דוא ביסט באַנקראָט.
דוא ביסט און מוזט דאָך זיין נערעכט,
וואָס העלפט עס יא, דיא צייט איז שלעכט,

כ'האב ועקסעלאך זאנאר פערפאל—
איך האב א „מארטנערוש" אויף דיין שמחל —
גאר נעה אונד קריך מיר אוש אין „זבול".

נאר ברויט מיט טהעע, אונד ברויט מיט פתעע,
דאך וויל איך וויסען דיעזען דריי:
דוא ניבסט דאך עפעס מאנכע יא,
פאר מיר נאר איז בייא דיר ניטא;
אויף דעם, זעהסטו, בין איך ניט קלות,
א שווינדעל הא?....בייא גאטט בעטרוג?....
גון, יעצט פערשטעה איך גאטט, איך דיינק
דוא ניבסט זייא אויך א גוטע קריינק,
זייא רויבען פראסט אונד האבען פיינק....

## נאטט פערלאזט נים.

ה' רועי לא אחסר (תהלים)

ווען נאטט מיין שפייזער, וואס האב איך צו זארגען?
פערזארגט ער מיך היינט ניט, פערזארגט ער מיך מארגען;
געדויערט עס לייננער, דאן — הייסט ער מיר בארגען,
דאן הייסט ער מיר בארגען, דאן הייסט ער מיר לייען.
ווען גאטט איז מיין שפייזער, דאן פעהלט ניט צום קאיען.
ווען נאטט איז מיין שפייזער, דאן בין איך א קייזער,
אז וואויל איז דעם מענשען וואס נאטט איז זיין שפייזער,
אויף'ן לעטצטען פאל הייסט ער איהם נעהן אין דיא הייזער.

ווען נאטט היט מיך אפ, איז אויך גוט ווען איך וואנדרע,
ער העלפט מיר אין שניפישאק וויא אין אלעקסאנדרע....
אונד העלפט ער ניט מיר; טא איז וואס? העלפט ער אזדרע -
ווען נאטט היט מיך אפ, דאן צופיקעט איהר שונאים:
ער פאשעט מיך אפ אוי, א קלאג צו מיין פנים.
ווען נאטט איז מיין שפייזער, דאן זארג ניט מאררים!
דארפסט האבען דיא וועלט אויף צעהן טויזענד כפרות,
ניט זארג זיך — עס וועט דיר ניט פעהלען קיין צרות.

ווען נאָטש איז מיין פאַסטוך, דאַן פעהלט מיר קיין פּשט;
ער הייסט זיך מיר שטאָפּען מיט חומש אתד רש"י —
ווען נאָטש איז מיין פאַסטוך טאָ פרעג נים קיין קשיא;
איך דאַרף מעהר קיין צער אינד קיין שווערעניט מיראַנע;
דאַן נעה איך מיר לייכט מיט אַ ליידינען מגן.

א ליידינעז מאַגען א ליידינע פאַקעט,
דאָ נעה איך מיר גרינג ווייל איך נעה פּשוט נאַקעט,
ווער רעדט פון א זיינער? ווער רעדט פון א לאַקעט?

ווען נאָטש איז מיין פאַטער, וואס האב איך צו דאַנח'ן?
ער הייסט מיר דערווייל נאָר קוקען אונד שווייגען;
נישקש'ע עס ועט קומען א צייט, ער וועט צייגען
דיא גוטסקייט זיינע, ער לאָזט נים פערדאָרבען;
ער וועט מיך בעלוינען שוין, לאָזט מיך נאָר שטאַרבען;
ער וועט מיך בעלוינען, ער וועט מיך פערגעלטען
מיט גליקען וואס טרעפען אין לעבען זיך זעלטען:
מיט דרייא הונדערט צעהן פּח דיא פּרעכטיגסטע וועלטען.

## וואו טהוט מען זיך אהין?

אנה אלך מרוחך ואנה מפניך אברח (תהלים)

וואו זאָל איך אנטלויפען פון דיר, גאָטט געטרייער?
ביסט פול אומעטום — וואס איז דאס פאר א פייער!
וואו זאָל איך אנטלויפען, וואו זאָל איך ענטרינען,
וואוהין זאָל איך, גאָטט, איך זאָל דיך נים געפינען! —
איך זאָל דאָרט נים אנזעהן דיין פּנים?
אין הימעל געפין איך, אין גאָלדענעם רויך דיך,
אונד טיעף אין דער ערד, טאַטע, האב איך דאָך אויך דיך.
אונד זאל איך אויף פליגלען אוועק קיין מרחקים,
דאַן שוועהר איך אייך ברידערלאך זיכער איך פּאַס איתם, —
אַ ראַטעוועט! אידען רחמנים!

* * *

אונד זאל איך אנטלויפען דורך נאכט אונד דורך שרעקען,
אונד טראַכטען: „דיא פינסטערנים וועט מיך פערדעקען".

אין דאָרטען אויך פארמיג געגרייט מיר א קבורה;
ווייל ע׳־שט אין דער פינסטער, נאַטש, צייגסטו דיין גבורה....
ערשט דאָרטען איז שרעקליך דיין כוח....
מיט איין וואָרט: איך קען צו קיין תקומה ניט קומען,
דוא האסט זיך צו מיר מיט אן אמת גענומען,
חאָטש נעהם אונד בעגראָב זיך — נאָר וואס הייסט בעגראָבען?
איך וועל אויך אין קבר קיין רוהע ניט האבען....
א שרעק עס פערגעהט אזש אין מוח!

* * *

אז איך בין א גולם אונד שרעק זיך אונד וויין דאָך,
מאמוניו, דאס ווייסטו, דאס זעהסטו אליין דאָך;
מיין נארעשקייט, נאַטש, איז פאר דיר דאָך פערקליבען,
דוא האסט דאָך עס זעלבסט אין דיין ספר פערשריעבען
נוא מילא, נוא וואס זאל איך מאכען?
זייא האבען מיר איינגערעדט, נאַטש, דאס דוא יאָגסט מיך,
אז דוא ביסט א גזלן, דוא שלאָגסט מיך אונד פלאגסט מיך,
איך האב זיך אפילו געקרינט מיט דיא ניקסען,
דאָך יעצט איז פערפאלען, מען קען עס ניט „פיקסען“....
אצינד איז עס שווער צו פערלאכען.

# שיהכעלאך.

1

מאמעניו, עס רעגענט דאָך יעמצט אויפ׳ן נאס,
אין דרויסען איז ווינדיג, אין דרויסען איז נאס,
איך דארף צו דער שוהלע זיך צו היילען גיך,
אז דא בין איך בארוועס און האָב ניט קיין שיך.
מאמוניו, זאל קומען אויף דיר א גוט יאָהר,
א קויף מיר זשע, קויף זשע מיר שיהכעלאך א פאָר.

2

מאמוניו, דיא סטאָר איז ניט וויים פון דער שוהל,
וואו פיינינקע שיהכעלאך זיינען דא פול.

איך האב זייא געזעהן דורכ'ן פענסטער אליין
זיי קוקען אוים מאָדנע, און גלאנציג, און שיין,
מאטוניו, דו ווייסט וואו דיא סטאָר איז, טאָ געה!
און ברייננ מיר א פּאָר, איך וועל ווארטען אויף דיי.

3

אָ וואָלסטו טאטוניו, זעהען יאנקעלעו נאָר,
ער האָט שיינע שיהבעלאך עטליכע פּאָר
און איך, זאגט מיין לעהרער, האב בעסערן פלייס;
פאר'ן לערנען האב איך דאך געוואונען דעם פּרייז.
טאטוניו דוא ווייסט דאך ביין שוהל יענע סטאָר,
אָ געה דאָרטען קריגסטו פאר מיר אויך א פּאָר.

4

טאטוניו דו הערסט נאָר ניט צו וואס איך רייד;
איך קען דאך אין שוהל ניט געהן באָרוועסערהייד.
מיין לעהרער וועט מיינען איך בין א שלעכט קינד,
און וועט מיך בעשטראפען נאך אויך פיר מיין זינד,
עס איז נאס און איך קען ניט אַרוים געהן פון טהיר,
א ווען וועסטו קויפען זאָג, שיהכלאך פאר מיר?

* * *

דער פאָטער זיטצט כאַכטלאָז, צוקריינקט אבער שטיל,
ער הערט וואס זיין איינגעלע בעט, וואָס ער וויל,
ער שווייגט — און עס פאללען דיא טרעהרען אראָפּ
מיט ווייא, בייא זיין באָרוועסען קינד אויף'ן קאָפּ.
זייא שווייגען יעצט ביידע, נאָר איך הער און פערשטעה;
דיא בימערע טהרענען — דיא ריידען פיר זיי....

---

# איין הספד

(פון איין מאן נאך זיין געטרייע ווייב)

פון א. גאָלדפאָדען.

---

אך! — געשטארבען איז זיא ניט לאנג,
אזא טייערער בשרער קרבן,

קיינער ווייס ניט וויא מיר טהוט באנג — אך!
פאר וואס זיא איז פריהער גישט געשטארבען.

פאר דיר גאָטט, וואס דוא העלפסט יעדען,
זאל מיין בקשה ווערען אָנגענומען:
שענק איהר דאָרט דעם ליכטיגען גן עדן! — אך!
אבּי אהער זאל זיא מעהר נישט קומען —

איהר צדקה ווער האט דען געקענט.
זיא האט אפילו אויף זיך ניט אפּגעשפּארט
טאקע מיט איהרע אייגענע כשרע הענד — אך!
פלעגט זיא מיר אויסרייסען מיין באָרד—.

זיא פלעגט נישט קוקען אויף קיין יונגע לייט —
ניט גערעדט מיט זיי קיין נבלות:
נאָר מיך אליין האָט זיא טאקע ליעב געהאט — אך!
צו שילטען מיט טויטע קללות—.

נאָר איך בין דאָך פאָרט איהר מאן געוועזען!....
וואָס וויל איך אצונד פון איהר נאך האָבען?
צו דער לויה מוז איך געהען זעהן — אוי!
מען זאָל זיא דארט גוט, גוט בּעגראָבען—.

---

## אם אין אני לי מי לי.

אָדער

HELP YOUR SELF.

(נאָך היינען).

1.

אין דער שלעכטער צייט, ווען מיר איז געוועזען ביטער
האבען מיינע פריינד מיר געהאָלפען אָהן שיעור:
דער מיט א גוט ווארט, דער—מיט איין עצה א גוטער,
דער טרייסט מיך: „ווארט—פערלאָז דיך אויף מיר“!

2.

איך ווארט און ווארט—איך זעה אבער ניט קיינעם....
ווארט איך נאך עטוואס—בין איך שוין פארביי!
צו מיין גליק האב איך געפונען גראַד איינעם
וואס ער ליעבט מיך באמת און איז מיר ווירקליך געטריי,

3.

ניע וועל איך איהם פון מיינע געדאנקען אָפּווישען
איך וועל ניט פערגעסען זיין טובה
ביז דיא וועלט וועט שטעהן
איין זאך איז מיר שאדע,
וואס איך קען איהם ניט קושען;
וויל מיין געטרייער פריינד איז—איך טאקע אליין!—

---



„פונקט צווייא טראפּען דער טאטע!“

1.

און היינטינער צייט ווערט דאס קינד קלוג געבאוירען!
מייסטענס — עהנליך זיין טאטען....
אז איהר קומט אין הויז פערדולט מען אייך דיא אויערן
מיט דעם קינדס חכמות פון אלע זייטען;

וער שמועסט אז איהר טהוט עס אויף דיא הענד נאך א טראנעל
אק דאס פאטשט אייך אין פנים לעת עתה!....
שמעלצט זיך דיא מאמע: „מיר פאר זיין נאָגעלו
ס'איז פונקט צוויא טראָפען דער טאטע!“....

2.

עס איז געקומען דיא צייט — דאס קינד דארף מען אנטוועהנען,
מען הייבט עס אָן צו לערנען שוין עסען,
דאָס רייסט זיך, אבער, און האלט אין איין וויינען
דיא מילך קען עס ניט פערגעסען;
דיא אממע לייגט עס צו צו'ר'נ'איהרע בריסט,
דאָס קינד קוועלט און קוויקט זיך לעת עתה;
„איהר זעהט!“ זאגט דיא אממע „וואס דעם האט זיך פארגליסט?
ס'איז פונקט צוויא טראָפען דער טאטע!“....

3.

דעם קינד נעהמט צו א גובערנאנטקע — עס ווערט געשווינט,
זיא שפילט זיך מיט דעם און פיהרט עס גאנץ ריין,
דאס קינד ווערט צר'נ'איהר אזוי איינגעוואוינט,
אז ס'וויל שוין צו קיין אנדערן ניט געהען;
„ס'וויל אפילו ניט זיין מוטער שמעקען“
באריהמט זיך דיא גובערנאנטקע לעת עתה —
„נאָר מיך האלט עס אין איין קושען און לעקען....
פונקט צוויא טראָפען דער טאטע!

4.

דאס קינד געהט אין דער שולע — עס ווערט שוין גרעסער,
אלע מיטשילער האבען פאר איהם מורא:
ביי דעם גנב'עט ער א בוך, ביי דעם א פעדער מעסער,
דעם מסרעט ער! — ס'איז א גוטע סחורה! —
דיא שילער מאכען אָן א גאנצען געוואלד,
מען שליעסט איהם אויס פון דער שולע לעת עתה;
ווערט ער אין דרויסען אזא לויפער באלד
פונקט צוויא טראָפען דער טאטע.—

5.

ער ווערט עלטער און האט שוין התונה געהאט שיין
זיין מוטער קומט און טרעפט איהם ביין וויא א טיגער
ער שלאגט דאס ווייבעל זיא מאכט אַן א געוויין
זיא צו טרייסטען העלפט איהר ווייגען דיא שווינער:
„טרייסט דיך מיין שנור! איך האב נאך אויך סמנים
פון זיין בייזען פאטער לעת עתה
אפילו אין זיין כעס מיר פאר זיין פנים
איז ער פונקט צווייא טראָפען דער טאטע!

---

## דעם גרינהארנ'ס תחינה

### אין קעסיל גארדען.

---

פון פראָפ. זעליקאָוויטש.

---

שטיינערנער געצעלט!
וואנדערער'ס שפינעל!
דוא ביסט א קליין וועלט,
און דעם גרינהאָרנ'ס וויעגע.

ווער איז דער איינער,
וואס וואנדערט נערן,
אויף דיינע שטיינער,
אָהן זיפץ און טרערען?

דיאווילדע שפראך
פון דיין מויער
האט קיין נוטץ קיין לאך,
נאָר „ווייא" און „טרויער"....

הכנסת־אורחים שטיבל!
דור הפלגה־נעסט!
האב קיין פאראיביל
אויף דיינע נעסט....

# א לעבענדיגער סאַנדווידש.

1.

דער אַלטער סאַלאָמאָן איז ניט מעהר קיין נרינהאָרן,
ער וואָהנט שוין אין ניו־יאָרק אַ שיין ביסעל יאָהרען;
ער איז אַ מאָל געווען אַ גאַנץ גוטער כטאָלער
און ער האט פערדינט וועכענטליך אַכצעהן דאָללער.
ער איז אַ זעכציגער—פאַר אַיין אַרבייטער הייסט דאס אַלט —
זיין פנים איז בלאַס, און פערטרויערט זיין געשטאַלט;
ער האָט שוין לאַנג צוריק אין פאַבריק אַ האַנד פערלארען,
און ער איז אַ „לעבענדיגער סאַנדווידש‟ געוואָרן.
אַ „לעבענדיגער סאַנדווידש‟ הייסט אויף יענקי־לשון
אַ מאַן וואס איז צווישען צוויי ברעטער געשלאָסען:
ער טראָגט פון פאָרענט און פון הינטען צוויי ברעטער
און שלעפּט זיך אַרום אין אַבי וואָס פאַר אַ וועטער.
אויפען ברעט זיינען געצייכענט אַדרעססען און פרייזען
פון דיא ביזנעס וואָס אַ סוחר וויל אַדווערטייזען.
סאַלאָמאָן אַ „סאַנדווידש־מאַן‟! דאס איז געוויס פאר נויט —
וואָס טהוט דער מענש ניט צוליעב אַ שטיקעל ברויט?

2.

ווען איך האָב סאַלאָמאָן דאָס ערשטע מאָל בעגעגענט,
האָט עס אין ניו־יאָרק געגאָסען, געדעגענט —
דאָס איז געווען אין דער בויערי שפּעט ביי נאַכט.
פון מיטלייד האָב איך מיט איהם בעקאַנטשאַפט געמאַכט.
איך האָב איהם וואָס געוואָלט געבען פאר גרויס רחמנות,
ער האט מיר אבער געזאגט: „איך דארף קיין מתנות‟.
„דאָך, האט ער ווייטער צו מיר געזאגט מיט אַ לאַך,
„אויב איהר ווילט צאָהלען מיין ביר, איז איין אַנדער זאַך....
„ווילט איהר? איך וועל אייך מיין ביאָגראַפיע דערציילען,
„וויא אזוי איך ליעג אין דער אדמה ניין איילען.
„יאַ מיסטער, איהר מעגט מיר גלויבען, איך קען שווערן,
„אַז דער אַרבייטער האט קיין רעכט אַלט צו ווערן...
„איך שלעפּ מיך אַרום גאַנצע טעג מיט צוויי ברעטער —
„איך לויף, איך גנעה, איך קריך, איך קלעטער;
„און פאַרוואָס? איך בין איין אַגענט דיא וועלט צובעטרינען,
„דען איך שלעפּ אַרום אין סטריט לויטער ליגען!

„יא, איך אדוועֿרטייז לינען, שמוץ, גניבה, שווינדעל
„פאַר אַ קאַפּיטאַליסטישע לומפּען-געזינדעל !
„ווייס איך וואס איך אדווערטייז ? קען איך דערגיין אַ טאַלק ?
„איך וויים נאָר אז איך העלף מיט בעשווינדלען דעם פאָלק ! ....

3.

„אַט ניט לאַנג האָב איך ארומגעטראָגען אויף מיין ברעט,
„אז מען קרינט אין חזיר־מארק אויף אויסצאהלען אַ נט.
„אויף מאָרגען האב איך איין אנדער מציאה געהאט —
„איך האב אדווערטייזט אַ שמוציגע וועבענטליכע בלאַט.
„ווארט מיסטער, וויא באַלד איך דערצייל, הערט מיר אוים אַלעם —
„דיא טרויעריגע ביאָגראַפיע פון מיין דלות:
„איך האב נעהאט אַ זון, אַ גוטער צייטונג׳ס אגענט,
„דערצו אַ בריה אַ יונג, מיט גילדערנע הענט.
„ער האט נעארבייט פאַר אַ שווינדעל-בלאַט אַ קורצע צייט,
„און דיא פּאַבלישערס האבען איהם געמאכט פאַר אַ לייט ....
„ער איז געוואָרן ביסלעכווייז וויא זיי פערדאָרבען,
„און ער איז ענדליך אין סינג-סינג געשטאָרבען.
„יעדעס מאָל ווען איך קוק אויף מיין אדווערטייזינג-ברעט,
„דערמאָן איך, ניט ווילענדיג, מיין זון׳ס טויטען-בעט ....
„ווען איך לעז דיא שקרים, ציטערט מיר יעדער אבר,
„דען איך זעה פאַר מיינע אויגען מיין בן-יחיד׳ס קבר ! ....

4.

„איך בין אַ „סאַנדוויטש-מאַן״ — אַי געוואלד אַ מורא !
„זעהט נאר וואס איך אדווערטייז, בעטראַכט דיא סחורה:
„פון איין זייט טראַג איך עפּעס אַ שווינדעל קאָמפּאַני,
„און פון הינטען שלעפּ איך אַ פאַלשע לאָטערי.
„און עס געפינען זיך אייזלען וואס גיבען זיי געלד —
„אוי, מיסטער ! געוואלד איז דאס אַ נארעשע וועלט !
„גלויבט מיר, איך האב אַ רעכט צו האַסען דיא רויבערס,
„דען איך אַליין וואר אויך פון דיא גלויבערס.
„יא, אויך איך קאַליקע, איך ארעמער סטאַלער,
„האב ביי זיי אריינגערוקט עטליכע דאָללער.
„איך האב זיי מיין ארימע עקאָנאָמיע געבראַכט,
„און דאס האט מיר ליידער פאַר אַ סאַנדוויטש געמאַכט.
„וואס זאל איך טאָן ? איך בין אַ צובראכענער שארבען, —
„זאל איך אויף דער עלטער פאַר הונגער שטאַרבען ?

5.

„ווארט, מיסטער, דאס איז ניט אלץ—איהר מוזט ווייטער הערען,
„אבער דאס קען איך ניט דערציילען אהן טרעהרן ....
„איך האב געהאט א טאכטער־פערעלע, יונג און שיין,
„דיא נאטור האט איהר געשטעמפּעלט מיט פיעל חן;
„זיא האט גוט געזונגען, געלעזען און געשריבען,
„איך האב שוין פאר איהר געהאט נדן געקליבען.
„פּלוצלונג איז דיא שווינדעל־קאמפּאני אנגעקומען
„און האט מיין ביסעל עקאנאמיע צוגענומען.
„פון גרויס ערגערנעס איז מיין ווייב אוועקגעשטארבען;
„נאך מיין זון, איז זיא געווען דער צווייטער קרבן.
„זייט דאן האט מיין פערעלע פערלאזען איהר פאטער;
„מען זאגט זיא זינגט אין א קאנצערט, א טהעאטער.
„עס קען נאך ערגער זיין . . . הלואי זאל איך מיך אירען ....
„א קליי־ניגקייט וואו דער עלענד קען פערפיהרען?
„זעהט איהר, יעדעס מאל ווען איך געה אום אדווערטייזען
„א מוזעאום, א קאנצערט פאר בילליגע פרייזען—
„יעדעס מאל ווען איך טראג אויף מיין ברעט שיינע מיידלעך,
„וויא זיי הייבען דיא פאלקעס מיט קורצע קליידלעך,
„דאן חאלעש איך, אין מיין זעעלע ווערט א שטורם־ווינד—
„ווער ווייסט, אויב איך אליין אדווערטייז ניט מיין קינד?" ....

3.

דער אלטער סאלאמאן איז באלד פארטגעפלויגען
מיט א בלוטיגע הארץ און מיט נאסע אויגען.
וואס דיינקסטו, לעזער, פון סאלאמאן? זאג מיר אפען!
ענטפערט מיר, איהר פאעטען, איהר פילאזאפען!
ווער האט פון איהם גערויבט זיין געלד, זיין עהרע, זיין בלוט,
זיין גליק, זיין האנד, זיין פאמיליע און זיין מוטה?
נאך מעהר! ער אליין גייט אום זיינע וואונדען ווייזען,
ער גייט אום זיין ביאגראפיע אדווערטייזען ....
ער וויזט אויף זיין שילד, זיין זון'ס טויט, זיין קאליקע האנד,
זיין פערלארענע געלד, זיין ווייב'ס ענד, זיין קינד'ס שאנד!
זאג מיר נאר, פאלשער פראגרעס: וואס האסטו אויפגעטאן?
ענטפער דוא געפודערטע חצופה „ציוויליזאציאן" ! ! !

סמבטיון ....
(אויס קאפּעלוש מאכער.)

# דער קינדער מערדער

## (אדער דאקטאר גראן)

איין אריגינעלעס בילד פון לעבען.

פערפאסט פאן בעריהמטען פאעט און דיכטער

## ה. עדעל־שטאט.

---

אין א קאלטע, פינסטערע ווינטער נאכט
איז אין אפיס צום דאקטאר גראן
אריינגעקומען בלאס און פערשמאכט
אן ארימער יונגער מאן.

דער דאקטאר האט איהם געפרעגט. וואס ער וויל.
ער האט געשוויגען א פאר סעקונדען,
און האט מיט טרערען, טרויעריג, שטיל
ענטדעקט פיר איהם זיינע וואונדען.

„איך בין ארעם, דאקטאר, שרעקליך ארעם!
איך האב א פרוי און קינדערלאך צוויי;
מיר לעבען אין איינעם אין דיא פינסטערע קברים,
וואו דיא ווענד זינד בעדעקט יעצט מיט שניי....

איך בין אין א סטרייק שוין א מאנאט פיער
און קען קיין סענט ניט פערדינען.
דער לענדלארד קומט יעדען טאג צו מיר—
איך נעה שיער אראב פון זינען!

„דאך, דאקטאר, איך בין ניט געקומען צו איך
איהר זאלט א נדבה מיר געבען.
צוואר איך בין ארעם און איהר זייט רייך,
דאך קיין בעטלער וואר איך ניט אין לעבען!

„אָ, נַיין! אִיךְ קוּם עֶטְוַואס אַנְדֶערְשׁ בְּעטֶען....
אָ! וִויא עֶס בְּלוּטֶעט מַיין הֶערְץ!
דָאקְטָאר! אִיךְ וִויל אִיהר זָאלְט אוּנְז רֶעטֶען
פוּן אַ נַייעֶם אוּנְגְלִיק אִין שְׁמֶערְץ!

„בִּיז יֶעצְט הָאבֶּען מִיר מִיט צְוֵויי קִינְדֶער גֶעלִיטֶען
שְׁרֶעקְלִיכֶען הוּנְגֶער אוּן קֶעלְט!
אוּן גִיךְ וֶועט מַיין פְרוֹי בְּרֶענְגֶען אַ דְרִיטֶען
אוּמְגְלִיקְלִיכֶען שְׁקְלַאף אוֹיף דֶער וֶועלְט!

„בְּרֶענְגֶען אוֹיף עֶווִיגֶע שְׁמֶערְצֶען אוּן לֵיידֶען,
אוֹיף דֶעם בְּלוּטִיגֶען יַאגְד נָאךְ בְּרוֹיט!
אִיךְ וִויל.... אִיךְ מוּז דִיזֶען אוּנְגְלִיק פֶערְמַיידֶען,
אָ, דָאקְטָאר, הֶעלְפְט מִיר אִין נוֹיט!

„אַ שְׁקְלַאפֶען קִינְד, חוּץ קֵייטֶען אוּן שְׁמֶערְץ,
וָואס וֶועט אִיהם דִיא וֶועלְט גֶעבֶּען?
עֶס וֶועט פֶערְשֶׁעלְטֶען זַיין פָאטֶערְס הֶערְץ,
וָואס הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען דָאס לֶעבֶּען!

„עֶס עֶרְוַוארְטֶעט אִיהם דִיא בֶּעטְלֶער שַׁאנְדֶע,
דֶעם הוּנְגֶערְס אַייזֶערְנֶע רוּט,
וָואס טְרַייבְּט פֶערְקוֹיפֶען צוּ דֶער רוֹיבֶּער בַּאנְדֶע
אוּנְזֶער פְרַייהַייט, אוּנְזֶער בְּלוּט!

„אָה, דָאקְטָאר! עֶס אִיז נָאךְ צַייט אַצִינְד
דֶעם פִינְק פוּן לֶעבֶּען דֶערְשְׁטִיקֶען.
צוּ וָואס זָאל נָאךְ אַן אוּנְשׁוּלְדִיגֶעס קִינְד
דִיזֶע פִינְסְטֶערֶע וֶועלְט עֶרְבְּלִיקֶען?“

פֶערְטְרַאכְט הָאט דֶער יוּנְגֶער דָאקְטָאר גְרַאן
אַרוּמְגֶעשְׁפַּאנְט אִין זַיין חֶדֶר.
עֶר הָאט בֶּעטְרַאכְט דֶעם אָרִימֶען מַאן
אִין זַיינֶע צֶערִיסֶענֶע קְלֵיידֶער.

זײנע שװאַרצע הענד, זײן בלאַסען שמעהן,
זײן אַראָפּגעלאָזענע קאָפּף,
און װיא עס קײקלען זיך גרױסע טרעהן
פון דיא טרױעריגע אױגען אראָב!

„יונגער מאַן, איך האָב מיטלײד מיט אײך!
איהר װילט בעגעהן א גרױסען פערברעכען;
איך װאָלט געקענט אַרעטירען אײך גלײך,
נור איהר זײט יונג, און איך רעכען —

„אַז איהר װעט מעהר דערפון ניט דענקען!
געהט צו דיא װאָס זײנען רײך,
זײ װעלען אײך א פּאָר דאָלאר שענקען
און האָבען מיטלײד מיט אײך!"

אױף דעם בלאַסען געזיכט פון אָרימען מאַן
האָט געשפּיעלט אײן איראָנישער שמײכעל;
ערשטױנט איז געװאָרען דאָקטאָר גראַן:
„דער מאַן האָט פערלאָרען זײן שׂכל!"

„געהן צו דיא רײכע! צו דיא רױבער פון ליכט!
צופיעל גיפט איז שױן אין מײן בעכער!
ניט מיך—דיא רײכע שלעפּט צום געריכט!
זײ זײנען דיא װאַהרע פערברעכער!

„פון אונזער בלוט זײנען זײ רײך!
און האָבּ ניט דיקע, רײכע לאָרדען,
װאָלט ניט געבעטען א פּאָטער בײ אײך
זײן אײנענעם קינד ערמאָרדען!

„געה צו דיא רײכע! איהר זײט ניט קײן שלעכטער,
איך דאַנק אײך, דאָקטאָר גראַן!
און מיט א בײסענדען געלעכטער
איז אַװעק דער יונגער מאַן.

א קאלטע ווינטער נאכט;
א פייער אויף א דיוואן,
יעצט איבער א בוך פערטראכט
דער יונגער דאקטאר גראן.

פלוצלונג הערט ער א געשריי:
„עפענט דיא טהיר, דאקטאר גראן!"
און בלאס וויא דער טויט, בעדעקט מיט שניי,
לויפט אריין דער ארימער מאן.

„דאקטאר! פערלירט ניט קיין מינוט,
מיין פרוי, זיא שטארבט אוועק!"
דער דאקטאר נעמט זיין ראק און הוט,
און זיי געהן שנעל אוועק.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

אין א קליינעם רום, ביי א שיין פון א ליכט
האט דער דאקטאר גוט בעטראכט —
א יונגע פרוי מיט א דארע געזיכט,
שווארץ וויא דיא פינסטערע נאכט!

לעבען איהר זיינען געלעגען צוויי קינדער
און האבען געציטערט פון קעלט....
א וויא גליקליך איז דער בלינדער
אין דיעזער פעראונגליקטער וועלט!

„וואס האט איהר דא מיט דער פרוי געמאכט!"
האט געשריען דאקטאר גראן.
„—איך האב צו איהר געבעטען א דאקטאר געבראכט",
האט געענטפערט דער ארימער מאן.

„ער האט מיר געזאגט, דאס ער וועט דאס קינד..
—ראף, דאקטאר, וואס איז יעצט מיט איהר?

– זיא און דאס קינד זיינען טויט אצונד,
און דער שרעקליכער מערדער זייט איהר!

„אהה, דאקטאר, רעטעט! רעטעט זיי!
— צו שפעט! עס איז אללעס פערפאללען!“
אוי דער עלענדער איז מיט א ווילדע געשריי
טויט צום באדען געפאללען.

---

## דער שניידער.

אם זיצט א שניידער איין אלטער
  מיט ווייסע גרויע האר;
זיין שער און נאדעל האלט ער
  שוין גאנצע פופציג יאהר.

* * *

ער זיצט אין דריי געבויגען,
  ער ארבייט טאג און נאכט;
מיט טרערען אין דיא אויגען
  נייט ער, זיפצט און טראכט:...

* * *

„אוועק זינד מיינע יאהרען
  אין פינסטערניס און נויט;
דיא כוחות אין ארבייט פארלארען,
  און דאך קיין רוה, קיין ברויט.

* * *

איך מוז הארעווען, מוז זארגען,
  עס פלאצט אין מיר דיא גאל,
וויל עס דארף האבען מארגען
  דער פראק א פראנט צום באל.

דֶער פְרַאק מוּז אוֹיף אִיהם לִיגֶען

זאָ גְלַאט, קֵיין קְנֵייטְש, קֵיין פְלֶעק;

זאָנְסְט קֶען דֶער שְׁנֵיידֶער קְרִיגֶען

פוּן גוּטֶען באָס דִיא סֶעק.

* * *

גְלֶענְצֶען מוּז עֶר וִויא אַ שְׁטֶערֶען

אִין פְרַאק דֶער מָארְגֶער הֶעלְד —

פוּן דֶעם אָרֶעמֶען שְׁנֵיידֶערְס טְרֶערֶען,

וָואס וֵויים פוּן זֵיי דִיא וֶועלְט?

* * *

אָט גֵייט דֶער שְׁנֵיידֶער אָרֶעם,

צֶערְבְּרָאכֶען, שְׁוַואךְ אוּן בְּלַאס;

זַיין אַרְבֵּייט אוּנְטֶערן אָרֶעם,

זַיין גֶעזִיכְט פוּן טְרֶערֶען נאַס.

* * *

דֶער באָס וִויל נִיט בֶּעצָאהְלֶען,

דֶער ראָק לִיגְט עֶטְוַואס שְׁלֶעכְט;

„פוּן הוּנְגֶער וֶוער נֶעשְׁוָואלֶען

אוּן אַרְבֵּייט וִויעדֶער נֶעכְט!“

* * *

דָארְט אִין אַ שְׁטוּבּ אַ קַאלְטֶער,

דָארְט וַוארְט מֶען שׁוֹין אַצִינְד,

אַז בְּרוֹיט בְּרֵיינְגְט בַּאלְד דֶער אַלְטֶער

אוּן אַ פֶּעני פַאר דֶעם קִינְד.

* * *

„אִיךְ קֶען מַיין הַאלְז נִיט שְׁנֵיידֶען,

דֶער באָס גִיט קֵיין פֶּיעטַאק;

נאָךְ מוּזְט אִיהר הוּנְגֶער לֵיידֶען,

אַ קְנֵייטְשׁ אִיז דאָ אִין פְרַאק!“

איהר שמערץ קען די פרוי ניט האלטען,
זיא וויינט, ווערט בלאס וויא טויט;
די קינדער קוקען אויף דעם אלטען,
קוקען און בעטען ברויט....



א מענשען רייכע, זאטע,
קוקט אייך צו נאר גוט!
אויף אייערע קליידער גלאטע
ליגט דעם שניידערס בלוט!



# די צווייא קרבנות

אדער

## דאס שטערבענדע ארבייטער מעדכען,

פערפאסט א. גאלדפאדען.



פאן דער שווינדזוכט ליגט אין גוסס דאס קראנקע קינד
איהר פאטער איז שוין לאנג געשטארבען
נאר די מוטטער אליין זיצט ביים בעט אצינד
און בעוויינט איהר איינציגען קרבן

די טאכטער

מוטטער אוי מוטטער! זאג עס זאל זיין שטילל!
צו שטארק קלאפען דארט די מאשינען!
עס רוישט מיר אין קאפ—איך בין מאט—איך בין דילל—
פערצייהע!—איך קאן מעהר ניט דיענען—.

די מוטטער

אוי וואס זעהסטו מיין ליעב קינד! עס האט זיך דיר נעדאכט:

דאס האָט בּיים שכן דער זייגער געשלאָגען דריי!...
ניטאָ קיינער מיט אונז — עס איז האַלבּע נאַכט —
— — געוואַלד מיין קינד איז פערבּיי!! —

טאָכטער

מוטטער זעה! ווער שטעהט דאָרט נעבּען דיר...
מיט פייערדיקע אויגען — אוי עס איז א שרעק! —
גלאַנצט ער און שרעקט מיך, און ווינקט נאָר צו מיר.
אוי מוטטער! בּלייב דאָ — געה ניט אַוועק! —

מוטטער

עס שטעהט קיינער ניט, שרעק ניט מיין קינד!
דאס איז דיא לאַמפּע, וואס בּרענט שוואַך יעצט אויס,
דיא פלאַמט און לעשט אויס וויא דיין לעבּען אַצינד.
וויא דיין לעבּען — אוי, מיין וועהטאָג איז גרויס! —

טאָכטער

מוטטער! וואס זאָמט זיך דער פאַטער אין שאפּ אזוי לאַנג?
מוטטער! וואס קומט ער ניט זעהן, וואס איך טהוא, וואס איך מאך?
ער ליעבּט מיך דאָך אזוי. און איך בּין יעצט אזוי קראַנק —.
אָט איז ער! פאַטער!! אזוי בּלאַסס? אזוי שוואַך?

מוטטער

— גאָטט איז מיט דיר! — דיך טוישט דער פערשטאַנד,
גידענקסטו דען ניט אין דעם פאַטערס נוים?
ווען פערלאָרען ער האָט פון דער מאַשינע זיין האַנד,
דיא נעפאַהר — אוי — ער איז שוין לאַנג טוים.

טאָכטער

מוטטער מוטט......

אונד געפלאַצט האָט דיא לאַמפּע אַצינד!
דיא פלאַממע איז פערלאָשען געוואָרען —.
און איבּער. דעם טויטען קערפּער פאַן איהר איינציג קינד,
האָט אויך דיא מוטטער איהר לעבּען פערלאָרען.—.

דער

# זיכטבאַרער שפּיעגעל

## פון דער וועלט.

פערפאסט פון א. שענקער.

## דער שפּיעגעל.

1.

נאָך דעם טשאָלינט און קוגעל
נעהמט אין האנד מיין שפּיגעל,
קוקט וויא איהר זעהט אויס;
ער וועט אייך ניט נארען,
אין איהם וועט איהר ערפאהרען,
ער זאָגט דיא וואהרהייט אויס......

2.

פון אויבען איז דער נאָמען שפּיגעל,
אונטען איז ער וויים רויט וויא א ציגעל,
ניט נאָך דעם נאָמען קען מען נעהן,
דער נאָמען קען הייסען שווארץ,
אָבער אנדערש מעג זיין דאָס הארץ,
דעם ביישפּיעל זעהט איהר פון מיר אליין.

3.

א שענקער בין איך אליין
אין מיין לעבען ניט נעווען,
דאָס וויים יעדער זעהר גוט,
דאָך שענקער רופט מען מיר:
אין יוראָפּ אונד אויך דאָ היער,
און שענקער בלייב איך ביז דיא לעצטע מינוט.

4.

דאפיר וועל איך אייך שענקען,
צום עווינען אנדענקען,
א שפּיענעל אויס דעם לעבען.
איהר וועט האָבען פערגנעניגען,
ווען איהר וועט דעם שפּיגעל קריענען,
און אין איהם נאָר איין קוק נעבען.

5.

װען אײנעם זאל דאָס פערדריסען
אונד װעט זיך פעסט בעשליסען,
נענען מיר אױפצוהײבען דיא האנד,
איז אײן אנטװאָרט גלײך צוריק;
אױף יענעם זעהט מען א פליעג
אונד אױף זיך קײן עלעפאַנט.

6.

קױפט פרײנד דעם קלײנעם שפּיגעל,
אונד שלאָגט מיר נישט אָב מײנע פליגעל,
דען איך בין קײן פהילאָזאָף אונד קײן דענקער
א מענשעלע א קלײנעם,
פון א שטעטעלע א שעהנעם,
מען רופט מיר א שענקער.



# דער אַרבײטער אונד דיא שפּיננע.

1.

זעהר מיעד אונד פערשמאַכט,
אין אײן זאָמער־טאָג פאר נאַכט,
זעה איך אײן ארבײטער פון פאבריק נעהן
דעם קאָפּ נעבױגען,
און קוקט מיט דיא אױגען,
אױף א שפּיננע װאָס ער האָט דערזעהן.

2.

ער נײט צו דעם אָרט,
בעטראַכט דיא שפּיננע ארבײט דאָרט.
לאנג קענטע ער זיך ניט שײדען
ענדליך צום שלוס,
זאָגט ער מיט פערדרוס,
מיט דיר שפּינע װיל איך רעדען.

3.

זאָג מיר דוא שפּינע,
מיט װעלכע ערנסטע מיענע
דוא ארבײסט פלײסיג ניך;
נאָך היין ארבײטען און רױשען

הזא ברויכסט נאטהווענדיג איין וואהנונג פיר דיך.

4.

דיא ארביים קענסט דוא פערשווינגען,
אויך וויא אלע אינסעקטען וואוינען,
אינם פרייע אהן מאנגעל און נוים;
זאלסט זיך נאר בעמיהען,
אביסעלע ארומפליהען,
אונד זוכען דיין שטיקעלע ברוים......

5.

וואצו דאס בויען איממער,
הייזער מים פיעלע צימּמער,
וואס איז דען דיין מיין;
וואצו זאל עס דיר ניטצען,
קענסט דוא דאס בעזיטצען,
דוא ביזט דאך נאר אליין......

6.

ווען מען זעהט דיר אן,
זיטצט דוא אויבען אן,
וויא א קעניג אין דערמים,
און וואס איז דיין פערלאנגען
דעם שוואכען פליעג צו פאנגען
און פון איהם צו זויגען דאס בלוט.

7.

אך דוא שפיננע פערדאמטע,
דוא אונפערשעהמטע
איז דאס דיין שטרעבען,
דיין פערגניגען
איז דעם שוואכען צו קריגען
און פון איהם צו רויבען דאס לעבען?..

8.

ווען איך זאל דיר בעקומען,
איך וואלט דיר דיין לעבען גענומען,
מים דיא פים וואלט איך דיך צוטרעטען
דען דוא ביזט יעדען צור לאסט
ביי דער וועלט פערהאסט,
איינע שפיננע איז קיין זינדע צו טייטען.

דיא שפינע האָט אַלעס געהערט,
זיך פון דער ארביים ניט געשטערט,
וויא זיא וואָלט זיך ניט וויסען מאַכען;
ענדליך טהוט זיא איהר פפליכט
ווענדעט זיך צום ארבייטער מיט איהר געזיכט
און אַנטוואָרטעט מיט איין סאַטירישעס לאַכען.

10.

וואָס? דוא שרייסט אויף מיר
איך בין דאָך פערוואַנדט מיט דיר
קענסטו דיא קאַפּיטאַליסטען, פירסטין, גראַפען
פון זייערע שמוציגע לופט דיא פערשטיקטע
דורך זייער גרויזאַמע טהאַטען דיא פערדריקטע
דערפון בין איך בעשאַפען.

11.

וויא דער בוים איז, זאָגט מען אומעדום,
זיינען אויך דיא פריכטע פאָן איהם,
וואָס קענסטו דען ניט פערשטעהן,
אַז זיי זיינען מערדער, בעטריגער,
מענשען־פרעסער, בלוטזויגער,
וויא קען איך דען בעסער זיין.

12.

אין איין אַנדער פאַך,
בין איך נאָך בעסער אַסאַך,
דער פליעג האָט ביי מיר קיין נוים
ביים ערשטען קלאַפּ
וויא איך גיב איהם אַ חאַפּ
איז ער גלייך טויט.

13.

און ביי אייך האָב איך געהערט,
האָט מען מאַשינען אויסגעקלעהרט
וויא פון אייך צו שינדען דיא הויט.
אַ גרויסער קעסעל שטעהט אונד זיער
מען רייסט אייך גליעד פאַר גליעד,
מען סוועלט אייך לאַנגזאַם צום טויט.

14.

אויף דער גרויסער פאַבריק,
גיב נאָר אַ קיק.

אויף דעם באַס וואָס איז דרינגען
איין יעדע מינוט
צאַפּט ער אייער בלוט;
נאָך פיעל שלימער וויא דיא שפּינען.

15.

אויף דיא שעהנע הויכע מויערן,
אויף זיי זאָללט איהר וויינען, טרויערן.
בעטראַכט זיי נאָר גוט,
מיט דעם מאַרך פון אייערע ביינער
זיינען געפלאַסטערט דיא שטיינער;
און דיא ציעגעל געפאַרבט מיט אייער בלוט.

16.

הערסטו דאָרט דעם געשריי!
פון דיא ארבייטער אָה! וועה!
דער באָס שטעהט, מאַכט זיך ניט וויסען
ביי איהם האָט דאָס פּאַסירט,
דיא מאַשינע האָט עקספּלאָדירט,
און דיא ארבייטער אין שטיקער צוריסען.

17.

עס איז איין הערצרייסען,
פון דיא אָרעמע וויטוועז און וויזען,
זיי בעטען, העלפט אונז מיט עטוואָס אויס;
פאַן זייער גרויסען געשריי
קריעגט ער מיטלייד מיט זיי
אונד שמייסט זיי געגצליך ארויס.

18.

וואָס איז דיא ענדע דאַפאָן,
וואָס זאָל איין אָרימע וויטווע מיט קינדער טהאָן
מיט קינדער ארביימען איז שלעכט,
בלייבט איהר קיין אנדערער פאַל;
זיא נעהמט ארויס פאָן מאָראַל
און טהוט וואָס ניט רעכט.

19.

דיא קינדער פאַר גויט,
אָנפאַנגס שטיילען זיי איין ברויט
ווייל דער מאָגען עסען וויל;
ווערן זיי גרעסער

אונד מאכען דיא פעניטענטשערי פול.

20.

אונד אויך, פיעל אנדערע זאכען,
צום ביישפיעל, עלעקשין און דאס גלייכען
אז דער באס וויל איינעם זעצין אויפ'ן הויבען שטוהל;
מיט בייזען און נים מיט גוטען,
מוזט איהר דאך אלע וואוטען,
פאר וועמען דער באס וויל.

21.

און ווען איהר זייט רעפובליקאנער געבראטין
ער מאכט אייך שוין פיר דעמאקראטין,
ווייל ער קען אייער שוואכע זייט גוט.
שפארט איהר זיך איין, — ניין!
זאגט ער, איהר קענט גיין
איהר האט מעהר קיין ארבייט ביי מיר נים.

22.

דאס איז איין איינפאכער פערשטאנד,
אז איהר נים איהם זעלבסט דאס מעסער אין האנד
ער זאל עררייכען זיין ציעל;
איז ער גאנץ גערעכט,
אז ער בעהאנדעלט אייך שלעכט
און מאכט מיט אייך וואס ער וויל.

23.

עס שיינט עס מאכט אייך פערגנינגען
זיים איהר דארום פיעל שלימער וויא פליגען,
ווי האבען אויך דעם זעלבען פערשטאנד
אנשטאדט וואס זיי זאלען מיך אויסמיידען
ווייל זיי קענען מיך נים ליידען,
פליהען זיי זעלבסט מיר אין האנד.

24.

האנד אין האנד, זאלט איהר גיין,
דעם באס און זיין פעקטארי, לאזט פון וויטען שטיין,
נים יענעם מאכען רייך
דען אהן אייערע קרעפטען
וואס נוטצען איהם זיינע געשעפטען
וואס קען ער מאכען אן אייך.

25.

רויטט אוים פון אייך, אייערע שפינען,
דיא פערפעסטעטע לופט זאָל זיך ניט נעפינען
ברויכט איהר ניט צו זאָרגען און קלעהרן;
דען דארט וואו דיא לופט איז ריין
אונד דיא זאָנע שיינט זאָ שיין
קענען קיינע שפינען ווערן.

# ליעדער מאגאזין נומער 15.

## אללע ליעדער פון „יציאת מצרים.“

שמע ישראל. | דיא נבואה. | פיער חכמים.
חתונה האבען. | דער שטעקען. | צרות איז קיין רענה נים.
דער סדר און דיא פיער קשיות.

## שלמה שמולעוויטש׳ס ליעדער.

מאמע קויף מיר א שוועסטער. | דיזז גאנצע וועלט איז מיין.
שלאָף לו לו לו. | דיא קהל׳שע קליאַמקע
אזוי פערוועלקט א בלום. | און מיין שטעדטיל האט עס ניט

## אללע ליעדער פון ד. מייעראָוויטץ.

מזומן. | דיא יענקי מויד | טודול דודול.

## יצחק ריינגאָלד׳ס ליעדער.

בעללא. | איך זוך א מלאך (אהן פליגעלען).

## זיגמונד שינקמאַן׳ס ליעדער.

דיא צייטונגס לעזער. | אללע בערען ברומען.

**פרייז 5 סענט.**

# דעם אַרבּייטערס צואה.

1.

אין איין נאַס קאַלטען צימער,
וואו עס וואוינט נור טרויער אונד קימער
הונגער, נעבעל. און נויט,
אין דיעזען עלענדען אָרט,
ליעגט א קראַנקער אַרבייטער דאָרט
און ראַנגעלט זיך מיט דעם ביטערן טויט.

2.

ערשט פאַר איינינע טעג צוריק,
האָט ער געשאַפט אין דער פאַבריק,
מיט אלע אַרבייטער אין מיטען,
ער האָט זיך פאַרקוקט
האָט איהם דיא מאַשינע צוגעדרוקט
און ביידע הענד אָבגעשניטען...

3.

דער באָס דער טיראַן,
וואָס ביי איהם איז קיין מיטלייד פערהאַן,
האָט אויף דעם אָפּפער געקוקט,
וויא אַ מערדער אין וואַלד,
גלייכגילטיג קאַלט
און האָט ניט אַ מאָל נאָך אַ דאָקטאָר געשיקט.

4.

האַלב טויט און פערשמאַכט,
האָט מען אין דיעזען צימער געבראַכט
דעם קאַפּיטאַליסטישען קרבן,
זיינע שוואַכע עלענדע פרוי,
אויסגעדאַרט וויא אַ שטרוי,
איז פון שרעק! געשטאָרבען!....

5.

פינף קליינע קינדער,
ליגען אויפ׳ן נאַסען באָדען אַצינדער,
פערהונגערט בלאַס וויא דער טויט
דיא איינגלאָך פון קאָפּ אַרויס,
דיא הענטעלאך שטרעקען זיי אויס,
אונד בעטען אַ שטיקעלע ברויט.

6.

דער קראנקער האט זיך אויפגעהויבען
און האט א שרעקליכען קוק געגעבען,
אין אויסגעבראכען אין יאמערן און קלאגען:
מיט שמערצען און ליידען,
האט ער אנגעפאנגען צו ריידען,
און זיינע קינדער זאגען.

7.

איך פערלאס אייך אצינדער,
מיינע עלענדע קינדער,
אין דעם גרויסען יאמערטהאל
צווישען מערדער באנדיטען,
וועלכע האבען מיין לעבען אבגעשניטען
צוליעב דעם ווּסטען קאפיטאל.

8.

20 יאהר וויא איין וואכע,
האב איך געארבייט וויא איין אקס און סאכע
מיט נאך ארבייטער אסאך,
קיין גוטע שטונדע גענאסען,
אונזער בלוט וויא וואסער פערגאסען
אום יענעם צו מאכען רייך.

9.

אויסגעגראבען גרויסע שעטצע,
געבויט הייזער, פאלעטצע,
הויכע מאנומענטע געשטעלט,
וואס האבען וויר דאפאן געהאט
קיין שטיקעל ברויט ניט געגעסען צו זאט,
נאך געליטען הונגער אונד קעלט.

10.

וויר האבען אונזער לעבען רעזיקירט,
ווערענד זיי האבען אין דיא גערטנער שפאצירט
וועלכע מיר האבען געשטעלט
אלע פערגניגען זיך צוגעטהיילט,
ווערענד מיר האבען זיך געקווילט,
מיט אונזער פרוי און קינדער אהן א סענט געלט.

11.

האם מיר האבען געמאכט,
האבען זיי פיר איינענטהום בעטראכט

פאָן דער פראגע וואָלטען זיי ניט וויסען,
וואָרום וואוינען זיי אין אומזיסטע ציממער
און מיר ברויכען צאָהלען רענט אימער;
און ווען ניט ווערן מיר ארויסגעשמיסען.

12.

וויעפיעל פון אונזערע קאמעראדען,
זיינען געוואָרען פערשאָטען
לעבענדיג אין דער ערד;
וויעפיעל זיינען פערפראָרען,
און וויעפיעל זיינען געגאנגען פערלאָרען
דורך דער קאָפּיטאַליסטישער שווערד.

13.

וויעפיעל פאָן אונזערע גענאָסען,
זיינען געוואָרען דערשאָסען,
פאָן דער רעגיערונג דער גערעכטער;
וויעפיעל האָט דיא קאפיטאליסטישע קראפט
זיך פערגניגען פערשאפט
דורך שענדען אונזערע פרויען אונד טעכטער.

14.

אר! פעך אונד שוועבעל רעגען,
קום ארונטער פאר דיא פאראזינטינס וועגען
פערניכטע דיא אלע דעספאָטען,
לאָז פון זיי קיין שפור,
דיא פערברעכער דער מענשהייט דיא נאטור
גענצליך זאָלסטו זיי אויסראָטען.

15.

ציטערט בערגע הויכע בוימער,
צושמעטערט פעלזען עווינע טרוימער,
ניסט אוים אויף זיי אייער צאָרן און וואוט.
דען אונטער אייערע שטיינער
איז פול מיט ארבייטערס ביינער,
און דיא ערד פייכט פון זייער בלוט.

16

גיים קינדער אין גרויסען יאָמערטאָהל,
איהר וו"ט אויף ארבייטער זיין אמאָהל;
אז איהר וועט נור ווערן גרויס,
שטארקט אייך אייערע גליעדער,

קעמפפט צחאמען מיט אייערע ברידער,
דעם קאפיטאליסטישען ווארצעל רייסט אויס.

17.

קעמפפט מיט זיי צחאמען,
לעשט אויס דיא גרויסע פלאמען
פון דער שרעקליכער טיראניי;
מיט שפיזען און באגנעטען
צורייסט דיא שווערע קעטען,
פאן דער שווערער שקלאווריי.

18.

און נאך מיין לעבען,
זאלט איהר אין דיא צייטונג שרייבען,
אלעס וואס מיר האט פאסירט;
אז יעדער זאל לעזען פריי
וויא דיא מענשען שקלאווריי
נאך אין דיעזען יאהרהונדערט עקזיסטירט.

19.

און פאן מיין בעם טוך מיינע קינדער,
אויף וועלכען איך ליעג אצינד,
אין שמערצען און אין קוואלען;
מיט מיין בלוט געפארבט רויט.
פון איהם זאלט איהר נאך מיין טויט,
אויף מיין גראב א פאהן שטעלען.

20.

מיין בלוט וועט אזוי ווייט זידען,
ביז עס וועט ניט זיין רוהע און פריעדען.
פרייהייט אונד גערעכט,
ווען אלע מיינע ברידער,
וועלען זינגען דיא ליעדער
וועלען זיין פריי און קיינע קנעכט.

21.

פריעדען וועט מען ערקלערען,
קרעכצען וועט מען ניט הערען,
תאנד אין האנד וועלען אלע גהען,
אז עס וועט ניט מעהר זידען מיין בלוט
און מיין גייסט ווירד רוהיג זיין.

22.

נאך קעמפפען אונד שטרעבען,
ווען איהר געוויס דערלעבען,
אויפצושטעלען דיא רואינע,
וויא דאָנערן אָהן א צאָהל,
ווען אלע שרייען מיט איין מאָהל
עס לעבע דיא אנארכיע עס לעבע דיא קאָמונע.

# דער קאַפּיטאליסט אויף יענער וועלט.

1.

אין דעם שטילען איינזאמען אָרט,
וויא אלעס שלאָפט רוהיג דאָרט,
מען הערט קיין לארעם קיין געשריי,
נאָר דיא גרייזעלעך וואקלען,
און דיא בלעטלאך שאָקלען
פון דעם ווינט וואָס גיט עפּטער א וויי.

2.

דאָרט האָט מען פלעצליך דערהערט,
דאָס ראָלען פאָן רעדער און פערד,
און דאָס געשריי פון יאָמערן און קלאָגען,
דאָס גרויסע שרעקליכע גערידער,
האָט ערציטערט דיא קאלטע גליעדער,
און זייער שטילקייט צושלאָגען.

3.

גלייך איינינע מינוטען דארויף,
האָט מען געהערט א געשריי מאכט אויף
שנעל טהיר און טויער גלייך,
איין זעהר שטיין רייכער מאנן,
פאָן גרויסען אדעלען שטאם,
האָבען וויר געבראכט צו אייך.

4.

מאכט גרייט איין אָרט,
פון דעם שענסטען וואָס געפינט זיך דאָרט,

נאר דעם שיינעם ליעבען גאסט,
פרעגט נאר ניט פאר געלט,
בויעט אויף איין שיינע געצעלט,
ווי עס נור פאר איהם פאסט.

5.

עס האט ניט לאנג געדויערט,
האט מען גלייך אויפגעמויערט,
דיא ארבייט האט ביי יעדען געברענט,
שפעטער האט מען שוין געזעהן,
אויבען אן שטעהן,
איין גרויסען הויכען מאנומענט.

6.

דיא שלאפענדע האבען ערוואכט,
און זיך גלייך פערטיג געמאכט,
דעם גאסט ענטגעגען צו געהן,
ווי זיי זיינען אהין געקומען,
האט זיי הענד און פיס אבגענומען,
דעם פאבריקאנט שלעכטמאן האבען זיי דערזעהן.

7.

א געשריי און א געוואלד,
איז געווארען צווישען זיי באלד,
אין שטיקער וואלטען זיי איהם צושניטען,
ווען ניט דאס ערשרעקען,
דעם מלך דומה מיט זיין שטעקען,
וועלכער איז אריין אין מיטען.

8.

ווי ענטצינדעט איז דער מלך געווארען
און געשריען מיט א ווילדען צארן;
וואס מאכט איהר זינדער דא,
אוועק פון דאנען אלע אצינד,
שנעל, גיך און געשווינד,
יעדער בעזאנדער אין זיינער רוה.

אין אייער רייכטהום אייער שאטץ,
און דערטים מחט איהר צופריערען זיין.

10.

פערגליווערט אונד פערפראָרען,
איז דער פאבריקאנט שלעכטמאן געוואָרען
אונד געלעגען אין ווינד אין וועה;
פון דיא וואָס זיינען געקומען,
אונד האָבען זיך אויף איהם גענומען,
און פון מלך דומה זיין געשריי.

11.

נאָר איינינע יונגע בומשער, קיילער
מיט געשליפענע צייגנער און אָפענע מיילער
זיינען פון דער מיט ארויס,
יעדער וויא איין העלד,
האָט זיך גענען מלך געשטעלט,
און געשריען הער אונז אויס.

12.

אבוואָהל מען זאָגט אז דוא ביסט שלעכט,
דאָך זאָג ווער האָט רעכט,
אורטהייל אונז דוא אליין,
הער נאָר אונזער קלאָגען,
אונד דאן וועסטו זאָגען,
ווער האָט רעכט און ווער ניט.

13.

זהסטו דיא סקאלעטען אָהן הענד אהן פיס,
ווייסטו ווער דער מערדער פון זיי איז,
בעטראַכט זיי נור גוט,
זיי וואַרען שטאַרקע יונגע לייט,
געשטאָרבען זיינען זיי בעפאָר דער צייט,
דורך דעם מערדער דעם באנדיט.

14.

צוקוועטשט און צודריקט,
אין זיינע קויל־טיינס דערשטיקט,
פאָן שיטצען האָט ער ניט געוואָלט קלעהרען
טויזענדער מענשענס־לעבען,
האָט ער אָבגעגעבען,
אום ער זאָל רייך ווערען.

15.

און דיא וואָס דאָרט זיינען,
פאַר מענשען איז זיי ניט צו ערקענען,
שווארץ אָהן פיס אָהן הענד,
ער וואר אינשורט זעהר פיעל,
פייער האָט ער געמאכט אין דער שטיל
און זיי אַלע פערברענט.

16.

ווייבער און קינדער זיינען געבליעבען,
אויף דער וועלט ארומגעטריעבען
נאַקעט באָרוויס מיט בלויזע פינגער
אין קעלט ווינד אונד שניי,
גאָר אָהן מיטלייד מיט זיי,
זיינען געשטאָרבען פיר הינגער.

17.

און דיא אייניגע מענער,
דיא פאָרנעהמסטע גרעסטע קענער,
דיא וואהרהייט וואר זייער פערלאַנגען,
מען האָט זיי ניט געהערט,
פיר מערדער האָט מען זיי ערקלערט.
און זיי אַלע אויפגעהאנגען.

18.

און איין וואוטה און אין איין צאָרן,
איז דער שטרענגער מלך געוואָרן,
און געקריצט מיט דיא ציין,
האָט געשריען אַ שרעק,
שלעפט דעם זינדער אוועק,
און ברייננט איהם פיר גאָט אליין.

19.

זאָ וואָס האָב איך ניט געהערט,
פיר איהם איז נאָך קיינע שטראָפע ערקלעהרט
מיר איז עס ניט בעקאנט,
און צו ריכטען זאָ איין באנדיט,
דאָס קען איך גאָר ניט,
איך בין דאָס ניט אימשטאַנד.

20.

דיא דיא עלענדע האָבען דאָס געהערט,
האָבען זיי ניט לאַנג געקלעהרט,

און ניט געשפּראָכען פּרעה,
נאָר שנעל וויא א פייל פאָן בויגען,
איהם געחאפּט און געפלויגען,
אונד געבראַכט פיר גאָטעס שטוהל.

21.

דער מלאך האָט ניט פערפעהלט,
אלעס פיר גאָט דערצעהלט,
דיא גאַנצע קלאַגע וואָרט ביי וואָרט,
מיט גרויס צאָרן,
איז דער אלמעכטיגער געוואָרן
און אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט.

22.

א! אזוי האָסטו מענשען געקווייקט,
האָב איך ניט אלע איינגעטהיילט,
און זאָ איין פערברעכען צו בעגעהן,
האָסטו ניט געהערט דערצעהלען,
וואָס איך האָב דורך מיינע פּראָפעטען בעפוילען
ליעבע דיין פריינד וויא זיך אליין.

23.

און דוא ביסט געקומען,
און אלעס פאַר זיך גענומען,
וויא דוא וואָלסט געוועזען איין איינציגעס קינד
פאָן דיינע איינענע ברידער,
געשינדען דיא הויט און דיא גליעדער,
בעהאַנדעלט שלימער וויא דיא הינד.

24.

יעצט זאָל זיך אזוי ניט פיהרען,
הערשאַפט זאָל ניט מעהר עקסעסטירען
אלע זאָלען זיין גלייך,
דער גרויסער שטאָלצער עגואיסט
דער ארבייטער וויא דער קאַפּיטאַליסט,
ניט מעהר אָרים אונד רייך.

25.

דער ארבייטער מיט זיינע קרעפטן,
דער קאַפּיטאַליסט מיט זיינע געשעפטע,
אלע זאָלען גלייך ציילען,
! צו דעם שלום,

זאָל נים זיין קיין פערדרוס,
נאָר געמהייכט אין גלייכע טהיילען. 26.
נים איינער זאָל זיצען אויף דעם ווייכען שטוהל
און דער צווייטער זאָל ארבייטען פול,
אין קעלט שניי און זומפען,
איינע געקליידעט אין אטלעס און זיידע,
און די צווייטע זאָל נים האָבען ביידע,
און בעדעקט מיט בלויזע לומפען.

27.

און דוא שלעכטמאַן,
צו זיין אזא טיראַן,
און טהאָן אלעס פערקעהרט,
איז מיין בעפעהל אצינד,
דיר אוועקשלעפען וויא א הינד,
און בעגראָבען טיעף אין דער ערד.

28.

פאָן דיין קערפער דעם דיקען,
זאָלען זיך די ווערים ערקוויקען,
מיט זייערע ציין דיך צורייבען,
ווייל דוא האָסט מענשען געקוויילט,
זאָלסטו ווערען פערפוילט,
עס זאָל פון דיר קיין געדעכעניס בלייבען.

29.

אצונד איז מיין בעפעהלען,
אויף אלע מיינע ערד טהיילען,
ו אָס געפינט זיך אין מיינעם רייך,
זאָ איז אלעס געבליעבען,
מיט מיין האנד אונטערשריעבען,
און אז נים בין איך קיין גאָט איבער איייך....

---

# דיא היברו פאָבלישינג קאָמפּאַני,

87־85־83 קאַנאַל סט., ניו יאָרק.

# איבער אלעקסאנדער דעם

1.

א רעש א געטומעל, עס קאָכט אין דיא גאַסען,
עס געהען פיעל מענשען, וויא יום טוב געקלייד:
א גאַנצער גערודער צווישען דיא מאַסען,
וואָס זאָל דאס בעדייטען, דיא פלעצליכע פרייד?
מען רעדט, און מען שפּאַסט, כמעט אין אלע הייזער,
אך זאָגט וואס איז דא פאר א נייעס פעראַן?
געשטאָרבען איז איצטער, דער רוסישער קייזער,
דער גרויזאמער הערשער, דער ווילדער טיראַן!...

2.

ווער איז דאס געוועזן אלעקסאנדער דער דריטער
וואס האָט מען זיין שטאַם און זיין נאמען ביז נאַר?
א שטילער, א פרומער, א הערשער א גוטער,
אויף איהם אזא מזל, אויף איהם אזא יאָהר....
פערשאָלטען מעג ווערען, דער טאָג פון געבאָרען,
עס זאָל אין איהם קיינמאָהל, ניט לייכטען דיא זאָנג...
דער טאג — ווען ער איז אונז געבאָרען געוואָרען,
א שרעקליכער הערשער, א בלוטיגער טראָהן!....

3.

עס האט איהם קיין הערצליכע מוטער ערצויגען,
קיין מענשליכער פאטער, געזיטעט איהם פריהר,
צו אלץ וואס פערדאָרבען, האט איהם נור געצויגען,
אין שרעקליכער וויסטע דאס ווילדעסטע טהיר....
דיא קנוטע, נור זיא איז געוועזן זיין לעבען,
דיא שרעקליכע קנוטע, דיא אייזערנע רוט!...
געטראָמפּעלט אויף פרייהייט, אויף מענשליכע שטרעבען,
געבאָדען זיך שטענדיג אין מענשליכען בלוט!...

4.

דאס פאָלק האט געליטען, א שרעקליך געליטען,
אין טרערען פלעגט זינקען, זיין מעכטיגער טראָהן!....
א וואהרע אינקוויזיציע, געברענט און געשניטען,
ער זעלבסט וואר דער ריכטער — דער אינקוויזיציאָן!...
אין שרעקליכע קוואלען — און גרויזאמע פלענער,
א, אין פעטראָפּאַוולָאסקע קרעפּאָסט — אָט דאָרט!
פלעג ער פערשטיקען, דיא עדעלסטע מענער,
וואָס פלעגען נור וואגען איהם ריידען א וואָרט!...

5.

פיעל התנער און דלות און שרעקליכע צוואנגען,
נעבראכט דער מדינה, נערויבט יעדענס מוטה,
און ווער עס פלעג מענשליכע רעכטע פערלאנגען,
פלעג גלייך זיין דער ענפער, — דיא אייזערנע קנוט!...
קוים פלעגט נור וואגען — א בויער אויסשטרעקען,
זיין וואנד צו דעם קייזער, פערלאנגענדיג ברויט,
דאן פלעג ער אין איהם גלייך רחמנות דערוועקען,
און קריגען בעלאהנונג — א שרעקליכען טויט!...

6.

ווער קען דען פארגעסען, דיא ווילדע פאגראמען,
דאס יאגען, דאס פלאגען, דער שרעקליכער מאכט!
מיט מענשליכע גלידער, מיט בלוט רויטע שטראמען,
פערפלייצט גאנצע שטעט, וויא א בלוטיגע שלאכט!...
נעהרג׳ט געשלאגען, געמערדערט, געשטאכען,
אין קיעוו, אין באלטא, א יאמער, א קלאג!
נעהאמערט דעם אייזען, אין קעטען געפלאכטען,
נעבונדען, פערקערקערט, אין וויסטען אסטראג!...

7.

פיעל מענשליכע הערצער, פיעל עדלע געפיהלען,
פערניכטעט צערטרעטען, אין קאלטען סיביר,
דאס פרישע פערגאסענע בלוט — פלעגט פערקיהלען,
און פארבען דיא שנעע׳ן, מיט פלעקען אהן שיעור...
קיין שוינונג פיר פרויען, קיין מיטלייד אויף קינדער,
געריסען, געביסען, מיט טיגערשע צייהן....
יא, רוסלאנד זיין שלאכט־הויז — און ער זעלבסט דער שינדער,
עס גיבט קיין רחמנות, דאס הארץ איז א שטיין!...

8.

א רוסלאנד! א שרעקליכע ווילדע מדינה,
וויא לאנג וועט דיך דעקען, א פינסטערע נאכט?...
וויא לאנג וועט דיין אלטע לאנג־יעהריגע שנאה.
אלץ לינען בעהאלטען, ניט ציינען דיא מאכט?...
נור לאזען טיראנען, דעספאטען רעגיערען,
איין הערשער ארונטער, דער צווייטער ארויף...
ווען וועט שוין פרייהייט, דיין באדען בעצירען,
און מאכען פון קנעכטשאפט און הערשאפט א סוף!...

יצחק ריינגאלז

# די סאָכע אָדער דער פּאַרמער.

1

אין סאָכע,
ליגט דיא מזל ברכה,
דער וואהרער גליק פון לעבען,
קיין זאך ניט פעהלט.
עס קומט דער פריהמאָרגען,
איך דאַרף ניט לייהען, באָרגען,
דער מוח דאַרף ניט זאָרגען,
אויף טאָג הוצאות געלט.
עס איז אָנגעגרייט אויף ווינטער,
א זאַשיק א געזונטער,
איך זייא אונד שנייד גאַנץ מונטער,
פריי אין גאָטטעס וועלט.

2

פון רייכען,
ווער קען זיך צו מיר גלייכען,
ווער לעבט רוהיג גליקליך,
וויא איך בויער אין פעלד.
נים נאָר גאָטט דעם רעגין,
פיל איך גליק און זעגען,
איך פיהר שוין סנאָפּעט וועגען,
תבואה פאַר דער וועלט.
איך טהו לייט ערנערין,
מאַרקלייט און שפּייכלערין,
שיפערס קאָמיסיאָנערין,
און כשר איז מיין געלט.

3

פון מאָדעס,
האָב איך קיין הכבדות,
וויא אין שטאָדט פאַרלעבט מען;
מער פיל מיא פאַרדינט.
א שטרוי היט און א סוויטע,
טראָג איך אָפּ א שמטה
און מיט דיא זעלבע שיטה.
פיהרט זיך מיין געזונד.
דער סערפּ איז מיין פאַסירער,
דער האָן, מיין רעפּוטירער,
דיא זון, איז מיין צייט פיהרער,
מיין פּעכער, איז דער ווינד.

4

דער קרעמער,
מוז באָרגען יעדער נעמער
און מוז נאָך קאָנסורירען
און לייזט אויף פינף פראָצענט
פון וועקסעלאר טערמינען,
דארט דער מארך דער זינען,
איז סטאָר קען ער נעפינען
נשאר פול דיא ווענט;
איך דארף ניט קאָנקורירען,
קיין וועקסלען רענולירען,
קיין בוך פון חובות פיהרען,
מיין באנק איז דיא הענד.

5

דער שיינקער,
מוז באָרגען יעדער שווינקער,
פיר יעדער ווערער און שיכור,
פאלט דיא דמים איין.
פון אקציז דיא אגענטען,
דיא טייערע פאטענטען,
אז א גראָשין א צעהנטען,
קומט אין טאש אריין.
איך בין פון אלץ א פרייער,
בילעט קאָסט מיר קיין דרייער,
דער סנאָפּ וואָס קומט אין שייער,
בלייבט אין גאנצען מיין.

6

מיין דאמע
ברויכט ניט, קיין אמע,
קיין הויז מעדכען, קיין באָנע,
קיין פרעסער אויפ׳ן קארק!
זיא דארף קיין הוט, קיין פעדער,
שפאצירט ניט אין דיא סעדער,
פאָרט ניט אין דיא בעדער,
ליבערשט פרייטאג צום מארק.
קיין פוץ, קיין פארמאסקירטין,
אלליין אי אם אי ווירטין
און אין פעגד א הירטין,
און איז געזונד און שטארק.

7

מיט יאָהרען,
ווערט אַ קינד געבאָרען,
ווערט גרעסער דיא הכנסה,
איך קויף צו ערד אַ שטיק.
אין שטאָט אַ קינד וואָס מעהרער,
ווערט דעם פאָטער שווערער,
ער מוז זיין אַ דערנעהרער,
אויפ'ן האַלז אַ שטריק;
בייא מיר עס וואַקסין קינרער,
ווערט מיין אַרבייט לינדער,
און יעדער באַזונדער,
אין פאַר מיר א גליק.

8

מיין מיידיל,
נייא איך אַ פּראָסט קלײדיל,
און טהו מיט איהר אַ שידוך,
אָן צירונג אָן גרן,
ועט אין שטאָט דיא כלה'ס,
שטעלין פראָכט בדלות,
ראַמט פון שטוב אוים אַלעס;
וואָס נאָר איז פאַראַן;
מיר איז לייכט צו קריגען,
אַ חתן גראד אַ היגען,
און גיב גדן צווייא ציגען,
און לעבט גליקליך פאַר דעם מאַן.

9

בענשען,
זאָלל נאָר גאָט דיא מענשין,
וועלכע שטיצען ציון
צוריק דאס לאַנר בעניים,
בענטש נאָר גאָט דיא ריצער,
דיא קאָלאָניען בעשיצער,
דיא אַרבייטער שטיצער,
דיא זרובבל'ים פון דער צייט.
וועז פון דיא קאָלאָניען,
וועט ווערין מיליאָנען,

ווען ציון ערשט דערמאָ.ן,
אָט דיזע גרויסע לייט. —

# רבקה׳ס טוידט.

(דער מדרש שרייבט, אז רבקה איז געשטאָרבען האָט מען זיא געמוזט מקבר זיין בייא נאַכט כ״י עשו זאָל ניט נאָך געהען נאָך דער מטה מען זאָל איהר ניט שעלטען וואָס זיא האָט אַזאַ זאָהן געהאַט. — יעקב איז אַנטלאָפען קיין חרן, און יצחק איז געווען שאָן אַלט, דאַרום איז קיינער ניט נאָך געגאַנגען נאָך דער לויה)

1

עס איז נאַכט אין הימעל זעהט מען ניט קיין שטערען
עס איז אַ פּחד אויף דער גאַס ארויס צו געהען
שוואַרצע וואָלקען גיסען דראָבנע טרערען
און דער ווינר זיפּצט צו מיט אַ געוויין.

2

אַ מת, אַ מת, ערשט ניט לאַנג געשטאָרבען,
נאָר עטליכע מענשען געהען טריט בייא טריט
און טראָגען דעם טוידטען א פרישען קרבן,
עס איז אונזער מוטער רבקה, ווער קען זיא ניט.

3

אָהן איין עולם און אָהן אַ לויה
ניטאָ קיין מאַן, קיין קרוב און קיין פריינד
ניטאָ קיין זאָהן קיין טאָכטער קיין געטרייע
וויא זאָללען נאָכגעהען נאָך דער מטה היינט.

4

יצחק האָט אַפילו זיין ווייטאָג ניט געקאָנט זעהן
בלינד איז ער פון צרות און פון נויט,
ער האָט גיהערט דיא לעצטע ביטערע געשרייען
ווען דיא שלאַפע האָט זיך געשטייערט מיט דעם טוידט

5

יעקב איז דאַמאָלס פון דער היים אַנטלאָפען
ער בלאָנדזעט ערגעץ דאָרט אין וואַלד אַליין
און ווייסט נאָך גאָר ניט וואָס איהם האָט געטראָפען
אונ שלאָפט נעבאַך אויף אַ האַרטען שטיין.

6

יעקב, יעקב! ריד חלומס זיך מן סתמא
ליגסט און שלאָפסט אין פּחד און אין שרעק
שטעה אויף דוא יתום האָסט שוין ניט קיין מאַמע

אויף עווינ טראָגט מען זיא שוין דאָרט אַוועק.

7

ניטאָ אויף דער וועלט נאָך אַזאַ געטרייע מוטער
ויא זאָל ליידען פון קינדער אַזאַ פּיין און שמערץ.
איהר מאַמעס וואָס אייך קומען אָן קינדער ביטער
נאָר איהר קענט פיהלען אֶמת טאַקי איהר הערץ.

8

וויפיל צרות האָט רבקה אויסגעליטען
איידער זיא האָט אַ קינד געפּויעלט ביי גאָטט.
און אז זיא האָט קוים מיט טרערין אויסגעבעטען
האָט זיא נאָך מעהר וויטאָגען געהאַט.

9

יעקב איז איהר איינגעבאַקען אין האַרצען
איין עהרליך קינד, געלערענט אין דער קלויז
און פאַר עשו'ען האָט איהר בעדאַרפט דאָס כנים שוואַרצען
מען האָט זיא געשאָלטען אין יערען הויז.

10

עשו וואָלט געגערען דעם צוא ריססען
ער וואָלט זיך ניט געקיהלט אין יעקב'ס בלוט,
ווען דער מאַמען אַז זיא דאַרף דאָס אַלסדינג וויססען
און העלפען קען זיא נעבאַך ניט.

11

אַנטלויפען איז דיא בעסטע עצה, לעת ערה
אַזויא האָט זיא איהם בעלייט מיט אַ געווין
אַנטלויף מיין זוהן, אין הימל איז דיין טאַטע
און וואָס מיט מיר וועט זיין ווייס נאָר גאָט אַליין.

12

אוי מיין קינד עס איז מיר אין צווייען ביטער:
זאָלסט בלייבען איז שלעכט, נאָך ערגער אַוועק צוגעהן
פאַרגעס חאָטשע ניט, זוהן, דיין טרייע מוטער
ווער ווייס צוא מיר וועלין זיך נאָך זעהן!

13

ויין ניט, האָט ער געזאָגט, מאַמע מיינע געטרייע
מיר וועלען זיך נאָך זעהן מיט נחת און אין פריידי
היינט קען ער ניט זיין אַפילו ביי דער לויה
ער זאָל זיא אָנקוקען חאָטשע טייטערהייד.

14

איידער ס'האָט נאָך אָנגעהויבען טאָג צו ווערען
האָט מען שוין געליינט איוף איהר דעם שווערען שטיין
שוואַרצע וואָלקען האָבען געגאָססען מיט דראָבנע טרערין
און דער ווינד צוגעזיפצט מיט אַ געוויין.

המבדיל.

וכספנו ירבה כחול (זמר למוצאי שבת).

1

דער וואָס האָט געמאַכט
טאָג אונד נאַכט
דער זאָל פאַרגעבין אונזערע זינד,
ער זאָל בענטשין אין שטיב
וועמען עס איז איהם ליעב
פונ'ם גרעסטען ביז דאָס קלענסטען קינד,
און צוא דיא פופקעס אַללע
זאָלל ער זיין ממלא
דאָס וואָס איך האָב שוין לאַנג געטראַכט,
עטליכע מאות
קיילעכדיגע מטבעות
וויא פריהליך וואָלט מיר גיוועזן דיא נאַכט.

2

אַז דער הייליגער טאָג
טהוט זיך אַ יאָג
טהוט מיר אַ קלאַפּ אין פופיק,
איך הייב אָן צו זאָרגען
וואָס וועל איך טהון מאָרגען
צוא פאַרדינען בין איך מסופק,
מיא דאַרף צאָהלען דעם גוי
פאַר האָלץ און שטרוי
דאָס מוז דאָך ווערען איינגעבראַכט,
און דאָ, טאַטע געטרייער
איז ניטאָ אַ דרייער
חאָטזע קיילע מיך דאָ דיא נאַכט.

3

אַז איך פאַרלעש דיא הבדלה
דיא לאַנגע דיא שמאָלע

און שטופּ אָן פֿולע קעשענעס מיט אַ פֿולער וואָך.
איך בין ניט פֿויל אויף דער פּען
איך שטופּ וויפֿיל איך קען
וואו איך דער טאַפּ נאָר אַ לאָך,
דאָס וואָס איך לייג אַריין
איך זאָלל מסלק זיין
דיא בעלי חובות וואָלט איך גיט געמאַכט,
זייא זיינען אָבער ניט קיין נאַראָנים
זייא זאָגען מזומנים
צייל אונז אָפּ בייא דער נאַכט.

4

וואו זאָל איך לייען
הער איך מיין ווייב שרייען
אויף דער פולער וואָך וויל קיינער באָרגען מיר,
קויפען דיא קינדער וויל איך
אויף וועטשערע מילך
צו האָסטו ניט עטליכע גראָשען בייא דיר.
איך נעהם דאָס בייטעלע אַרויס
איך קראַץ דאָס אויס,
קראַץ היינט קראַץ מאָרגען עס איז פֿאַרשטאַכט,
וואָס העלפֿט דאָס שרייען
איך וועל דאָס פּריוועז בעשפּייען
טאָמער וועט דאָס מזלדיג ווערין פון דער ראָזיגער נאַכט.

5

איך ליג דיא נאַכט
און גיב אַ טראַכט
אליהו הנביא זאָל מיך וועלין פּרענגין,
וויפֿיל ווילסט ברודער
איך לייג דיר אַנידער
וויא גרויס זאָל זיין דיין פֿאַרמעגין?
איך וואָלט גיזאָגט באַלד
וואָס איך וואָלט געוואָלט
מאה אלף גאָר אום געטראַכט,
בקיצור איין עק אַ סוף
אַ רענדיל אַ ראָפּ אַרויף
איך וועל מיך נוט שטעלען רינגען קעגין נאַכט.

6

אָט פֿון דעם אַלטין זיידין

האָב איך געהערט ריידין
ער קען קונצען זייער פיל
ליידיקע פלעשלאַך אַז ער וויל
ווערין מיט בוימעל פול
צוא קען ער מיט מיין ביטיד מאַכען אזאַ שפיל
אָבער ניט אַזאַ קונץ
מאַכט מען מיט מינץ
וויא קען בוימעל ווערען צו געלד געגלייכט
דאָ אַז מי לייגט ניט אַריין טאַקע
נעמט מען אַרויס אַ מכה
דיא פּראָבע וויים איך פון דעם אויף דער נאַכט.

7

איך וואָלט געוואָלט זיין ווערט
צוא זעהן דעם ווייסען פערד
וואָס משיח וועט אויף דעם רייטען
און אויף דעם פּאַפּירענעם בריק
וועט ער אונז פירען צוריק
אַהיים צוא דעם אַלטען טאַטען
איך וואָלט רעכנט מאָל ח׳לעבין
אַ גאַנץ גרויסען כוס געמאַכט
און וואָלט געטרונקען לחיים
צוליעב דעם בורא שמים
און וואָלט נאָר געזונגען טאָג וויא נאַכט.

## דער נייסטער זשורנאָל.

1

איך וויל ניט קיינעם גלויבען,
איך געה מיר מיט מיין כלל,
נאָך צוא טאַנצען אין מיין כלל,
דעם נייעסטען זשורנאַל,
יונג ביסטו נאָך מסתמה
ער זאָל דיר ניט טהאָן באַנק,
אַזויא האָט מיר מיין טאַטע מאַמע,
געווארענט שאָן פאָן לאַנג:
פיהר דיך נאָך דער אַלטער וועלט,
דיא נייע איז פאַלש פאַרשטעלט,
און אַז עס ווערין היר רייסען צאַללע סטרונעס.

עס וועט דיר אויס געהן שלעכט,
זאָלסט דיך דערמאָנען דעם נוכח פון דיא קינורת,
וועסטו זעהן אז איך האָב רעכט.
אוי, אוי, אוי, אוי,
און אַז דוא וועכט דיינע עלטערען ניט הערען
און וועסט דיך פיהרען נאָך דיין כלל,
אוי וועסטו טאָכטער פערשוואַרצט ווערען
נאָך דעם נייעסטען ושארנאל.

2

איך האָב גאָר ניט געהאט אין זינען,
איך בין מיר געגאַנגען מיט מיין כלל,
און איך האָב מיר אַ חתן געפונען,
נאָך דעם נייעסטען ושארנאַל,
זיינע פיסעלאַך פלעגין אויסטיפען
אַ שיינעם וואלצער טאַנץ,
און זיינע שטיוועלאַך פלעגין סקריפען,
ווען ער האָט געמאַכט אַ ריווערענץ,
זיינע הענטשקעלאַך וויס וויא שנעע
און אויף דער נאז אַ גאָלדענעם פאָנסנעע
און ער האָט מיר אָנגידולט מיינע אויערין
מיט קאָמפּלעמענטען גאָר אָן שיעור
און האָט מיר הייליג צוגעשוואָרען
אַז ער איז שטאַרק פערליעבט אין מיר,
אוי, אוי, אוי, אוי,
און דערנאָך אַז ער איז געוואָרען מיין מאַן
האָט זיך ארויסגעזעהן אַזאַ פאַלל,
געוואלד יודען איז דאָס אַ שאַרלאַטאַן
נאָך דעם נייעסטען ושארנאַל.

5

ווען ער פלעגט זיך פאַר מיר בוקען
כלהזוייס נאָך פריהער,
און פלעגט מיר צוא זאָגען גליקען
גליקען גאָר אָן אַ שיעור,
ער קויפט דיא טהייערכטע זאַכען
בייא רידלים׳ן אין קלייט,
און בייא ליכטענשטיין וועט ער מיר מאַכען
דאָס שענסטע מאָדנע קלייד.

איך וועל דיר קויפען דעם שענסטען טואלעט,
און א הוט בייא דער מאַדאם ושאַנעט,
אין א טייערען סויבעלנעם פוטער,
וועל איך איינהילען דיין לייב,
און דאס אַללעס וועט זיין שפעטער,
ווען איך וועל שוין זיין, דיין ווייב.
אָבער אוי, אוי, אוי, אוי,
און יעצט אז איך פרעג איהם אויף דיא אַללע זאכען,
ענטפערט ער מיר גאָר אָן אַ גאַל
יא מיין ווייב תכדיכים קען איך דיר נאָר מאַכען,
נאָך דעם נייעסטען זשארנאַל.

4

ווער האָט גיקענט גאָר וויססען,
אויף אַזא רייכען העררע,
וויא ער האט מיט געלד געשמיסען
וויא איין מיליאָנער,
ער זאָגט ער איז געפאָרען
נאָך דיא גאַנצע וועלט,
אין אַללע בייגק אין דיא קאַנטאָרען
ליגט איין געלעגט זיין געלד,
איך וועל דיר באַזעצען אין אַ פאַלאַסט,
אַללע גרעסטע מענער וועלין קומען צו גאַסט,
דיא טייערסטע שפייזען וועלין מיר געניסען
מיר וועלין מאַכען באַללער אַסאַך
און שאַמפאַניער וועלין מיר גיסען
פונקט וויא וואַססער גלייך,
אָבער אוי, אוי, אוי,
און נאָך דער חרטונה האָב איך געזעהן דאָס אַללעס,
דעם שאַמפאַניער מיט דעם באַלל,
געוואַלד יודען האָב איך געטראָפען אַ גרויסען דלות
נאָך דעם נייעסטען זשארנאַל.

# דיא 16 חסידים.

1

דאָס זיינען דיא יודעלאַך, דאָס זיינען וויא נאָר
אמרת וויא איך בין אַ יוד!
מוי טאַנצען זייא אַרום שוין 8000 יאהר

אמת וויא איך בין אַ יוד!
וויא פיעל צרות און ליידען זייא האבען איבערגעהאַט
אַ דרימבים באַם בים בים אַי אַי אַי
און לעבען און שוועבען און גלויבען אין גאָטט
לעבען וואָללען טאַקע אונזערע יודעלעך
אַי אַי אַי אַי לעבען וואָלען טאַקע זייא.

2

פון פרעה, פֿון מצרים קענען זייא איך אבגעבען אַ גרים
אמת וויא איך בין אַ יוד
לעהם האבען זייא געקנעטען מיט דעם בלוט פון דיא פיס
אמת וויא איך בין א יוד
וויערע קינדער האט מען געוואָרפֿען גאָר אין טייך
אַ דרימבים באַם בים בים אַי אַי אַי
וואס מעהר מען האט געוואָרפֿען, מעהר האבען זייא אַסך
לעבען וואָללען טאקע אונזערע יודעלאך
אַי אַי אַי לעבען וואָלען טאַקע זייא

3

פורים האבען זייא געהאלטען, אין שושן גאָר
אמת וויא איך בין אַ יוד
עס וואָלט פון זייא ניט געבליבען אפֿילו קיין שפאר
אמת וויא איך בין אַ יוד
אנגעאַרבייט האט זייא המן דעם יריד
אַי דרימבים באַם בים בים אַי אַי אַי
גערעטעט האט זייא מרדכי אַ יוד
לעבען וואָדלען טאַקע אונזערע יודעלעך
אַי אַי אַי אַי לעבען וואָלען טאַקע זייא.

4

אין איספאַניען האבען זייא זיך אַ סדר געמאַכט
אמת וויא איך בין אַ יוד
זייא האָבען געהאַט אַ סדר ניט היינט געדאַכט
אמת וויא אַיך בין אַ יוד
מאן האט זייא געבראָטען, געברענט, פֿון קליין ביז גרויס
אַי דרימבים באַם בים בים אַי אַי אַי
גאָטט ווייסט, וויא אזוי זייא זיינען פֿון דאָרט לעבעדיג ארויס
לעבען וואָללען טאַקע אונזערע יודעלאך
אַי אַי אַי אַי לעבען וואָלען טאַקע זייא.

5

אין דייטשלאַנד, האבען זייא זיך אין אַ סוכה בעזעטצט
אמת וויא איך בין אַ יוד
אין געטהע האט מאַן זייא געדישעט צו לעטצט
אמת וויא איך בין אַ יוד
ארויסגעטריבען האט מאן זייא נאַקעט פֿון דאָרט
אַי דרימבים באַם באַם בים אַי אַי אַי
האבען זייא זיך אין פוילען געפֿונען איין אָרט
לעבען זאָלען טאַקע אונזערע יודעלאַך
אַי אַי אי אי לעבען זאָלען טאַקע זייא.

6

דער פּאָליאַק, האט זיך מיט זייא איין שפּילעכען געמאַכט
אמת וויא איך בין אַ יוד
ער האט אויף איהם אנגערייצט דעם הונד און ער האט געלאַכט
אמת וויא איך בין אַ יוד
ער האט פֿון איהם געשונדען דיא הויט און ער האט געקוועהלט
אַי דרימבים באַם באַם בים אַי אַי אַי
איינס אין ער איין קבצן, און לייהט בייא איהם געלד
לעבען זאָלען טאַקע אונזערע יודעלאך
אַי אי אי אי לעבען זאָלען טאקע זייא

7

איך וויס, אז עס וועט נאָך קומען דיא צייט
אמת וויא איך בין אַ יוד
דיא וועלען נאָך אויסזעהען וויא לייט
אמת וויא איך בין אַ יוד
דיא וועלען אראָפּוואַרפֿען דיא קאפּטעלאַך און פּייקעלאַך ביינאנד
אי דרימבאַם באַם באם בים אי אי אי
און וועלען אויסזעהען וויא אללע קינדער פֿון דעם לאַנד
לעבען זאָללען טאקע אונזערע יודעלעך
אי אי אי אי לעבען זאָלען טאַקע זייא.



## קין.

(נאך דעם אז ער האט געהארגעט זיין ברודער הבל).

1

ווי א פויגעל פון זיין נעסט,
ווערט גאנץ ווייט פערפלויגען;
אין א פינסטער ארט און וויסט,
ווייט פון מענשענס אויגען.

2

אזוי בין איך היינט געווארען,
אך און וועה צו מיר;
זייט מיין ברודער איז פערלארען,
איז קיין רוה צו מיר.

3

וואוהין איך קום אין יעדען ארט,
הער איך קולות שרייען;
אנטלויף! אוועק! אט געהט ער דארט,
אט געהט דער גזלן קין!

4

דא שרייט דיא ערד: „איך בין געוועזן ריין,
וואס האסט דוא מיך פערפלעקט?“
דארט הער איך הבל'ס קול אליין:
„ס'האסט דוא מיט מיר ברודער געעקט!“

5

אין דער בייזער שעה אצונד,
אז איך הייב זיך אן דערמאנען,
ווי איך האב איהם געווארפען צו דער ערד געשווינד
און מיט דיא קניע אויף איהם געשטאנען.

6

ווי ער האט געוויינט: „אוי האב רחמנות,
לאז דיין ברודער יונג נים שטארבען!“ —
עס — ענטפער איך — ס'איז קיין סכנות,
און האב איהם צוקלאפט דעם שארבען!! —

7

פון דענסטמאהל אן האב איך קיין שלום,
און גרעסטען שלאף דעריבער;
זיין שרעקליך געשטאלט זעה איך אין חלום,
עס שרעקט מיך שטענדיג איבער.

8.

דא זעה איך איהם פאר מיר טוידט און בלייך,
ווערים עסען איהם יערעם אבר;
דאָ שטיקט ער מיך, דא וואָרגט ער מיך,
דא שלעפט ער מיך אין קבר.

9.

אמאָהל זעה איך איהם פאר מיר אויסגעצויגען,
דער קאָפּ צובראכען אויף צווייען;
שווארץ בלוט שלאגט איהם פון די אויגען,
און אויסגעשלאגען די צייהן.

10.

ער הויבט אויף מיר א שרעקליך געשריי:
„דוא האסט מיר געטוידט, ניט קיינער;
שטעה אויף רוצח, געה נאָר געה,
בעגראב חאָטש מיינע ביינער!!“....

11.

איך לויף שוין איבערבעטען געשווינד,
ווי? טוידטען נוך אליין.
אוי וועה! צו שפּעט איז שוין אצונד,
ניט דא פון זיין געביין.

12.

דיא ווילדע חיות נאר אָן מיה,
האבען געמאכט פון איהם אן עק;
דיא שלעפּט א האנד, דיא טראגט א קניע,
דיא שפּרינגט מיט זיין קאָפּ אוועק.

13.

זירען, קאָכען, זעה איך זיין בלוט,
איך בעט: „נו זיי שוין שטיל“! —
ניין, רוהען — זאגט עס — קען איך ניט,
אומעדום מוז איך זיין פול.

14.

אומעדום וועל איך מיך אלץ בעקלאגען,
גזלן פערגעס נאָר ניט! —
א ב ר ו ד ע ר האָסט דוא טוידט געשלאגען,
דיין אייגען פלייש און בלוט!! —

15.

דיין שטן טרייבט מיך שטענדיג אום,
ביז אין דער שאול תחתית,
איך מיין שוין שטענדיג, אָט קום איך אום,
דאס וועט שוין זיין מיין ישועה;

16.

מיין לעבען וואלט איך מיט גרויס נחת
דעם טוידט אוועקגעגעבען,
געהט ער דוקא אויף להכעיס,
צו דיא וואסווילען לעבען.

17.

דאָרט ליעגט א כלה קראנק,
א מיידיל פריש און יונג,
צו דער חתונה איז שוין גאר ניט לאנג,
צוגעגרייט האט מען אלדינג.

18.

קומט דער טוידט און זאגט איהר פראָסט:
„דוא ביסט מיר שוין געפעלען;
מיט אן אנדערן האט מען דיך פערקנאַסט,
מיט מיר מוסט דוא א חופה שטעלען“! —

19.

דאָרט איז עלטערן נאָר איינס געבליעבען,
פון א סך קינדער שעהנע,
דער טוידט האט זיי אלע אויסגעקליבען,
יעצט וויל ער נאך דאס איינע!

20.

דער טאטע ניסט מיט הייסע טרערן —
דיא מאמע איז שוין ביים עק;
ער וויל זיי אבער ניט הערן,
און חאפט דאס אויך אוועק.

21.

ער פוילט זיך ניט אוועקצוטראגען,
נביא״ים פון שעהנע דירות;
וואס ווייסען יא פון א לעבען צו זאגען,
און לעבען אין גרויס עשירות.

22.

נעהם מיך בעסער, מוידט, צו דיר,
איך האב פאר דיר קיין מורא —
„צרוואַלוויל — זאגט ער — ביסט דוא פאר מיר,
איך האנדעל נאָר מהיערע סחורה“....

23.

איך זעה שוין דא נים ארוים קיין נייעס,
איך לויף אין ווילדען אָרט,
מאָמער ועלען דיא ווילדע חיות,
מיך צורייסען דאָרט.

24.

דיא חיה וויל מיך אויך נים הערן,
איך האב צו איהר קיין גליק;
זיא דערזעהט דעם צייכען אויף מיין שטערן,
און האפט זיך גיך צוריק.

25.

דאָרט לויפט א לייב א ווילדער,
התנגערינג צו זיין רויב;
פון זיין שרעקליכען ברומען און געפילדער,
ווער איך אזש טויב;

26.

אדאָ מיין איך איז שוין מיין עק,
איך גיעב איהם מיין קאָפּ בייסען;
ניין — זאגט ער — נעה אוועק,
„נים דיך דארף איך צורייסען.

27.

וויא איך וויל נאר ווייטער געהן,
זעה איך א יענער שפאנען;
פלוצלונג זעה איך בלייבט ער שטעהן,
זיין בוינען אָנצושפאנען.

28.

איך שטעל מיין הארץ דער פייל ענטקעגען,
פריילך גיא צו — ן — א שפיל.
זיא געהמט זיך נאָר אין אנדערע וועגען,
„נים דא, זאגט זיא, איז מיין ציעל!“....

29.

דארט ד'ערשלאנט א דונער ליים,
די פאלען אָן א צאָהל;
ריא ערד רייסט אויף איהר מויל גאַנץ ווייט,
און שלינגט זיי איין מיט א מאל.

30.

איך וויין פאר איהם און פאל אויף דער קניע,
מאך אן אָרט פון קיָים ווענען,
„געה דיר ווייטער — ענטפערט זיא,
„דאָ דארפען זיך אנדערע לעגען! "

31.

אין דיא שפעטערע דורות ועט מען מוזען
ארף מיך זיך בעקלאגען;
ווייל איך האב דעם ערשטען וענג געוויזען,
מענשען טוידט צו שלאגען.

32.

מעק אָפּ גאָט מיין שאנד אצונד,
און עק זאָל נעמען מיין שרייען;
אָפּקומען נאָך פאר ויינע זינד,
ועט קיינער ניט וויא קין.

---

## דריי מאל אידישקייט.

1.

וואס נעהט דאָרט א גאַנצער עולם פון אידען,
און פון זייער פּנים שיינט ארויס פרייד:
איינער מיט דעם אנדערן ריידען צופריעדען,
לאכען און שפאסען, פרייליכערהייט;
„—וואוהין נעהט איהר דאס עולם, וואס איז דאָרט נעשעהן?" —
„—צו א ברית־מילה איז א מצוה צו געהן!" — .

2.

וואס נעהט דאָרט ווייטער אן עולם פון אידען,
און טראגען זיך עפּעס יום־טוב׳דיג נעקליידט;
איינער מיט דעם אנדערן ריידען צופריעדען,
שמועסן און לאכען מיט א גרויס פרייד;
— וואוהין נעהט מען עס עולם, וואס איז דארט געשעהן? —
- צו א חופּה פיהרען איז א מצוה צו געהן! — .

8.

און וואס נעהט דאָרט פאר אן עולם אידען,
פערהמארעט דאס פנים, פערזאָרגטערהייט;
הייסע טרערען זעהט מען אין דיא אויגען זידען,
ווינען און קרעכצען, א בראָך א לייד;
וואוהין נעהט מען עס עולם, וואס איז דאָרט געשעהן? —
צו א מת־מצוה איז א מצוה צו געהן! — .

## דור הולך ודור בא.

יאהרען ציהען, יאהרען פליהען,
יאהרען לויפען נאר א שרעק;
מענשען זעהט מען זיך אלץ מיהען,
מיהען זיך נאר אהן אן עק;
קיין מאל ניט מען זיך קיין רוה,
דער מארך טריקענט אין דיא ביינער;
פאר וואס? פאר ווען? צו וואס? צו היא? —
דיא קשיא פרענט ניט קיינער.
אליין זעהט מען פיעל משלים:
וויא פיעל דורות זיינען געוועזן,
פערשוואונדען זיינען זיי וויא א חלום,
ניט דא קיינס פון זייער נעבייז;
גרויסע שררות, גרויסע מענער,
גרויסע העלדען, שטארקע לייט;
גרויסע קינסטלער — אויך ניט קענער
בעגראבען האט זיי אלע דיא צייט;
און אויף זיי א מצבה געשטעלט,
און עפעס ווערטער אנגעשריעבען;
ליינען מוטשעט זיך דיא וועלט,
ס'איז שוין אבער אָפּגעריבען — ....

אזוי שטארבען רייך און ארים,
אזוי ווערט פון זיי דער סוף;
און אויף זייערע אלטע קברים,
וואקסען נייע דורות אויף;

נייע מענשען, נייע שררות,
א נייער גביר, א נייער העלד;
נייע השגות, נייע צרות,
א ניי לעבען א נייע וועלט;
מען פערגעסט דעם דור וואס פריהער,
יעדער זארגט פאר זיך אליין;
און דער גרוב שליסט צו דיא טהיר,
און ליינט אויף איהם דעם שווערן שטיין.

* * *

יאהרען ציהען יאהרען פליהען,
יאהרען לויפען נאר א שרעק;
מענשען זעהט מען זיך אלץ מיהען,
מיהען זיך נאר אהן אן עק;

קיין מאל גיט מען זיך קיין רוה,
דער מארך טריקענט דיאביינער;
פאר וואס? פאר ווען? צו וואס? צו וויא?—
א תירוץ איז דא נאר איינער:
דער מענש, יאהרען וויא פיעל זעהט ער,
ויבציג, אכציג און אפשר העבער;
וואס היינט איז נים — אויף שפעטער? —
שפעטער — וויל ער יא — א זוכר....
איך וועל אויפ'ן אמשערעד שטעהן,
גלייך מיט דיא וואס זיינען פערפלוינען;
קומען וועט צו מיר אויך צוגעהן
דער שמש מיט דיא טויזענד אויגען;
צו ס'וועט מיר יא צו נים געפעלען,
איהם וועל איך נים זיין דערווידער;
מיין פעדער וועל איך אוועקשטעלען,
און וועל אייך זאגען: אדיע ברידער!
און גלייך מיט דעם גרעסטען גביר,
וועל איך מיר ליגען אין דער ערד צוליינט;
וואס ער האט זיך פריהער געשעהמט מיט מיר,
היינט וועט זיין ביי מיר שוין אנגעלייגט;

מיר נעהמען נים מיט ביידע פון דאנען,
מיר זיינען ביידע גלייכע צדדים;
מיך וועט מען חאטש א צייט דערמאנען,
דאס הא ט געשריעבען א. גאלדפאדים.

# קעסל גאַרדען

פערפאַסט פאָן

## מאָריס ראָזענפעלד

צו זינגען מיט דער מעלאָדיע פון „פעריאָמערט סערקלאָנט״.

---

1

מיט וועה און שמערץ
ווערט איבערפיהלט מיין הערץ,
ווען איך גיב אויף קעסל גאַרדען א בליק:
וואו מענשען מיליאָנען,
פון פערשיעדענע נאַציאָנען
זיצען און טרוימען פון גליק.
כ'געדיינק עס אויף קלאָר,
צוריק מיט אַכט יאָהר,
בין איך דאָרט געזעסען אליין —
געהאָפט און געלאַכט,
פון גליק נור געטראַכט,
וויא גוט איז מיר דאַמאַלס געווען. —
אין קעסל גאַרדען אויף יענער זייט טהיר,
געפינט איהר דעם גראַב פון מיין גליק —
און נאָך פיעלע קברים אזעלכע אָן שיעור
געפינט איהר וואו איהר טוט נור א בליק...

2

דער רוהיגער טייך,

אין א גולער מיט טרויער,
מיט טרערין פערגאָלמטע אהן באַט .
די עלענדע אָכצען,
זיפצען און קרעכצען,
אַ שיקזאַל! ווארום קומט זיי דאס?....
דעם עלענדען'ס טרער,
איז אָבווישען שווער,
עס קוועלט אַ'ס און טריקענט ניט איין —
אין איהם איז פערבאָרגען,
יסו'ן מיט זאָרגען,
דעם רייזענדערס צרות און פיין. —
פערלאָרען די היימאט, דעם נאמען, די פריינד,
א „גרינער" מען ליבט איהם ניט, ניין!
אמעריקאס זאַננע זיא פינקעלט און שיינט,
נאר דעם פרעמדען איז פינסטער אליין....

3

בעקעלאך בלאסע
און איינעלאך נאסע
טויזענדער טרעפט מאן אין דארט....
קינדערלאך עלענדע,
פון ווענ זיך קוועלענדע
זיי קומען דאָ זוכען אן אָרט —
אין זייער נייער וועלט,
אהן פריינדע אהן געלט,
עס קלאגען די שטיינער אויף זיי —
אין קעסל גארדען ביי נאכט
זיצען זיי פערשמאכט
און צוטומעלט פון ווילדען געשריי....

קינדער, דא פינדען זיך מאמעס פיר אייך,
ברידער און שוועסטער, מיר שיינט,
איהר ווייסט אבער ווען? — אז מען איז נור רייך —
ווען נים, בלייבט דיא נאָס אייער פריינד....

4

מאלאנט צו בעטריגען,
צו שווינדעל צו ליגען,
דאס, דער וואס האט, דעם איז גוט.
א מערדער א דיב,
דעם האט מאן דאָ ליעב.
דער לעבט דאָ פרייא און בארוהט!
געלד פיעל און כח,
א גזלן א רצוח,
דאָס פאָדערט אמעריקא היינט —
יושר און וואהרהייט,
ליבע און קלארהיים,
ליידער דאס האט מען שוין פיינד. —
א מאן פון געוויסען פון עהרע און רעכט,
א מענש מיט א מענשליכע הערץ;
ברידער, דעם איז אין אמעריקא שלעכט,
זיין שיקזאל איז צרות און שמערץ.

5

בעטריבט און בעריסען,
פון פיינדע צו ביסען
וואנדערט דער איד אין דער וועלט;
געיאָגט פון דעספאָטען,
אלע רעכטע פערבאָטען,

ער זוכט אין דער פרעמדער א נעצעלט—
יא אידעע אין רייך,
נאך אמעריקא גלייך—
דארט לעבט דער איד גליקליך און פריי,
נימא קיין באנדיטען,
קיין אנטיסעמיטען,
מען האלט איהם דארט ליעב און געטריי.
איד! ווער קען „טרערען־שפראך“ בעססער פון דיר!!
לעז אין קעסל גארדען דיא זאנד—
דארט איז פערשריעבען מיט טרערען אהן שיעור
דיא גוטס און דאס רעכטע פון לאנד....

6

ראך גיבען מיר צו,
אז פרייהייט און רוה,
האבען מיר דא מעהר וויא איבעראל,
פון ליעבע און פריעדען,
פאר קריסטען און אידען,
ציינט זיך אונז דא יעצט א שטראל.
נור נעהמט אייך און אכט,
נים פערשלעפט דא דיא נאכט,
דיא פינסטערניס דער אלטען וועלט—
דיא היימישע „ספּ“
לאזט זינקען אין ים—
און דא וועט, נים שעכט זיך פאר געלט!...
דאן וועט קעסל גארדען — א לוסט גארטען זיין
און אייך וועט מען שעצען אין לאנד.
דאן וועט מען אייך אידען בעהאנדלען דא פיין
פערשווינדען וועט דומהייט און שאנד....

# שײן אֶלֶף בײד!

## (דרײמאָל הונדערט טױזענד רובעל)

— פֿון א. גאָלדפֿאַדען. —

נאָר א י י נ ס וואָלט איך געוואָלט פֿועלן בײ דיר טאַטע געטרײער!
(אַזוי רעדט צו זיך אַ שמש'יל אין שול שלאָפֿענדיג אַלײן)
נישט קײן געלד, קײנע ברילאַנטען, זײ מעגען זײן ווי א טחײער
קײן שעהנע קלײדער, קײנע מױערען, קײנע ניטער, נײן, נײן! —
אפֿילו נישט קײן ח כ מ ה! אָהן איהר וועל איך מיך שױן באַגעהן —
וואָס טויג דיר שענערעס? — אפֿילו קײן געלד, קײן כבוד, קײן חן!....
דוקא נאָר אַ קלײנינקײט, איך פֿאָדער נישט קײן סך:
זאָלסט מיר באַשערען.... נאָר.... א.... „שין אָלף ר״ד״!!
אי וואָלט איך'ס דיר געדאַווינט! — ס'וואָלטען פֿונקען אַזש געפֿלויגען!
מיט 10 דיא בעסטע פֿערד וואָלט מען מיך נישט געקענט דעריאָגען....
איך וואָלט דיר געווינשט צו זעהן וויא מ'גלאַנצט מיט אַ פּאַאר אויגען,
מיט מײן טאַנצען וואָלט איך דיא גאַנצע קלויז צוטראָגען....
איך וואָלט געקלעטערט אויף דיא גלײכע וואַנד! — נאַ, וואָס ווילסטו נאָך?
מיט מײן שרײען וואָלט איך באמת אין הימעל געמאַכט אַ לאָך....
נוטע יודען וואָלטען מיך געקאָסט אַ סך, אַ סך;
נאָר ווען? — בעפֿאָר לאָמיר זעהן „דיא שין אָלף ר״ד״!
דאָס ערשטע וואָלט דער גבאי, בײ מיר פֿעטש געחאַפּט — נישט קײנער,
און — וואָהין, אַרויס פֿון דער שול! דײן פֿוס זאָל זיך דאָ נישט געפֿינען!
אַ שולכען מאַך איך אַלײן! — דוא הערסט? דוא גנב אײנער!
און אַז דוא ווילסט קענסטו בײ מ י ר שױן פֿאַר אַ שמש דיענען!!
פֿאַר בטלנים וואָלט איך דאָרט געמאַכט אײן אונטערן אויווען ברײט,
און רײבט אײך, חברה! קראַצט אײך דאָרט אויף וואָס דיא וועלט שטעהט!
תּראָפּעס געהניצט, גרעבצט, מהוט א״ך נאָך אַ זאַך....
נעמט אײך עפּעס געבען אַ גביר פֿון „שין אָלף ר״ד״.

תקן וואָלט איך געטרונקען ניט פון גלאָז נאָר פון בעקקען
דיא באַנק צו סוועטשען, האָב איך אנגעגרייט גוטע הימאָרידען
א שטריימעל וואָלט איך מיר געמאַכט פון 13 טהייערע עקקען,
אַזא שטריימעל געפינט איהר ניט ביים רייכסטען גוטען אידען;
איך וואָלט צו שיקט מיינע גבאים אין ישיבות און אויף ירידים,
איך וואָלט מיר געהייסען חאַפּען 13 טריסקער חסידים,
און פון ז י י זיך א שטריימעל געמאַכט! — איהר פערשטעהט דיא זאַך?
דאָס קען זיך פערגינגען א גביר פון „שין אָלף ר״ך!“
א באַד וואָלט איך געמאַכט — נאָר, להבדיל, א מזבח! —
א מקוה וואָלט איך געמאַכט אין דער ערד מ י ע ף אנגעזונקען —
ס׳הייסט מיר אויך כשרה מקואות? — ס׳הייסט מיר אויך א ריח —
ביי מיר וואָלט מען נעזעהן וויא א מקוה דאַרף צו שטינקען....
און לויפט, פרומע ווייבלעך! — פליאַסקעט אייך, שווינקט אייך!
אָן נעלד? — לאָז זיין „אָן געלד“ — באָדט אייך, טונקט אייך טרינקט אייך
זיים מקיים „פרו ורבו“ — פלאָדערט אָן יודעלעך א סך....
און פאַרקוסט אייך אויף מיר — א גביר פון שין אָלף ר״ך! —
8 חנוכה ליכטלעך וואָלט איך אָנגעצונדען אין א לעמפּיק?
800 איז מעהר, און ווייסט, וואָס הייסט א נס!! —
פאַר א שמש וואָלט איך צוגעסלעבט צו דער וואַנד א וועקסין סטרעמפּיל
א שטיקעל, וואָס ברענט אפילו ניט קיין מעת־לעת?
איך וואָלט א ח ב ר ה ־ ש מ ש א ף י י ן צו דער וואַנד גוט צוגעבונדען,
און וויא ער שטעהט און נעהט אזוי איהם אָנגעצונדען....
און — ברענן, ממזר, וויא א ליכט! — נאַ, ניט געגרעדט קיין סך!
און נעה לאָד מיך! — איך הער דיך שטאַרק — אז איך האב שין אָלף ר״ך,
פ ו ר י ם וואָלט איך מיר פערגינט, וואָס קיין שום גביר אין דער וועלט:
איך וואָלט מיר באַצווינגען א ה מ ן פון דער שטאָדט שושן אליין!....
אָבער א געזונדען עמלק, איהם אין שול אריינגעשטעלט,
און וואָלט איהם געליינט א מגילה. וואָלט איהר דאָס געזעהן:
איך וואָלט דער ערשטער צו מיט כעס: „ביסט דאָ דוא יונגאַטש!
דוא האָסט יודען געוואָלט קוילען?“.... א קנאַק אין פּיסקאַטש,
און קנאַקט ווייטער חברה! קלאַפּט! קלאַפּט א סך!
איך מיין רעבנוגנ! איך צאָהל! איך האָב „שין אָלף ר״ך!“

חנדות חאָבען יודען? — נא דיר אויך חנדות! — ווייס איך!
פרעה׳ס מכות זיינען אויסגעמאָהלט, מען זעהט ניט אָן א וואָרט,
איך וואָלט זיי געוויזען איין „הגדה של פסח“.
אז מען וואָלט ביי מיר דיא מכות טאַקי אָנגעטאָפּט אויפ׳ן אָרט:
„צפרדע“, וואָלט מען געזעהען טאַקי וויא פרעש שפּרינגען ארום,
„כנים“, וואָלט מען געזעהען כנים קריכען אומעטום
„שחין“, פּארחעס? — וועל איך זיי ווייזען ביי אונז א סך!
און „מכות בכורות“ האָט דאָך יעדער, וואָס איהם פעהלט שין אָלף ר״ך
און תשעה באב, וואָלט איך גלאַט אויף דער ערד געזעסען?
איך וואָלט מיך מיט מיין עולם געזעצט 9 איילען אין דער ערד!
א גאַנץ יאהר וואָלט איך דיא פלעה נישט נעגעבען וואָס צו עסען,
און יעצט צולאָזט זיי אין דער קלויז — שפּרינגט טיטוסעס פערד!
בייסט אונז! זויגט אונז! שבורט אייך אָן מיט אונזער בלוט....
אז ס׳וועט וועה טאָן וועט מוזען אויפ׳ן חורבן וויינען גוט;
דען וואָס פאר א יוד וויל דען וויינען באמת א סך,
און דערמאָנען ירושלים, אז ער האָט „שין אָלף ר״ך?....“
ווער וואָלט געקענט דען דענמאָלט נעגען מיר זיך שטעלען משונת,
ביי דער אויקציאָן פון „עליות“ און פסוקים „אתה הראת“?
אז פאר איין פסוק פליהט א כ״ף־הייער, פאר איין עליה, א קאַטערינע!
אצונד קומט קויפען צו מיר, איך פערקויף אייך, מהיכי תיתי!
ס׳איז דאָך א סחורה, פאר וואָס נים? — אבי גיבט א גוטע פריין;
אלא ניט? — מעג זיא ביי מיר פוילען! צוגעסען מעג זיא מיין,
איך מעג דערלייגען! — ניט קשה! — איך האב געלד א סך,
דער רוח וועט מיך ניט נעהמען — איך האָב „שין אָלף ר״ך“.
וויא גוט איז דער גביר, ער קען זינדיגען א סך!....
ער האָט מיט וואָס זיך אויסצוקויפען פון זיינע זינד און צרות
א גאַנצען וואַגאָן מיט ברעקליך וואָלט איך צו תשליך געשיקט צום טייך,
און מיט א גאַנצע שטייג מיט היהנער וואָלט איך געשלאָגען כפרות.
געפעלט אייך דיא הושנא׳לעך! נאָר א קינדער שפּיעלכען,
א גאַנצען בוים וואָלט איך מיר געהייסען ברייננען אין שולכען!
איהר פערשטעהט וויא דער שטענדער וואָלט געוויטצט א סך!
אזוי מעקט מען אָב עבירות, אז מ׳האט „שין אָלף ר״ך“.

און אזוי וויא דיין „צאן קדשים“ קען אָהן קיין מנהיג זיין....
וועל איך זיי פיהרען — טהון טובות — גיבען אלע עצות,
איך וועל זיין זייער בעל־טאקסע, זייער גבאי, זייער עלטעסטער מאן,
שלישית־געלטען און עולמות, וועלען לינען אויף מיינע פלייצים,
איך וועל אלעם פיהרען אין שטעדטיל פון אל״ף ביז אין דער ת״ף...
וויא גוט איז צו זיין א פאסטוך, נאָט! ביי דיינע „הייליגע שאָף“!
זיי מעלקען זיך אזוי וואויל.... און גיבען „וואָלל“ א סך....
בפרט דעם פאסטוך וואָס ער אליין האָט „שין אָלף ר״ך“....
דערפאר וועל איך זיי „שמחת תורה“ משקה שטעלען, ע, ע!
און לעקאך פון איהר פארטוך וועט זיא טהיילען מיין ווייב אליין!....
איך וועל שרייען: „צאָן קדשים!“ און זיי וועלען ענטפערן „מע ע ע!“
„צופריעדען מיט אייער גבאי, צאן קדשים?!“ — „מע“ — שיין!
(אלע וועלען שרייען „מע“ — קיינער חלילה נים — „בע“....)
„צופריעדען מיט אייער בעל־טאקסע? צאן קדשים!“ — „מע־ע־ע!“ -
און ביים לעבען און דערנאָך וועלען זיי מיר ערשט נאָכזאָגען א שבח
אַנגאָ טאטעניו! גוען זעה איך שוין דיינע „שין אָלף ר״ך?!“....

---

עס איז שוין ערשיענען צווייא נומער'ן מוזיק פון דיא בערירהמטע פיעסע,

# „דער ישיבה בחור“

אראנזשירט פיר פיאנא אונד וויאלין, בייא ל. פריעדזיל.

---

1) „דער קדיש“ פיר פיאנא, . . פרייז 20 סענט.
2) „אל מלא רחמים“ פיר פיאנא, „ 20 „
ביידע צוזאמען פיר וויאלין, „ 20 „

---

# א המן-טאַש מיט מאָהן*)

## פון א. גאָלדפאַדען.

מענען דיכטער בעזינגען דיא שעהנע נאַטור
דיא בלומען דיא לופט און דיא שטערען!
מענען זיי בעזינגען געליעבטע א פאָר
זייערע פריידען און זייערע טרערען!
צונעגעסען האָבען זיך מיר שוין דיא שירים
מיט זיי טאַנצט נים מיין לירא אין קאָהן
איך בין א יוד!.. ביי מיר איז היינט פורים!
א המן־טאַש בעזינג איך מיט מאָהן.

* * *

מעג א פאָניע פרעסין א חזיר מיט חריין
א פראַנצויז — פון אויסטערין פראקעס
מעג קיין א יענקי טשור־טאָבעקקא מיט דיא ציינער
א משומד א קונעל מיט ראקעס;
מענען לעקען אידענעס טשיקענס מיט פלאָמבעס
מיט איין הכשר א פאַטענטירטען האָהן
מענען שלינגען טיראַנען דינאַמיט באָמבעס;
א המן־טאַש וויל איך מיט מאָהן!

* * *

ביי מיר איז ער איין אנדענק איין פיראַמיד....
מיין געשיכטע האָט מיר איהם געגעבען....
ער דערמאַנט מיך שטענדיג, וויעפיעל דער איד
האָט המן׳ס געהאַט אין זיין לעבען:

---

*) דיעזע ערהאבענע פאעזיע איז געדרוקט געוואָרען אין פאָלקס־[illegible] צוויי
מיר דרוקען דיעזעס געדיכט צום דריטען מאָל, וויל זיא פערדיענט או דיעזע וואָס
ן איהר געלעזען, זאָלען איהר נאך א מאָל לעזען און דיא וואָס האָבען איהר ניט געל
לען איהר יעצט לעזען און האבען פערגניגען פון איין עכט פאָעטישעס ליעד.

פערלעגער.

מיניסטאָרען, קעניגע, ווילינע אזיאַטען
יערער מיט זיין פיינדליכע פּאָהן
אנטיסעמיטען און גלאט באנדימען,
שונאים — וועלעכע אין המן־טאַש מאַהן.

* * *

און מיט א טריאומפף פון זיין שלאכטפעלד, דיא שול
קומט יעקעלע אהיים, מיט גדולה,
אהן בלוט, אהן רויב, אהן געפאנגענע פיעל....
ער טראגט נאָר אהיים זיין — מגילה!
ער פערגיעסט קיין בלוט, אין איהם ליעגט רחמנות
ער איז קיין רוצח־קוקט איהם אָן!....
ער זיננט מיט געדולד, מיט קרעכץ מיט א תענית
און פערבייסט א המן־טאַש מיט מאָהן.

* * *

ניט איין קאנאָנע, ניט איין קריעגס־מאשין
האבען זיך צערשמעטערט איבער זיין קעפּיל....
און וויא שטאָלץ פערטהיידיגט זיך יעצט נאָך זיין זוהן
מיט דעם הילצערנעם פראסט המן־קלעפּיל. —
און שרה זיין ווייב, אויף דער מפּלה פון המן,
גרייט א קראנץ איהרע העלדען אָן:
איהר זיעגעס־קראַנץ פלעכט זיא ניט אויס פון בלומען
א המן־טאַש מאַכט זיא מיט מאָהן.

* * *

און דוא איד, וואס שעהמסט זיך מיט דיין נאמען אליין!
און בעטעלסט פריינדשאפט ביי אנדערע אומות....
מיין נישט, אז אין דיא אויגען ביי זיי האסטו חן,
זיי האססען דיך, ביזט זיי אויף נמאוס!
עפענט איהם אויף, אידען אייערע הייזער,
א ברידערליכען כוס גיעסט איהם אָן!
וואס טוינ איהם דיא שונאים׳ס פריינדשאפט מיט הדר
א המן־טאַש גיעבט איהם מיט מאָהן!.....

# דער הֶסְפֵּד.

(פאבעל)

איבערזעצט פון העבראיש פון אליקום צונזער.

א מגיד האט א מאל א הספד געמאכט:
„געמט אייך — זאגט דער ספּרן — רבותי, אים אכט
אויף דעם מת, וואס ליגט פאר אונזערע אויגען
מיט א שווארצען פלאשין דא איבערגעצויגען.
ערשטווינט דארף מען ווערען צו הערען זיינע שבחים,
קיינער איז ניט אומשטאנד צו געהן אין זיינע דרכים!
אז קיין פליישינ'ס, קיין מילכינ'ס האט ער נימאלס געגעסען;
אויף קיין שטול, אויף קיין ביינקעל איז ער נימאלס געזעסען;
קיין משקה, אויסער וואסער, האט ער נימאלס געטרונקען,
א שטיקעל לעקאך אין בראנפען נישט געפרובט איינטינקען.
ער האט נימאלס געפרובט מיט א מענשען זיך קריגען,
האט איהם ווער געזידעלט, האט ער תמיד פארשווינען;
נישט געמישט זיך אין קהל, נישט געזאגט קיין דעה;
אויף זיין לעבען נישט געוואוסט קיין צורת מטבע;
פון זיין כשר'ן מויל איז ניט ארויס קיין קללה,
עס האט נימאלס געפרייהט איהם זיין שונא'ס מפלה,
קיין שנאה אין הארצען, פאריבעלס, פערדראסען; —
האט קיינמאל פארנומען זיין חברה'ת א גראשען,
רויטשילד'ס פארמעגען האט מען געמענט איהם געטרויען;
האט עהרליך געפיהרט זיך, נישט געקוקט אויף קיין פרויען...
צו צוואנציג יאהר איז דער דאזיגער נפטר געשטארבען;
האט אזוי פיעל מדות אין א קורצער צייט ערווארבען,
פיר קינדער האט ער קיין קאפיטאל נישט געקליבען,
קיין גראשען ירושה איז פאר זיי ניט געבליבען.
ער האט שטענדיג, עליו השלום, געדייזט אין דער וועלט,
אויסען געוועזן מדינות, אללע הויפט־שטאדט ניט געפעהלט,
דאך האט ער אזוי ווענינ געגעסען דיא וועלט.

האט אין שטוב נים געגעבטינט, שטענדינג אויף דער קעלט;
נים חלילה, ווייל ער האט געוואלט איינשפארען געלד,
נאר מחמת ער האט מותרות נים פערלאנגט, נים געוואלט.
איך שוויער אייך מיט אללעם, וואס היילינג איז נאר,
איך האב נישט פערגרעסערט אפילו א האר;
אז איר וועט אליין איינקוקען זיך אין זיין טוידטען פנים,
וועט איר דערקענען זיינע מעלות מיט אלע סמנים".
און רעדענדינג האט ער אפגעדעקט דעם מ ת אויף דער ערד,
און דער עולם האט דערזעהן.... א געפיינערטען פערד.

* * *

הספדים אזעלכע הערט מען אללע ווילע,—
נאר שבחים פון „נים": דאס נים און יענעם ניין;
נאר לויבען מיט „נים" איז נאך גאר נים קיין מעלה,
איהר וויזט אונז דעם „יא",—וואס טויג אונז דער „ניין"?

---

# דיא שלעכטע צייטען.

פון ד. אפאטהעקער.

מעלאדיע פון „ווחאזשו אדין יא נא דאראגו"

---

1.

חעו איך געה אליין אין סטריט ספּאצירען,
— דיא פאבריקען שטעהען לעהר און שטיל;
ארבייטס־לאזע זעה איך הונגרען פריהרען,
ליידען נויט און עלענד זעהר פיל!.... בים.
ענגע הייזער שמוציג צום ערשטיקען,
מענשען בלאסע, גרינע, וויא פערברענט!
כ'פיהל דאן שווער מיין הערץ פון שמערץ ערדריקען
כ'זיפץ און פרעג מיך: „ווען וועט זיין דאס ענדע?"

2.

װעלען דיזע בלאסע לייבען שאפען,
איט[illegible] נאר פאר וועניג רייכע לייט?

און אליין אויף עווינ בלייבען שקלאפען,
שקלאפען אימער, און דיא עווינקייט?.... ביס
בלען אימער זיי דיא הענרע שטרעקען?
— בעטלען ארביים פיר א הונגער לאָהן?
ווען מען אימער זיי נאר דארפען וועקען,
פרעגען: „ווען ווען זיין דאס ענדע שאהן?“

3.

ווען דאָס עלענד דיזער ארבייטס=מאסען
אימער ברעכען יעדעס פאטער הערץ?
— זעה, וויא קינדער שמאכטען און דיא גאסען,
מיטער אויסגעהן לעבען זיי פון שמערץ.... ביס
ווען זיי ניעמאלס דיא פערנונפט און רעגען?
ווען ניט פלאַטצען זייער נעדרוקד אוים לייד?
ווען מען אימער, עווינ דארפען פרעגען:
„ווען ווען זיין דאָס ענד?“ איהר ארבייטס לייט!

4.

ווען נאך פרייהייטס־גייסט ניט אויף דיא מאסען?
רעגט דיא שקלאפעריי ניט אויף זיין מוטה?
ביז דיא פעלקער אלע גאנץ ערבלאסען;
ביז דיא נוט ווען ברעכען גאנץ זייער מוטה!.... ביס
ניין איך זעה זיא ברעכט מיט מאכט דיא קעטען!
פרייהייטס פאהנע איז שוין אויפגעשטעלט!
וענ פיר גלייכהייט איז שוין אויסגעטרעטען!
גליק און פרייד בעהערשט דיא גאנצע וועלט!

---

# דריי הונדערט מיט צעהן וועלטען.

(ש״י עולמות.)

דער הערר גאָטט זיצט אויף זיין שטוהל
נים ווייט פון דעם גן עדן,
קומען צו איהם צדיקים פיעל
און ווילען מיט איהם ריידען,
„וואָס ווילט איהר, זאָגט ער, מיינע קינדער,
וואס איז אייך עפּעס קשה?“
האט אנגעהויבען יעדער בעזונדער
צו זאגען זיין בקשה.
מיט דעם קאָפּף איינגעבויגען
שטעהט זיך יעדער אויף זיין אָרט,
גאָטט קוקט צו מיט דיא אויגען,
טהוט א שמייכעל און רעדט קיין וואָרט.

דאָ קומט דער רב מיט דער יורה דעה
און קוועלט פאר גרויס הנאה,
ער קרייזעלט זיך ביי דער פאה
און גלעט ביא באָרד דיא גראָהע.
„איך האָב געלערנט, זאָגט ער, דיינע קינדער
יאָלען האבען פאר דיר מורא,
און האב זיי געוויזען דיא גרויסע וואונדער
פון דיין הייליגער תורה,
וויל איך גאָטט מיט דיר ריידען
זאָלסט מיר צינדערסט פערגעלטען,
מיר איז ווייניג דאס גן עדן
איך וויל דריי הונדערט מיט צעהן וועלטען.“

באלד קומט דער הזן אויך צו נעהן,
מיט דעם גראָבען פינגער ביים נאָרגעל,
„איך האב, זאָגט ער, געדאווענט שעהן,
מיט א שטימע וויא אן אָרגעל,
איך האב געדאווענט פלאי פלאים,
איך האב געלייענט אין דער תורה,
שבת, יו״ט, ימים נוראים
צו דיר לעבעדינער בורא.
וויל איך גאָטט מיט דיר ריידען,
זאָלסט מיר צינדערט פערגעלטען,
מיר איז ווייניג דאס גן עדן
איך וויל דריי הונדערט מיט צעהן וועלטען.“

דאָרט בלייבט איינער פון ווייטען שטעהן
מיט א גרויסען לאמטער׳ן,
„איך בין, זאגט ער, א שמש געווען
איך האב געמוזט דיא שול אויסקער׳ן,
איך האב געוועקט דעם עולם סליחות
און האב געבעטען אויף חתונות און ברית׳ן,
איך בין געגאנגען אין היילינע שכיתות
און נאר צופליקט און צוריססען.
וויל איך גאָטט מיט דיר ריידען,
זאָלסט מיר צינדערט פערגעלטען,
מיר איז וויינינ דער גן עדן
איך וויל דריי הונדערט מיט צעהן וועלטען.“

דא קומט דער שחט מיט דעם מעסער
פערשטעקט א האלבען קאפטען,
„איך בין, זאגט ער, „פון אלע גרעסער“
און דערצעהגט דיא בריהשאפטען:
„אין איין מינוט א קוילע א בדקי
און א סרחה אראפ גענומען,
איך בין געלאָפען פון דער יאטקי
זוכען אן אורח א פרומען.
וויל איך גאָטט מיט דיר ריידען,
זאלסט מיר צינדערט פערגעלטען,
מיר איז וויינינ דער גן עדן
איך וויל דריי הונדערט מיט צעהן וועלטען.“

דא קומט צו געהן אויך דער מוהל
און זאגט, ער איז א גרויסער בריאָה,
„איך האב געקענט דיא מלאכה וואויל;
חתיך מציצה און פּריעה,
געשניטען געזוינען און געריסען
און אליין געמאכט דיא ברכה.
אויך אויף אלע ארימע ברית׳ן
אליין געמאכט דיא מכבה.
ווער איז נאך פון מיר גרעסער?
איך וויל דאס דוא זאלסט מיר דאס פערגעלטען,
אט איז דער נאגעל און דאס מעסער
איך וויל דריי הונדערט מיט צעהן וועלטען.“

# דריי הונדערט מיט צעהן וועלטען.

(ש"י עולמות.)

דער הערר גאָטט זיצט אויף זיין שטול
נים ווייט פון דעם גן עדן,
קומען צו איהם צדיקים פיעל
און ווילען מיט איהם ריידען,
„וואָס ווילט איהר, זאָגט ער, מיינע קינדער,
וואס איז אייך עפּעס קשה?"
האט אנגעהויבען יעדער בעזונדער
צו זאגען זיין בקשה.
מיט דעם קאָפּף איינגעבויגען
שטעהט זיך יעדער אויף זיין אָרט,
גאָטט קוקט צו מיט די אויגען,
מהוט א שמייכעל און רעדט קיין וואָרט.

דאָ קומט דער רב מיט דער יורה דעה
און קוועלט פאר גרוים הנאה,
ער קרייזעלט זיך ביי דער פאה
און גלעט די באָרד די גראָהע.
„איך האָב געלערנט, זאָגט ער, דיינע סינדער
זאָלען האבען פאר דיר מורא,
און האב זיי געוויזען די גרויסע וואונדער
פון דיין הייליגער תורה.
וויל איך גאָטט מיט דיר ריידען
זאָלסט מיר צינדערסט פערגעלטען,
מיר איז ווייניג דאס גן עדן
איך וויל דריי הונדערט מיט צעהן וועלטען."

באלד קומט דער חזן אויך צו נעהן,
מיט דעם גראבען פינגער ביים נאָרנעל,
„איך האב, זאָגט ער, געדאווענט שעהן,
מיט א שטימע וויא אן אָרגעל,
איך האב געדאווענט פלאי פלאים,
איך האב געלייענט אין דער תורה,
שבת, יו"ט, ימים נוראים
צו דיר לעבעדיגער בורא.
וויל איך גאָטט מיט דיר ריידען,
זאָלסט מיר צינדערט פערגעלטען,
מיר איז ווייניג דאס גן עדן
איך וויל דריי הונדערט מיט צעהן וועלטען."

דאָרט בלייבט איינער פון ווייטען שטעהן
מיט א גרויסען לאמטער׳ן,
„איך בין, זאגט ער, א שמש געווען
איך האב געמוזט דיא שול אויסקער׳ן,
איך האב געוועקט דעם עולם סליחות
און האב געבעטען אויף תחינות און ברית׳ן,
איך בין געגאנגען אין היילינע שכיחות
און נאר צופליקט און צוריססען.
ווייל איך גאָטט מיט דיר ריידען,
זאָלסט מיר צינדערט פערגעלטען,
מיר איז ווייניג דער גן עדן
איך וויל דריי הונדערט מיט צעהן וועלטען.“

דא קומט דער שחט מיט דעם מעסער
פערשטעקט א האלבען קאפטען,
„איך בין, זאגט ער, „פון אלע גרעסער“
און דערצעהגט דיא בהיהשאפטען:
„אין איין מינוט א קוילע א בדקי
און א סרחה אראפ גענומען,
איך בין געלאָפען פון דער יאטקי
זוכען אן אורח א פרומען.
ווייל איך גאָטט מיט דיר ריידען,
זאלסט מיר צינדערט פערגעלטען,
מיר איז ווייניג דער גן עדן
איך וויל דריי הונדערט מיט צעהן וועלטען.“

דא קומט צו געהן אויך דער מוהל
און זאגט, ער איז א גרויסער בריאה,
„איך האב געקענט דיא מלאכה וואויל;
חתיך מציצה אין פריעה,
געשניטען געזוינגען און געריסען
און אליין געמאכט דיא ברכה.
אויך אויף אלע ארימע ברית׳ן
אליין געמאכט דיא מכּה.
ווער איז נאך פון מיר גרעסער?
איך וויל דאס דוא זאלסט מיר דאס פערגעלטען,
אט איז דער נאגעל און דאס מעסער
איך וויל דריי הונדערט מיט צעהן וועלטען.“

דא בקייבט איינער נאקעט שטערן
אהן תחתונים מחילה
ער איז ניט אזוי ארים נעווען
ניט אויסגעלאסען חלילה.
„איך בעט דיך גאָטט, גיב מיר קצבה,
מאך ניט קיין אונטערשיעד,
איך האב קיין מאָל ניט געטהאָן קיין מצוה
נאר איך וויין דיר אז איך בין א יוד.
ווייל איך גאָטט מיט דיר ריידען
זאלסט מיר צינדערט פערגעלטען,
מיר איז ווייניג דאס גן עדן
איך וויל דריי הונדערט מיט צעהן וועלטען."

דא קומט איינער גיך צו פליהען
מיט א שטריימיל מיט פיעל שפיצליך,
און א קאפטען מיט העקליך אנגעטהאָן
צוריסען אויף פיצפיצליך.
דער רעבינס הסיד איז געקומען
האט דערקענט א יעדער,
מען האט שוין געהאט א גוטען סימן
אין זיינע שעהנע קליידער.
ער לויפט און שפרינגט, וויא א צאפ
און שרייט: „שקצים מאכט מיר פלאץ"
און זינגט זיך אויף צו א קאפ
און טהוט ביים בערדיל זיך א קראץ.

בעטראכט דיא קליידער דערך און דערך
וואס עס טראגט, דיא היילינגע צרה:
אויף דעם שטריימעל, אויף דער וועדך
ליגט א מצה שמורה.
אויף דיא שפיטצען חנוכה לעכטליך
און א מזוזה אויף דער נאָז,
ארבע כוסות אין דיא פלעכטליך
פון דיא פאות נאך דער מאס.
אויף דעם שטערען צוויי פאָר תפילין
און א שופר אויף דער צונג,
אין דעם מויל א כוס א פולען
פון קדוש און הבדלה דער הייל

אויף דעם בערדיל א בינטעל סכך,
און א יום כפור ליכט אנגעצונדען,
לולבין, אתרוגים אויך א סאך,
און א הושענא אנגעבונדען,
א רעדעל פון שבועת אנגעטהאן
אויף דעם האלז וויא א שררה,
אין דער האנד א גראנער מיט א פאָן
א פאלענבוינען מיט א כפרה,
פון שבועות א מילכיג קרעפּיל
און פון פסח א קניידיל,
א מוצא מיט האָניג, א שאָפ'ן קעפּיל
און פון חנוכה א דריידיל.
און דיא ליפּען זיינען פערשמירט
מיט בלוט פון א מציצה
און דיא פיסלעך אויסגעציערט
מיט שיך פון א חלוצה,
אין טלית קטן און איי מיט אש
און א קראָפּ פון שמחת תורה,
ער טהוט א שפּרונג מיט גרויס קוראַזש
און שטעלט זיך פאר דעם בורא.
„איך וויל, זאגט ער, מיט דיר ריידען
זאלסט פאר דעם אללעס מיר פערגעלטען,
מיר איז ווייניג דאס גן עדן,
איך וויל מיליאָנען מיליאָנען מיט וועלטען.“
און גאָטט בעטראכט דיא היילינע צורה
מיט דער גאנצער כתה
אפשר פופציג טויזענד אירע
ועמען מיט איין ביטע
און ער ציעהט אויף מיט דער פּלייצע
און האלט סיים אויס דאס לאבען
ער געפינט גאר ניט קיין עצה
וואס ער זאל מיט זיי מאכען.
„וויא קען איך, זאגט ער, אייך פערגעלטען
חאָטש איך בין דער גרויסער גאָטט.
וואו זאָל איך נעהמען אזוי פיעל וועלטען?
און איז ארויס באנקראָט.

---

# צום פעדלער׳

— פאָן —

## אליקום צונזער.

.1

וויא לאַנג וועסטו אידעל, אַרום געהן און פעדלען?
אונד פאַללען צו לאַסט, בייא דיא שכנים אין לאַנד,
וואָס שרייען אין צייטונגגען אונד שטעכען וויא נאָדלען:
„דער איד איז אַ שנאָרער, אונד שטעללט אויס דיא האַנד“.
דען וואָס איז פעדלען? נאָר בעטען נדבות!
אַן׳אַלטער, אַ קראַנקער, געהט פעדלען ביים קריסט,
מאַן נעהמט פון זיין באַסקעט, אַ פין, אויף קאַטאָוועס,
אַז דאס זאָל ניט הייסען: מאַן שיינקט איהם אומזיסט.

.2

עס גיבט בייא דיר פעדלער, אין קאָנטרי וואָס רייזן
אונד פאַרקויפען דזולערי — קופער פאַר גאָלד;
אונד טאָר זיך שוין קיין מאָהל, אין קאָנטרי ניט ווייזען,
דען ער וואָלט באַלד, מיט זיין לעבען באצאָהלט...
קומט נאָך איהם דאָרטען, אַ פעדלער אַ צווייטער,
ער מאָג זיך שוין גראדע וויא ארענטליך זיין:
געכמיגט אין דרויסען, אין שלעכטעסטען וועטער,
אונד קיינער לאָזט איהם, אין אַ שטוב ניט אַריין!

3.

ווִיא שוּוער אוּם, ווִיא בִּיטער, אִיז פֶעדלֶעשער לֶעבּען,
פערוואָגעלט זִיא קִין, וואו טאָג אוּנד וואו נאַכט,
צוּ הִיטץ אוּנד צוּ קעלט, אִיז ע״ איבּער געגעבּען,
קײן הײם אוּנד קײן רוּה, אוּנד אִיז שטענדִיג פערשמאַכט.
שלעפּט אוֹיף זִיך פּעק, וועלכע איבּערען כח,
בּעקוּמט נאָך פוּן לוֹיפער אַ יישר דערפאַר;
דער וואַרפט אִיהם מִיט שטײנער, דער שפּאַלט אִיהם דעם מוֹח,
זײן אָרעמער לֶעבּען אִיז רק אין געפאַהר!

4.

וואָס זוּכסטוּ זִיך אִידעל, אַ זעלכע פּרנסות,
וואָס מאַכען דײן נאָמען, צוּ שפּאָט אוּנד צוּ שאַנד!
נעה לעז אִין דִיא צײטוּנג, אוֹיף דִיר לִיעבּע דרשות...
זײאַ בּעסער אַ פאַרמער, אוּנד נעהם זִיך צוּ לאַנד.
האָבּ דִיר דײן הוֹיז, אוּנד דײן פעלד אוּנד דײן גאָרטען
זײע דאָרט אוּנד פּלאַנץ דאָרט, מִיט אַללעמען גלײך,
ווִיא עהרלִיך, ווִיא זִיכער, דײן לעבּען אִיז דאָרטען,
אוּנד האָסט נאָך אַ טשאַנז, מִיט דער צײט ווערען רײך.

5.

עס קוּמען צוּ טעגלִיך, רק גרינע אוּנד גרינגע,
אוּנד יעדערער האַפט בּאַלד דעם בּאַבּקעט אִין האַנד;
זעה זאָלסט נִיט לײדען, ווִיא יענע פוּן כינא...
וואָס זײנען פערווערט הִיער, צוּ קוּמען אִין לאַנד.
פערגעס נִיט, דוּא אִיד, אַז פוּן אַללע וועלט טהײלען
אִיז הִיער צוּ אַנטלוֹיפען, דײן אײנציגער פּלײס —
ווען דוּא זאָללסט חלילה אָט דִיא לאַנד פערשפּיעלען,
יזאוּ לוֹיפט מאַן שוֹין דאַמאלסט?... אוֹי, זאָגט זִיער עס ווײס!

6.

וואו איז דעם באַראָן הירש, דיא גרויסע נדבות,
ווארום לאָזט איהר שלאָפען, אָט דעם קאַפּיטאַל!
וואו זייט איהר גבאים, איהר שטאָדט בעלי טובות,
וואָס זוכט איהר ניט מיטלען, צו העלפען דעם כלל?
לאַנד אין אמעריקא, איז לייכט צו קריעגען,
בעזונדערס עמיגראַנטען, גיט לעהרער צו זייא
זייא זאָללען זיך לערנען, זייא זאָללען זיך קליעגען,
צו זייען, צו פּלאַנצען דאָרט, פּרוכט אַללערלייא.

7.

וואָס זינגט איהר פּאָעטען, פון בלומען פון פייגלעך,
דאס ליעד האָט לאנג שוין, איהר צייט אָבגעלעבט;
דאָס פּאַסט צו פאַרשלעפּערען, קינדער אין וויגלאַך,
גיט בעסער דעם קראַנקען, זיין היילונגס רעצעפּט.
איהר זעהט אייער פאָלק, ליעגט יעטצט אין סכנות,
מאן רעדט פון זייא העכער... וואָס קען זיין דער סוף?
גיסט צו, צו דער מוזע, איין טראָפּפען פון רחמנות.
אונד פיהרט אויף אַ וועג, דיא פערבלאָנדזעטע שאָף!

8.

ווער שלייפט מיר דיא אויגען, צו קוקען פון ווייטען,
אך! ווער וואָלט מיר געבען, אזא טעלעסקאָפּ;
איך זאָלל קענען זעהען, דיא גליקליכע צייטען,
וויא פעדלען אונד שווינדלען, בייא אידען אַראָפּ
איבעראַלל זאָלל איך זעהען, נור פאַרמער פון אידען,
אונד לעבען צחאָממען, אין שלום אונד פריד...
דאַן וואָללט מיין הארץ זיין בערוהיגט, צופריעדען,
אונד איך וואָלט זייא זינגען, דעם „שניטערס“ א ליעד!

# שיבת ציון.

שארסביב עיניך וראי כלם נקבצו בארלך וגו'.
(ישעיהו מ"ט י"ח)

1

וואס זעה איך דורך דיא שויבען
עס פליהען אָן וויא טויבען,
מיין יוסף מיין בנימין, קלאפּען אין מיין טהיר.
אך הימעל גאָטט דיא וואונדער!
איך זעה דאָך מיינע קינדער,
דיא ליעבסטע, דיא טרייסטע, קומען אָן צו מיר.
אוועק אזוי פיעל יאָהרען,
געמיינט איך בין פארלאָרען,
א אלמנה א פארוויסטע, לײדיג ביי מיין טיש......
מיט אייך וויא איז געגאנגען,
צייט מי האט אייך גיפאנגען?
וואָס מאכט יהודה און אפרים? גיט מיר א נערוס!

2

אויף גאָטט ניט לארעמט קינדער;
אָט דאָס איז גאָטעס וואונדער,
דיא פינסטערנעס ווערט שטארק, איי עס ווערט טאָג. —
ביי דער ערשטער גאולה,
איז דאס אויך געווען דיא פעולה,
דער לאסט צו לעצט ווערט גרעסער, אז משה שרייט מיט קלאָג -
מי איז אייך דן להוכה,
און דאָס איז גראָד א טובה,
איהר זאָלט בויען אייער צענטער, דריקט מען אייך מיט נוים —
דיא נביאים וואָלטען אייך ניט טרייבען,
וואָלט איהר דאָרט פארבלייבען,
אָן אייער בונד און נאציאָנאַלנאָסט, בלייבט דאָך אונגעבוים! —

3

עס לאכען מיינע שנאים,
„וואָס האָט עס פאר א פנים,
„אז עטליכע קליינע אידלעך טרעטען אָן מיין פּאָל.
„ציא קען מען זיי דען טרויען,
„ציא וועלען זיי דען בויען,
„מיין ישוב מיין בעוואָהנונג, וויא עס איז געוועזן אמאָל? —
ניין!

ראָס מחט איהר פאר גלייבען,
צו דיא גרעסטע טייבען
פאנגען זיך אָן וויא א שנייל, פון א קליינעם קוואל.
עס פאלען איהר צו שטראָמען,
ביז עס שטיינט איהר נאָמען,
און איהרע מאקסטען מיט דיא זעגלען, גלענצען איבעראל. —

4

אהער קומט יענע יאָהרען!
איך בין יונג געוואָרען,
איך וואָרף אראָפּ מיין טרויער, אהער מיין זיידען קלייד!
פול ווערט מיין הויז ווידער,
עס הויבט דאס הארץ דיא גלידער,
פיעל פון מיינע קינדער, פאָהרען אַן מיט פרייד.
פון שמחה טרעהרען פליסען,
לאָזט מיך האלדזען קיסען,
רוהט אייך אוים ביי מיר דיא ביינער, מיינע הערצינס געסט!
איהר וועט ביי מיר קריגען,
אלע פערגעניגען,
איהר וועט נים וויסען, פרעמדע טישען, נאָר דיא מוטערס קעסט....

5

אָם דיזע חייניג מענשען,
וועט דיא וועלט זיי בענטשען,
פארלאָזען הייזער, גיטער, גלאַנץ, און גליק און פראל
מענשען געשטודירטע,
הויך ציוויליזירטע,
ווילען זיין קרבנות פאר דעם גאנצען כלל......
זיי האָבען זיך בעשלאָסען,
אויף אלערליי פארדראָסען,
נאָר אָפּצוראמען אלע שטיינער, וואס ליגט אויפ׳ן וועג....
צו ליידען שווירינגקייטען,
וויא אין משה׳ס צייטען,
און זייער נאָמען בלייבט מיט עזרא׳ס׳ ביז דיא לעצטע טעג! —

# רבי יעקב משלם,

## אָדער יודקע באצאָהל.

### דער איד.

אין שול אַ פּלאַטץ מוז ער דינגען צוא קויפֿין
בה״ב אין דיא פּושקעס, וויא קען זי׳ן פֿאַר פֿעלט ? !
אַף דיא אַלע ראַסקלאַדקעס, זיינע דאָללערלאַך לויפֿין,
חונים שמשים, שיק רגל־געלט.
היינט פּורים מגילה־געלט, מחצית השקל,
שבת, יום־טוב, גאָר אַ טאָרג פֿאַר דער קריאָה —
דער שמש אויף דער בימה, (וויא דער מאַקלער מיטין שטעקיל)
צאָהל „שילינג״ און „שילינג״ פֿאַר דער קלענסטער עליה,
אַנאַנדערער ווען ער וויל גיין אין קירכע,
האָט ער פֿרייא זיין וועלט,
עס קאָסט איהם נאָר אַ האַלב שעה טרחה,
אָבער ניט קיין גראָשין געלט ;
און דער אָרעמער ישראליקיל, מוז קויפֿין בילעטין,
אַף דעם פֿרעמדין טעאַטער־דער־וועלט.
ווילסטו איד דאַווגען, ווילסטו גאָט בעטין,
טוא גיב ברודער געלט !
אָה ! שמאָקצעט חברה, שמאָקצעט דעם אידין !
אַפּ דערויף זייט איר נישט פֿויל !
דאָס אין אַ ווייכינקער ביינדעלע, פֿול מיט זאַפּט,
וואָס צו גייט דאָך פראָסט אין מויל......

### דער איד.

אז ער וויל נעבאַך קויפֿין, אַ פֿונטעלע פֿלייש,
דען ער האָט שוין קיין קרעפּטין, פֿון דיא טרוקענע ברויט,
מוז ער צאָהלין קאָראָפּקע, מיט זיין ביטערין שוויס,
ער גריזעט דיא ביינער, און אים שינדט מען דיא הויט,
דער גוטינקער בוטשער מיט דיא ליבהאַרציגע נאמנים,
מיט דיא גראָבע בייכער, מיט דיא קערקלאַך דיא דיקע,
מיא בערייסט דעם גימיינעם, ער האָט דאָך שוין קיין פּנים,
איבער דיא שעפּסעלאַך לוהמען זיך, דיא חיות דיא דויקע;
אַנאַנדערזיר פֿאַר פֿינף צוא זעקס קאָפּייקען,
בעקומט ער פֿלייש דיק און פֿעט,
פֿאַר שפּאָרט נאָך אויך זאַלצין פֿלייש און ווייקין,

אַנגעשמאַק איהם אין מויל, אונ אין בויך אַ זעט;
אונ דער איד מוז עסין מיט אַ פּלאָמבע פון דער קהילה
דערפאַר וועט ער האָבען יענע וועלט.
ווילסטו כשר פלייש עסין, קיין טריפה חלילה,
טאָ גיב וע ברודער געלט!
אָה! פיטערט אייך כוללניקעס אויף דיא אידעשע לאָנקע,
פאַר אייך איז דאָ אַ גליק,
דאָ איז אַ גרינע פּאַשע, אונ אַ הויכער גראָז,
אָקסין ווערין דאָ פעט און דיק....

## דער איד.

פולע בתי מדרשים, מיט דיא אַליץ ישיבות,
שלעפּט ער אויף זיך אָן אַשיעור, אָן אַברעג,
אי ליכט, אי קאַראַסין, אי אַלע ויילע נדבות,
אי פודין וויס ברויט, אי דיא גאַנצע וואָך טעג.
היינט אָפּ גיגעטע עלוים, ישובעשע חתנים,
פאַר זעסענע בהורים, און אַלטע פּרושים,
קינפטיגע מגידימלאַך, מלמדים בין הזמנים,
מנהלים, משגיחים, מיט דיא אונטער שמשים. —
אַנדערער איז פרייא פון אַלע לאַסטין,
קיין שטייניער ליגט איהם אויף זיין וועג,
פון רוביל עודף, בלייבט באַיי איהם אין קאַסטין,
קיין פרוש וואָכער, קיין קלויזניק טעג,
און דער אָרעמער ישראליקיל, ווערט אויס גיריסין,
פון דעם הויקער וואָס הינטין וואַקסט אויס,
וויא ער וויל נעמען אין מויל נאָר אַ ביסין,
רייסט דער הויקער פון הינטין אַרויס......
אָה! רייט אויף דער קלאַצקע חברה קבצנים,
רייט כל זמן זיא לעבט, —
היינגט זיך אָן דאַרמאָ־יעדניקעס, וויא פיל איד זוילט,
דיא קליאַצקע זיא טוהט און שלעפּט ..

## דער איד.

אַז ער ווערט גילאַדען אויף אַ שמחה, אַמאָל אין אַ חודש,
נעהמט מען איהם באַרייכין, וויא ער עכט נאָר אָפּ פיש,
בעטערס און סאַרווער, און אַלע כלי קודש,
און פופצין קבצנים מיט דיא טעלער ביין טיש,
אויף זעקס שעה נאָך אַנאַנד ווערט ער פאַר זעסין,
גידריקט און גיקוועטשט, שוויץ מחותן שוויץ!

ער וויל נעבאַך שלאָפֿען נייט מען איהם עסי,,
דעם מאָגין פֿאַר דאַרבט ער, און פֿאַר קהילט ויר פֿון ה״ן ....
אַנאַנדער אַז ער ווערט ערגעץ גילאַדין,
גיניסט ער פֿערגעניגען ־פֿיעל דער בייא
ניט זיין קעשענע ליידעט דערבייא קיין שאַדין,
ער עסט און טאַנצט, און שטענדיג פֿרייא;
און דער אָרעמער ישראָליקיל, קען נימאַלס געניסין,
פֿערגעניגין פֿון זיין שטיקיל וועלט.
ווילסטו זיך פֿרייען, טוא ווער אויס גיריסין,
און גיב נאָך ברודער געלט!
אָה! שמאָקצעט חברה וויגט בייא דעם אידין,
וויגט און ציהט דיא בריסט,
שוין טויזינדער יאָהר אַז איהר וויגט און איהר בייסט,
אַנטוואָהנען וועט מאַן אייך אייביג נישט!....

## דער איד.

אַז ער ווערט שיין זאַט מיט בזיון מיט בושה,
ער קען שוין ניט אויס האַלטין, און פֿאַרלאָזט שוין זיין וועלט
גיפֿינט זיך דאַמאָלס, אַ חברה קדישה,
מיא בעגאַזעלט דיא יתומים, און מיא רייסט קבורה געלט,
אַז ער האָט גילאָזין ירושה, פֿאַר זיינע עלענדע קינדער,
גיפֿינט זיך אַ חברה, וואָס מיא שטעלט וייא ברלות,
אַפֿי׳ן בית עולם דיא שמשים, דיא גאַבאַיטעס באַזונדער,
צאָהל זייא פֿאַר גערטעלע, פֿאָדעשקע, פֿאַר סיבה, און טליה.
אַנאַנדערער אַז׳ס קומט זיין צייט צו שטאַרבין,
קיין חברה־ס פֿון איהם אַהאָר גיניסט;
מיליאָנען געלט מאָגין דיא קינדער אַרבין,
זיין גראַב זיין ערד גיט מען עם אומזיסט:
און דער אָרעמער ישראליקיל, קען קיין מנוחה ניט קריגין,
אַפֿילו ווען ער לאָזט שוין דיא וועלט.
ווילסטו איד שטאַרבין ווילסט אין דער ערד ליגין....
טאָ גיב זע ברודער געלט! —
אה! ־ופעט חברה! חברה קדישא!
אויף דערויף זייט איהר דאָך גיבויט,
שערין, און מעלקין, איז גוט ווען דער שעפס לעבט,
און שינדען ווען ער איז טויט!......

# פאלקס ליעדער

פאן א. צונזער.

---

## דער אייזערנער שראנק.

1.

צייט חכמה איז געוואָרען געמעהרט
האָט מען אונז א נייעס פאָרגעשטעלט
א אייזערנער קאסטען ערקלעהרט
וואָס דאָרט זאָל זיין זיכער דאָס געלט
מיט אייזערנע שלעסער
פארשלאָסען וואָס בעסער
זיכער וויא אין קייזערליכען באנק
פארוואָרענט צו זאמען
פון גנבים פון פלאמען
דאָס רופט מען א אייזערנעם שראנק.

2.

געווים איז א שכל א וואוילער
פאר היינטינע נייע קאנטאָרען
זיכער פון פייער פון שטויהלער
זיכער אויף אייבינע יאָהרען
איך בין אייך אלץ מוחל
נאָר ווען איז דאָס א שכל
אז עס ליגט נאָך דאָרט עטליכע פראנק
אָבער היינט איז א צרה
עס איז נאָר א סברה
א קאנטאָר מיט א ליידיגען שראנק

מיין פלאן איז בעסער פון אללעס
איז דען זייער שומר א שלעכטער
זייער איינעגנס היט דאָך דער דלות
וואָס דארף מען א בעסערען ועכטער ?
נאָר דאָס קען מיר פארדריסען
צו איך זאָל נים וויסען
מיין מעות טהוט מיר נאָר באנק
איך וואָלט זיך געשוואָרען
דאָרט לינען לאָראָרען
כסוף איז א ליידינער שראנק

4.

דער שראנק איז א ביישפיעל א גוטער
גענען דיא היינטינע וועלט
דיא געשעפטען גייט זויער און ביטער
דער פנים מיט א מאסקע פארשטעלט
פון היינטינע פרנסות
איז ווייניג הכנסות
קרעדיט ווערט אלץ שוואכער און קראנק
מען פוצט דיא בנינים
דיא קליידער דעם פנים
און דיא קעשענע איז א ליידינער שראנק.

5.

דאָרט קענט איהר זעהן וויא אין א שפיענעל
איינער רופט זיך איינענטהימער פון א הויף
און ס'שוין ניטאָ אזוי פיעל ציגעל
פיעל ער איז אויף איהם א בעל חוב
א בעל חוב אויף דיא טויערען
איבער דיא אויערען
מען רופט איהם אָבואָוואטעל איבער דאנק
עס נעפעלט מיר דער שכל

איך גיב מיר א שמייכעל

אט דאס איז א ליידינער שראנק

6.

דארט שטייט א פאדריאדציק ביין טאָרג

און אפולארעס האלט ער אין דיא הענט

נאָר ער האָט עס גענומען אויף באָרג

און צאָלט דער פאר גוטע פראָצענט

ער נעהמט אָטסטופנאָיע

ווייל מען קען נים דיא בריח

דען ער זעהט אויס וויא באנקיער דע פראנק

עס געפעלט מיר דער שכל

איך גיב מיר א שמייכעל

אָט דאס איז א ליידינער שראנק.

7.

ווינטער אין פראָסט גייט איינער

א פראנט, א נאָנאָלאנט מיט'ן שטעקעל

פון קעלט טרייסעלט איהם זיינע ביינער

דען וואס קען איהם וואַרעמען זיין רעקעל

און זיין תירוץ איז א גוטער

אז ער ליבט נישט קיין פוטער

זאנאר מען זאל איהם שיינקען א געשאנק

עס געפעלט מיר דער שכל

איך גיב מיר א שמייכעל

אט דאס איז א ליידינער שראנק

8.

דארטען זיצט איינער ביין גמרא

אזש פייגלעך פארברענען זיך פון פלאם

אין א טלית מיט א זילבערנע עטרה

און תפילין פון רבינו תם

און יתומים אלמנות

רייסט ער אהן רחמנות

חעלבע יענע ויינען שוואך און קראנק
עס נעפעלט מיר דער שכל
איך ניב מיר א שמייכעל
אט דאס איז א אייזערנעוי שראנק.

9.

דארט פארט א מגיד איבער שטעטלאך
זאגט זיינע מוסר און תורה
לסוף איז דאס געליהענע פשט׳לאך
ער נעהמט אויף קרעדיט זיינע סחורה
איז א בור דאורייתא
איך וויים קלאר דיא מעשה
אידעשקייט איז אויך ביי איהם קראנק
עס נעפעלט מיר דער שכל
איך ניב מיר א שמייכעל
אט דאס איז א ליידיגער שראנק

10.

דארט זיצט א רבי נעבויגען
און זינגט א פארגעטערטען ניגון
פלאסקעט, און גלאצט מיט דיא אויגען
אז מלאכים פאלען וויא פליגען
איך זעה נאר זיין גבאי
וויא ער זאגט צו עולם הבא
דער פאר טראגט מען פדיון מיט דאנק
עס נעפעלט מיר דער שכל
איך ניב מיר א שמייכעל
אט דאס איז א אייזערנער שראנק

11.

דער קויפט דיא גרעסטע עליות
מצות קאסט איהם א רעכטע מטבע
איז קיין מאל ניט שווער אויף יציאות
וואו עס איז נאר צו כבוד מטבע

און א פאטער א אלמען·
חיל ער נים אויסהאלטען
וואס יענער איז עלענד און קראנק
עס געפעלט מיר דער שכל
איך גיב מיר א שמייכעל
אט דאס איז א ליידינער שראנק

---

# דער צבועק.

עושים מעשי זמרי
ומבקשים שכר כפנחס (סוטה)

1.

ווייא מיר מודה מיין ווייב דעם פסק
בין איך דען נים פון דיא חכמים
אז איך בין באמת א צבועק
און וויין זיך אוים פאר א צדיק תמים
איך צאפ דאך שטענדיג פרעמדע בלוט
איך בערייס יתומים און אלמנות
איך עס מיר טרפות גאנץ בארוהט
איך טהו בשתיקה אלע פסלנות
מיין הויקער דארף נאר זיין גערא̈טען
דיא אוינען פערגלא̈צט גיין אין נאם
דיא ציצית מיט דעם טלית קטן
דיא פיאות׳לאך פון מקוה נאס
דיא נייע וועלט רופען זיי פויכעס
צו שילמען זיי, נים ווערען מיד
דאן שריים דיא וועלט שוין מיט קולות
אז איך בין א צדיק א איד.

2.

אלע שלישית נעלט, מיט אלע נחי״ש
און פון שותפים אלע במותום

ווען דאס גייבער גנבענען פון דיא מאנטע
טראגט מען צו מיר פון אלע רוחות
פאָרט ווער אפּ אויף יענער וועלט
ביי מיין קרעטשמעל מאכט ער פּאַפּאַס
איבער דיא יורשים'ס גאנצע געלט
מאכט מען מיר פאר א אפּוטרופּוס
ווי איך ווער שוין אין פעדערען ווארעם
מאך איך מיר מיין קונץ באזאכט
אין דער פריה פלוצלונג מאך איך א ליארעם
אז מען האט מיך בעגנבעט דיא נאכט
עס קלאגען שוין יתומים אלמנות
און מיר כלומרשט ווארפט אויף אין קעלט
אידען האבען אויף מיר נאך רחמנות
„וויא דעם צדיק גייט שלעכט אויף דער וועלט"

3.

ווען איינער איז מיר מיט א ווארט נוגע
איז ער שוין גלייך מקבל נזיפה
דארום ביי קהל איז מיינע דיא ערשטע דעה
מיין שטול איז אויבען צו יעדער אסיפה
אלע געלטען פון דיא נאבארען
וואס מען צאהלט מיר וואכער נאך דיא סדרות פון ילוח
פון אלע נאלאגען, פון סועטשני סבארען
בין איך דער צדיק דער גאנצער בטוח
איך וויס קיינעם נים קיין חשבונות
ווער סמייעט ביי מיר פרעגען שצאט
דען אויף יענעם זוך איך שוין עונות
איך זאג אז ער לייקענט אין גאט
דין תויז דין נעזינד גייט פערלארען
דין פרנסה נעהם איך צו פון תאנט
דער נאך מאך איך איבער דיא יאהרען
און בעקלייד איהם אין שווארצע ניטאנס.

.4

דיא שטאט מוז טאנצען נאך מיין ניגון
קיינער רעט ניט אויף מיין סחורה
ווארום ארום מיינע מילכיגס טאנצען זיי וויא פליגען
און דער וואלט שוין ריידען האט ער מורא
מיין סחורה ווערט קיין מאל ניט פארלעגען
עס שיינט עס לייכט, מיין שילד מיין דגל
ווען איך קוילע מענשען, גלאָץ איך מיט דיא אויגען
איך דארף נאר קרעכצען, ווען איך צוריים מיט דיא נעגעל
מיין סחורה האלט איך שטענדיג אפען
סייא שבת סייא יום טוב סייא וואך
קיין רב וועט מיר דערפאר ניט שטראפען
דען מיט אטלעס פארדעק איך דיא מאך
שלישי קומט מיר מיט גבאות
מיט הקפית מוז איך פריהער גיין
דיא הכנסות פון שול מיט הוצאות
דער נאמן בין איך נאר אליין.

.5

פון אלע קצבות מאך איך דיא סמעטע
פאר געפאלענע בעלי בתים יחסנים
נעהם איך פריהער פאר זיך אראפ דיא פעטע
און דיא פּאָדראָנקעס פאר דיא קבצנים
אויף דיא גייע לעהרער, וואס לערנען שרייבען
מאך איך אסיפות פון מיינע דעפוטאטען
איך דריק זיי איך שטיק זיי, פון שטאט צו פערטרייבען
דען צו מיינע קונצען קען עס גרייזלאך שאטען
דו קענסט דאך אט דעם עזות פנים
געוועזען א לעהרער ביין היגען בעל הבית
האב איך אנגערעדט ביעגלא יונים
און געמאכט איהם א פאלשען דאנאס

דיא ווייבס גיסען טרעהרען איז בלאטע
וואס זייא זיצען שבתים אהן ברויט
איהם פערשיקט ראסטאנסקא ראטע
און דיא קינדער צו שטארבען פון נויט.

6.

מיין נישט מיין ווייב אז דאס גילט נאר איצטער
דאס האט נאך געגאלטען אין ירושלים
דער פאלשער נביא דער פארשפיצטער
האט פארדעקט זיין טומאה מיט יראת שמים
זיי האבען פעביל בגזלת בערויבט
מיט פאלשע נביאות מיט ווערטער טרייע
און דער המון האט אין זיי געגלויבט
א פולע מעהר וויא דעם נביא ישעיה
מיכהי'ן פאצט מען אין פנים
ירמיהו'ן געזעצט אין אסטראג
זכריהו'ן פאר גיעסט מען דיא דמים
מיט דיא פאלשע נביאים'ס פארזאג
צו ריידען ווער וועט עס סמייען
אז דער וואלף גייט אין א שעפסען פעל
און כל זמן דיא וועלט וועט זיך דרייען
איז דיא סחורה ביי אידען ראיעל.

---

## צוא שפיל.

* * *

1.

אם האט איהר אייך א ריינעם שפיגעל
וויא שכל גיים צו שטראנד
זילבער ווערט געפרובט אין טיגעל
מענשען אין פארשטאנד
זעהט איהר יענער גלאצט דיא אויגען

הייכלאך ווי א בלום

נייט דעם קארק צו דר'ערד געבויגען
מיינט ניט דאס איז פרום
ניט אלץ איז גאלד וואס שיינט פון ווייטען
זעהט זיין האנדעל נאר מיט לייטען
קען ער מיט דאללער'ס זיך שטראפירען
אט דאס איז ניט פארשטעלט.
וויל מען מענשען ריין פראבירען
דיא פראָבע איז נאר ביי געלט

2.

דער האט דעם אידענס בוך געלעזען
און עס האט איהם ניט געארט
פיעל משיחים איז געוועזען
וואס האבען אונז גענארט
געגאנגען ווינטער אין אייז מקואות
מיט מופתים אונז פארטויבט
דער עולם האט געהאט א טעות
און אין זיי געגלויבט
מיר האבען דעריבער פיעל געליטען
מען האט אונז פיעל געברענט געשניטען
היט אייך שוין פון דער סכנה
פון מענשען וואס פארשטעלט
דען זייער ציעל און דיא כוונה
איז כבוד אדער געלד.

3.

דיא צבויאקעס מאכען קיילע
דעם שם פון פרומע לייט
מען פרעגט שוין היינט א נייע שאלה
אויב פרום איז עהרליכקייט
וויל דער צבויאק איז פול חטאים
און בעט נאך געצאלט דער פאר

גויא זמרי מחום ער מעשים רעים
וויא פנחס בעם ער שכר
און ווייל דער עולם איז ניט זיכער
דארום פערלאזט מען פרומע גיכער
קוקט אייך אום פון אלע קאנטען
צו זיים איהר ניט פערקויפט
שעצט דעם פרומען וויא בורליאנטען
פון צבריאק אנטלויפט.

# דיא פערשיעדענע וועלט.

1.

איין ערד טראָגט אונז אלעמען אויף איהרע פליענעל
איין זון בעלייכט אָרעם און רייך
דיא איין שטיקעל וועלט איז גלייך צו א שפיענעל
ניט אלעמען זעהט זיא אויס גלייך
פאַר דעם פרומען איז א יעריד יעדער טאָג
ער האנדעלט סחורה און שלעפט אין הויז
פאַר דעם אומגליקליכען איז דיא וועלט א אָסטראָג
ער האָפט פון איהר צו ווערען לויז
פאַר דעם גליקליכען איז דאס א גאָרטען א סאָד
ער האט פערגעניגען פון יעדער גראָז
פאַר דעם נארען איז דאס א באָד
ער הערט א טומעל און וויים ניט וואָס
און פאַר רשע דעם דיב
איז דאס א שחיטה שטוב
דעם מילדען זעהט דיא וועלט אויס
פונקט וויא א חתונה הויז
פאַר דעם גערדיקטען זעהט זיא אויס קלאָר
וויא דיא שטרייט פון דיא פיש דאָרט אין טייך
הכלל דיא וועלט איז איינע נאָר
און ניט אלעמען זעהט זיא אויס גלייך.

2.

פאר דעם פרומען איז דיא וועלט א יעריד
פיעל ער מהומ איז איהם רק קארג
ער לערענט ער דאוונט קיין שלאף נעהמט איהם ניט
דען מארגען איז שוין נאכ'ן מארק
ער גלויבט אז דער לעבען איז ערשט נאך דעם טוידט
פאר דעם וואס האט גוטץ מיטגעבראכט
און ווער עס האט פרייטאג ניט אנגעגרייט
ביי יענעם איז שבת דיא ליפּען פארשמאכט
דען נאך דעם מארק איז שוין דיא קראמען פארשלאסען
דעריבער חאפּט ער וויא וויים ער קאן
דיא איינענע ציצית וואס דא קאסט א גראשען
קריגט ער דארטען ניט פאר א מיליאן
אויף יעדוויעדער שטראם וואס עס פליהט
שווינט ער און רעדט נעבעך ניט
וואס האט ביי איהם געלד פאר א ווערד
אז ער דארף קיין קארעטען קיין פערד
ברויט מיט וואסער אויב ער נאר האט
איז ער שוין א גליקליכער איד
הכלל פאר דעם פרומען דעם דינער פון גאט
זעהט אויס דיא וועלט א יעריד

3.

פאר דעם קלוגען איז דיא וועלט א חדר
זיין רבי איז דאס דיא צייט
ספרים לינען איהם אפען בסדר
דאס זיינען דיא מענטשען דיא לייט
א אפּענער ספר איז איהם דיא וועלט
וואס יעדער מענטש איז דארטען א בלאט
ווער עס פיהרט גוט, און וועלכער עס פעהלט
און דער קלוגער לערענט עס פון ביידען דעם משה
ער זעהט מענשען מען לויפט מען פליהט

דער נאָך בערלין דער נאָך פּאַריז
דער קלייבט קאַפּיטאַל, און דאָ לעבט ער נים
דער קלוגער בארעכענט אלץ וויא נארעש דאס איז
דער וויל ווערען רייך אין איין טאָג
ווערט ער פערפוילט אין אסטראָג
דער מאכט זיין קינד פאר א גביר
אויף דער עלטער צו שטעהן ביי זיין טהיר
און דער האט נים פון זיין גאנצען אדמאַן
לסוף אויף זיינע אויבינע קליידער
בכלל פאר דעם חכם פאר דעם קלוגען מאן
זעהט אויס דיא וועלט א חדר.

4.

דעם שוטה דעם נאר, זעהט אויס ביי איהם
דיא וועלט מיט איהר פּריראָד
דיא זון מיט דיא שטערען, מיט זייער סיסטעם
זעהט דאס ביי איהם אויס א באָד
אז ער זעהט אין הימעל שטערען אָן צאָהל
דאס יעדערע שרייט „גאָטט! וויא גרויס ביזטו!"
מיינט דער נאר אז ער הערט עס פון פּאָל
וויא מענטשען שרייען „דאוואי פּארו"
אז ער זעהט דעם ים וואס גאָט האָט בעשאפען
וואונדער אויף יעדער טריט אויף דר'ערד
חכמות פון מענטשען, מאשינען טעלעגראפען
האלט ער עס פאר א בעזים וואס מען שמייסט זיך דער מיט
האט קיין פארשטאנד צו פערשטיין
דעם נעבאי פון זיין קערפּער אליין
וויא קינסטליך יעדער גליעד איז געבוים
און דיא זעלע וועלכע בלייבט נאכ'ן טויט
פון חכמה פון בילדונג שמייט ער גאנץ ווייט
נייט ארום נאקעט דורך אויס
אז ער זעהט מען שטארבט, מיינט ער עס מען שרייט
„גראַאים פון באָד גייט ארויס

נאר דעם אונגליקליכען איז דיא וועלט א אסטראָג
וואס דיא צייט האט איהם אין קייטען געשמיט
דעם פרייען טויט בעט ער, ער האָפט אלע טאָג
נאר דער טויער ווערט דאָ שטארק געהיט
אין אונזער וועלט — אסטראָג זעהט מען פיעל ארעסטאנטען
וואס יעדער זיצט פאר אנאנדער חטא
דעם האט דער דלות פערצאמט פון אלע זייטען
מען משפט איהם טעגליך מיט א נייעם דעקרעט
ביי דעם האט פלוצלינג דיא געשעפטען געפלאצט
פון זיין גאנצע עשירות איז ער נאקעט ארויס
זיין כבוד זיין יחוס, האט מען שוין אויך אָפגעשאצט
דיא וואס קערין דיא גאסען דיא לאכען איהם אויס
דער האט רס קראנקהײַט אין הויז
ער וואלט ווערען פון דער וועלט שוין זיין לויז
און דער איז פון שונאים פערהאסט
אז דער לעבען איז איהם שוין צו לאסט
דער האט זיינע קינדער פאר דיא הענטלאָך געפיהרט
און ווערט עלענד אין איינע פינף טאָג
הכלל פאר אזעלכע וואס דיא צייט ארעסטירט
זעהט איהם אויס דיא וועלט א אסטראָג.

6.

נאָר פאר דעם גוטהערצינגען ווערט זיא בעטראכט
פונקט וויא א חתונה געווים
וואס אין זעקס טעג האט עס נאָט דיא סעודה געמאכט
איינגעקלאָרען דעם עולם צום טיש
און דער מילדער כיענש בעדינט דאָ דעם קעניג
אז עס זאל ניט פעהלען קיין פיש קיין געבעק
אז מען זאל ניט באריידין אז דיא סעודה איז ווייניג
ניט ער פון זיין חלק דעם צווייטען אוועק
ער זיצט ניט ביים טיש זיך פרייליך צו מאכען

פארזוערט ער פאר אלעמען וויא וויים ער קאן
ער איז שטענדיג עוסק אין קהלשע זאכען
און ער איז נאך א פארשטעהער פאר זיין נאציאן
און צום סוף אז ער דארף אהיים גיין
בעשיינקט ער דיא כלי זמר גאנץ שעהן
משרתים, און אזוי אן דער זייט
אויף הקדש אויף ארעמע לייט
דרשה געשאנק מיט גרויס מילדיקייט
אויף וואלטהאטין עולם'שע געלד
זעגינט זיך אפ מיט דיא חתונה לייט
און גייט רוהען אין זיין געצעלט.

---

# עלעגיע לעוואנדא.

## טרויער געדיכט

איבער דעם טויט פון ר' יהודה ליב לעוואנדא.

---

1.

פיסלעכווייס טריקענט אויס אונזערע קוואללען,
פערשוואכט ווערט פון טאג אונזער מאכט,
אונגעריכט איז יעצט א שטערן געפאללען,
פון דיא וואס בעלייכטען דיא נאכט.
ס'האט נאך ביי אונז נישט פערטריקענט דיא טרעהרען,
וואס גארדאן, סמאלענסקין, אונז פעהלט;
דארפען מיר פלוצלינג דיא בשורה דערהערען
לעוואנדא, נישטא אויף דער וועלט!!
האלט אפ נאט דיין האנד!
שטראף נים נאך אנאנד!
אפרוהען לאז אונז עטוואס...
וואס קען פון אונז זיין?
צו אפט ניסט אונז איין
טראפינס פון בימערען קוס! —

2.

דיער פיעל מיה האסט דוא זיך פארגנעבען,
גנעשילדערט דיין פאָלק, און דיא צייט;
און דיינע ווערק שפּיגעלט זיך דייער לעבען,
דיא גוטע און דיא שוואכע זייט.
דעם פערגנעניגענס דורסט זוכסט דוא צו לעשען,
דיין ציעל האט ביי דיר מעהרער ווערטה,
שטענדיג אליין און דיין צימער געזעססען,
דיין פאָלקס־לאגע אימער גנעקלערט
קיין דענקמאל ברויכסט דוא,
פון שטיין, אויף דיין רוה,
קען דיך פערגעסען ווער ניך!
ווער דיך האט גנעקענט,
בויט א מאנומענט,
גאנץ טיעף אין הערצען ביי זיך. —

3.

גליק פאר זיין פאָלק פלעגט ער ווינשען און האפפען,
געפיהלט שטארק זיין פריידע און שמערץ,
אויב עס האט אידען וואו, עטוואס געטראפען,
ערדענט דאס איהם באלד אויף, זיין הערץ.
אונגליקען ועלכע גאנץ אָפט מיט זיי שטרייטען,
פערשוואכען איהם באלד זיין געזונד,
סיבות וואס קומען פאָר דיא לעצטע צייטען,
שטירצט איהם אין גאנצען צום גרתה, —
פיל זינען נייט צור שטראנד!
פיעל נייט עס פערשטאנד,
מיט איהם אין קבר אריין!
פיעל וואלסט דוא געבראכט,
הילפע און מאכט,
ווען דיא וואלסט נאך ביי אונז זיין! —

לאנג און טריי דינט ער דיא האָהע מלוכה,
אלס יודע — געלעהרטער אין לאנד,
און דאפיר ועהלט איהם אויס גאטטעס השגחה
צום אפוואשען ריין א בלוטשאנד.
דאן ווען א כלבול האט זיך אָנגעפאנגען,
בעשולדיגט דאָרט מענשען מיט בלוט!
דאן איז ער מוטהיג מיט אמת געגאנגען,
און איינגעשטעלט דעם פייער גלוט.
דוא שמיצע! דוא וואנט!
דיין פערדער אין האנד!
דוא טרייער פאָלק'ס פאטריאָט!
דוא אויסנאהם! דוא בחיר!
מען פערליערט אין דיר,
קאפיטאן פון אונזער פלאָט!



דיין שוואך פאָלק האט אין דיר איהר וואונש געקרענקט,
דיא שמוק ווארסט דוא אין איהר פארמעג;
יונגערהייט האסט דוא שוין א ליכט געטראָגען,
בעלייכטען פון בילדונג דיא וועג;
וויא דוא זעהסט אז „בילדונג" פערשטייט נים יעדער,
מען מיינט נאָר דעם אויסערין פוטץ —
ווייזט דוא גלייך מיט דיין סאטירישע פעדער,
אז ברייננט שאדען אָפט מעהר וויא נוטץ.....
אז'ס האט זיך ערוועקט,
דער ציונס-פראָיעקט,
אָפפערסט דוא אויף, דיינע טעג,
געשטרעבט שטארק צו איהר;
נאָר גאט זאגט צו דיר:
„שטארב דאָ ביים ירדן, ביים ברעג!

דאָ קלאָגט דיא װארחײט : „װיא זאל מיר נישט קרײנקען,
„דער טױט איצט פון דעם ליטעראט ?
„ריכטיג זאָ מאלען ! און ערנסט זאָ דײנקען !
„אויף יעדעס װערק ליגט מײן פּעצאט".
ציון קלאָגט : „איך מוז אין דרערד אװעקלײגען,
„מײן קינד װעלכער ליעבט זאָ פיער מיך !
„װײסרוסס געבארען, אין װילנא ערצױגען,
„און צפון פערשלינגט עס אין זיך !"
דײן נאמען דײן גלאנץ,
אה, פלעכט דיר א קראנץ,
פון בלומען דאָרט אויף דײן רוה ;
פון אונז אָפּט א טרעהרה,
בעלעבט דעם קראנץ מעהר,
אונפערװעלקט בלײבט ער װיא דוא ! —

# דער אלטער פאטער.

א.

א ביישפיל קען איך אייך מענשען געבען
דעם סוף פון מיר בעטראכט א צינד,
עס איז בעסער אויף דער וועלט ניט צו לעבען
איידער אנקומען צו א קינד,
איך האב אב געלעבט יאָהרען,
מיט כבוד און מיט געלד,
געהאנדעלט און געפאהרען,
געפיהרט גאנץ שיין מיין וועלט,
פערדינט כשר מיין גילדען,
מיט קרעדיט מיט עהרליכקייט,
געלאזט קינדער בילדען,
דיא זאלען ווערען לייט
מיין גבירעשאפט,
מיין גאנצע קראפט,
דורך מיינע קינדער ווער איך אָן,
היינט איז פאר מיר,
פערשפארט דיא טיהר.
איך האב זיך ניט וואו אהין צו טאהן.

ב.

מיינע מעבעל האט וויא גאלד געלויכטען,
מיינע בעט געוואנט איז געוועזן וויא זילבער פיין,
דיא פאקאיעס געמאלט מיט שיינע פרוכטען,
איך האב געמיינט עס וועט אייביג אזוי זיין,
און היינט שלאף איך מיט דוחק,
ביין זונן אין דיא קאלטע קיך,
צוארנע איז דארט און רויכ.

און דער הוסט רערשטיקט שוין מיך,
אך, זאל וואו עס שטייט דיא שטולען
לאזט דיא רינסט מיך ניט אריין,
ער וועט איינריכטען דיא דילען,
אום דער אלטער שווין,
איך שטעה ביין קיך,
און ווארעם מיך,
קומט אריין דיא שנור און מאכט מיר דהאל,
זיא שרייט שוין באלד,
מיט קולות גוואלד,
און אלע מעפ איז שוין דער אלטער פול

ג.

פאר קינדער האב איך מיין האלז נעשניטען,
נעווארען גראה און אויסגעדארט,
ברידער ! גאט זאל אייך באהיטען,
אזוי א עלטער וויא איך האב זיך דערווארט,
איי איך האב ערצויגען,
מיין קינד מיין בחור אליין,
האב איך צו פוילט דיא אויגען,
פון טרערען פון געוויין,
רופעלס איז נעשוואומען,
און קרעפטען ווערט מען אן,
איידער זייא בעקומען,
און מויל דעם ערשטען צאהן,
דיא פאקעלאך.
דיא מאזעלאך,
דער טאטע שטעלט זיין לעבען איין און קאן,
היינט טרייבט מען מיך,
ארויס פון קיך,
איך האב זיך ניט וואו אהין צו טאהן.

ד.

מיין זון אז איך ניב אוועק אין חדר,
מיט פערנעניגען בין איך נעוועזן זאט,
מיין טאכטער אז עס פלעגט אנטאהן נייע קליידער,
וואס פאר א נחת דער טאטע האט דאס נעהאט,
פלעגט דיא וויטאן איין אבר,

מוזט מיר נאך מעהרער ווייס,
געוואונשען זיך דעם קבר,
נאר א אויסבייטונג פאר דיר,
געלאָפען צו דאָקטוירים,
ווי א פערסאמטער פיש,
אין בית עולם אויף דיא קברים,
דערוועקט דאָרט א זכות.
זייעקע !
טאַכטינקע !
וויא קענט איהר זיין צו מיר אזוי פיעל פרעמד,
ועהט ! פערשטייט !
וויא דער מאמע גייט,
אין א פיצעל שוך און אָן א העמד.

ה.

מיין פריהלינג*) האב איך פערבראכט וואס פריער
אין מיין זומער האט מיר אויף דיא זונן געשיינט,
אין מיין הערבסט ברייננ איך אריין אין שייער,
אה ! וויא שלעכט מיין ווינטער גייט מיר היינט !
מיינע טייכען איז פערפראָרען,
דיא בלוט אין דיא אברים שטייט,
דיא פעלד פון מיינע יאהרען,
איז גראָה און ווייס פערשנייט,
דיא בלעטער פון מיין עלטער,
איז געל פון ליסטאפד,
מיין קינד איז מיר וואס קעלטער,
א פראָסט פון צוואנציג גראד,
איהר יונגער דור !
באַרעכענט נאר,

---

*) דעם מענשענס לעבען איז איינגעטהיילט קענען דיא פיר צייטען פון יאהר, פריהלינג, זומער, הערבסט, און ווינטער

איהר וועט אויך אַ מאָל וועדען אַלט,
דער פּראָסט עס ברענט,
איהר וועט הויבען דיא הענט,
און אייערע קינדער וועלען אויך זיין קאַלט.

ו.

מיין זון שיקט מיך צו דיא טאָכטער,
נאָר ביין איידים בין איך אויך ניט קונה שם,
דעם גאַנצען טאָג זידט ער און קאָכט ער,
אַח ! וויא איבעריג בין איך עם,
דיא יונגען אויך מיר האַלטען,
וויא דער איידים האַלט דעם שווער,
מיא וואַרפט זיך מיט דעם אַלטען,
דער אהין און דער אהער,
פערטריקענט איז מיין נאָמען,
נעהאַלעשט ביז זיינער צווייא,
שווער איז צו בעקומען,
פון יונג אַ גלעזעל טייא,
איך בעט גאָט ! דיך,
ערבאַרעם זיך,
נעהם שוין מיין נשמה צו ד...
שיקט דיין טויט,
צו מיר אין נויט,
איך זאָל ניט באַדאַרפען בייא דיא קינדער זיין.

# ∴ „חתן כלה" ∴

מיוזיק פון מאגולעסקי אונד פרידזעל.

1. דיא ביטש, 2. א תענוג ביי אידען, 3. אז גאָט וויל שיסט א בעזים,
4. די זיסע האָפנונג, 5. ענינו ביום צרותינו, 6. דאם ביינגעלע.

---

פּרייז פיר פּיאַנאַ (מיט ווערטער) יעדער בויגען 20 סענט.
פיר אַללע 6 בויגען צוזאמען 90 סענט.
פיר וויאָלין אין 1 בויגען 25 סענט.

# דער ליעדער-קראַנץ.

## פון מאַקס אַווראַמאָוויץ

I.

א געוויין א געשריי א יללה
גאַנץ שבט ראובן האָט גע׳
קלאגט און וויינט א צינדער
אלע ציון׳ס סינדער
וויינען קען איך היער ביי דיא טייכען פון בבל
פערלאָרען
אוי אוי מיין געלטוניו
אוי אוי מיין וועלטוניו
אזוי גייט דאָס געלד אַוועק אויף
שבת יום־טוב און ראש חודש
אומזיסט און אומנישט
וייל איך בין א איד
און בלייב א איד
דיא טהייערע טבע איז מיר געבליבען
בירושה פון מיין זיידען
אָנגעלאָדען מיט אלל דעם גוטס
מיט דיא שטעקן׳ס אין דער האַנד
ניין ניין ניין
רעדט אייך ניט איין
אזא שטעקין איז ניט געוועזן
און עס וועט ניט זיין, וויא
מיין טהייער יענקעלע
ער האָט שלמה׳ס מעלות
דערציייכען אויף אלעם
בין איך ניט אימשטאנד

אייך מיט אנאנד
דאָ צו דערציילען
אוי דאָס יודישע הערץ
אוי דאָס פּינטעלע איד
ווען ער ליעגט צוליינס
און זינגט זיך ברייט
אוי אוי מנוחה
אך וואָס הער איך?
א קול פון א רוח
ווער איז דאָרט גאָטט זאָל אייך בענשטע
קאָם מיט מיר
קאָם מיט מיר
קאַמרעדס קאַמרעדס
ברידערלאך האנד אין האנד
איך בין יוסף דעם טאַטין׳ס מפיניקיל
און איך בין בנימין דעם טאַטין׳ס מזוניקיל
מיר וועלען לעבען שיין און פיין נאָר
זאָל איך עפּעס בענעהרען
און דוא זאָלסט מיר נישט הערען
האב איך א טבע אז איך שלאָג
אוי שלאָגט מיך ניט אוי פּלאָגט מיר ניט
אוי וועל איך זיי שלאָגען
אוי וועל איך זיי פּלאָגען
וויא אין פּסוק שטייט, מיט
מלקות, מלקות, פייערדיגע מלכות
ביז מען דיא צייכען זעהט פון
דם צפרדע...... ערוב דבר שחין
ברד ארבע חושך אוי......
און אז מען זוכט געפינט מען......

II.

יא דיא ווינטען דאָס זיינען דיא פעלקער נעווען
דעם משל פערשטעהן מיר דאך גוט

נעפלאמט האָט דאָס בית־המקדש אליין
דער משל פאסט זיך צום
פייער, פייער, לעשט עס אויס אין דער גיך
עס ברענט, עס ברענט
קראַך טראַך האָט מען נאָר געהערט
פון דיא שלעק א שרעק
קעפ, פיס געפלויגען
וויא אויף פליענעל, וויא אויף פליענעל
פליהט צו מיר א יעדעס ווייב
ווער ווארפט דעם מאן
א טאָפ אין קאָפ אריין
א ווייב, א ווייב, א ווייב, א ווייב,
צו דיין ווייב׳ס יללות
מיט אלע איהרע קללות
גיב א בלאָז
א ווינטעלע
דאָס רעדעלע גיט זיך א דרעה
צוריק אהין פון וואנען דוא קומסט
נעה מענשעלע
נעה בעפעהל גאָט דער נשמה
ווען ער שיקט זיא אויף דער וועלט אראָפ
טיעפער, טיעפער, טיעפער, טיעפער,
אוי, אוי, אוי וויא צוקער זיס
וויא שעהן ביזטו מיין שעהנע כלה
דיין שעהנהייט איז דאָך גאָר א פראכט
נו לאָמיר פרווען אויף בטעות
דאָס הייסט מיר האָבעןביידע א טעות
אוי וויא האָניג זיס
סגלוסט זיך געבען א נאַש
אוי מאמא, מאמא, מאמעניו קויף מיר דאָס
אז דוא האָסט נישט און דוא קענסט נישט
מאך א שחיינ איז פיעל נעדינטער

איך וועל זיין מאמא און דוא וועסט זיין פאפא
מיט דיר אין איינעם
דארף איך נישט קיינעם
דוא פערזיעסט מיר מיין
טאראראַ בום די איי
טאראראַ בום די איי
וואָס זאָגסטו יואל
וואָס זאָגסטו יעקל
לאָז זיין
חתן כלה מזל טוב
חתן כלה מזל טוב אָבער
אויף דעם פריהמאָרגען
אויף דעם פריהמאָרגען
אוי וואָס האב איך דערזעהן
סאיז מיינע נישט און דיינע נישט
...... טענה נישט......
מיינע נישט און דיינע נישט
אוי סאם באָדי העז בין דער בעפאר.

III.

בעהיט פון אלע סכנות
עס זאָל איהם נאָר ניט זיין
פאסט יענקעלע א תענית
און גייט אין
שוהל אריין פסט ריין ריי....ן
און גייט אין שוהל אריין
און שרייט
אחד. אחד.
ווידער שרייען דיא דיר אחד
חאָטש ער שרייט אחד דעם גרויסען
וויל ער אז דוא זאָלסט אליין דיך שטויסען
אז ווען ער זאָגט אוי......
מיינט ער דיא [illegible]

אונד דער ליעבער גאָט זעהט אלעם צו און שווייג
ווייל אויף שווינדעל שווינדעל שווינדעל שווינדעל
אין אלם דינג געשטעלט
אויף שווינדעל שווינדעל שווינדעל שווינדעל
שטעהט דיא גאַנצע וועלט
יא שווינדעל פון דעם גרייז ביז
צו דעם קינד דאָרט אין דיא ווינדעל
אוי הימעל, ערד אונד
פס.... בשתיקה, בשתיקת
וועסטו עסין אין סוכה
תיסע באבקעלאך יודעלאך היים
אוי עססעניו עססעניו עססעניו
אַט דאַס איז דיא שעהנסטע זאַך
דאס קען איך אייך זאָגען
אז א פוללער מאגען
איז פיעל בעסער פון זיין רייך
אוי.... א חכם פון דער מה נשתנה
יאָקיל, יאָקיל איז דאָך נישט קיין נאַרר
מען רופט מיך אידעלע יאָקעלע
און איך מאך מיר נישט דערפון
די זאגען אז מיין יודיש קעפעלע איז
משונע מטורף קיין עין הרע
כי לעולם חסדו
אבער איך נאר אוים סודות ביי דיא קלוגע
און מאך זיי אלע דול משונע
און מהוא דער נאך א שפיעטצעל אם
ס'טהוט זיי אלע וועה
און קוועל און לאך פון
זה חליפתי זה כפרתי
זיי שינדען זיך אָפּ האלבע פּאָלעם
א יעדער צו דרייא איילען
און זיי לערנען אין דיא שקאָלעם

רעכענען און ציילען
וויל מען דארף היינט קיין מענשען פערוועהרען
מען דארף קיינעם! פריידע ניכט פערשטערען
נור מיר זאלען אייך פערשוויינען אזא זאך
דאס קענט איהר
אפשר ביי דיא טערקין
אדער ביי דיא חינעזין אבער אין
קראקוי, קראסוי
האט איהר אויך דאס פארגעשטעלט אז
מיר יהודימלעך
כשרה חסידימלעך
פאלגען זיין ליעבען נאמען דערפאר
האט אונז גאט בעשערט
האט אונז גאט בעשערט
א שיינעם, א ריינעם
חיים שמואל דעם נבאילעם
א אייניקעל פון דעם רבין ר' אבעלעס
דרך ארץ האט פאר
משה. רבינו מקור החיים
איז דאך אויך א פאסטוך געווען
דוד מלך ישראל חי וקים
איז דאך אויך
א פאסטוכעל איז געווען אמאל
אין דעם לאנד כנען
מים שאף און רינדער
אך מיין שעפעלע
ועסט מיר נישט פערלאזען זאג ניין!
אך מיין לעמעלע
לעמעלע מעע..
לעמעלע מעע....
דאס צינגעלע איז געפאהרען האנדלען
דאס וועט זיין דיין בערוף

ראָזשענקעס מיט מאנדלען
שלאָף זשע אידעלע
שלאָף מיין גאָלדען צינעלע
שלאָף אין דיין מאמעס ווינעלע
שלאָף מיין קינד שלאָף איין בשלום
הנה לא ינום ולא יישן
לא ינום ולא יישן
מיינט ניט אז נאט שלאָפט
תורה צוה לנו מורשו
מיין אינגעלע וועט זאָגען א דרשה
שלאָף, שלאָף, שלאָף, מיין קינד
שלאָף און זיי געזונד
גוטע נאכט גוטע נאכט
דאס ווערק איז פאָלבראכט
גוטע נאכט שלאפעט וואָהל
גוטע נאכט
זאָגט איהר אליין
זאָגט איהר אליין
צו האט איהר אזוינס נאָך געהערט צו געזעהן
איך האבע נור א שפאס געפיהרט
האט איהר אייך אמוזירט
דאן פרייט עס מיך
גאנץ זיכערליך
ווען אייך מיין ליעדער קראנץ געפעלט
יעצט צייגט מיר וואס איהר קענט
מיט פיסקלעך און מיט הענד
און קלאפט מיר צו
מיין פאָטפורי
בין איך צופריעדען געשטעלט
— געשטעלט. —